
טעאָדאָר הערצל


# געזאמעלטע שריפטען

צווייטער באנד

איבערזעצט פון אריגינאל

פון

יחזקאל ראבינאָוויטש


ליטעראַרישער פערלאַג, ניו יאָרק
1920


# אינהאַלט:

# צווייטע קאָנגרעס־רעדע.

(געהאַלטען אין באַזעל, 28 אויגוסט, 1898)

זינט מיר האָבען זיך צום ערשטען מאָל פאַרזאַמעלט האָט דער ציוניזם דורכגעמאַכט אַ קיילעכדיגען יאָהר. היינט זיינען מיר ווידער דאָ צוזאַמענגעקומען, ווייל מיר האָבען ניט געקאָנט גע־פינען קיין בעסערען אָרט, און ווייל אַ באַנד פון דאַנקבאַרקייט פאַרקניפּט אונז איצט מיט דער שטאָט, וואו אונזער באַוועגונג, פריהער אַ היימלאָזע, האָט געקאָנט אַרויסזאָגען אַלע וואונשען אין טענות פון געדריקטע מענשען.

די נייע אידישע באַוועגונג איז אַרויפגעשוואומען פאַר דער וועלט ווי אַ פרעמדע זאַך, וועלכע פיעל האָבען ניט געקאָנט באַ־גרייפען. מאַנכע האָבען עס אָנגענומען פאַר אַ שאָטען פון פאַר־גאַנגענע צייטען, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אַז דאָס אידישע פאָלק איז טויט און פאַרשוואונדען. מיר אָבער האָבען געהאַט אַ אומ־קלאָרען געפיהל, איידער מיר האָבען קלאָר געוואוסט, אַז דאָס איז ניט אמת. דער טויט איז דאָך אַ סוף צו אַלע ליידען, פון וואַנען קומט עס דען וואָס מיר לֵיידען ? דאָס ווערטעל פון דעם פילאָ־זאָף האָט ביי אונז זיך אַ ביסעל געענדערט : „איך לייד, לעב איך דאָך !" און ביסלעכווייז, וואַקסענדיג מיט יעדער נייער עולה, איז דאָס אונז געוואָרען אַלץ קלאָרער און קלאָרער, ביז אונזער פאָלקס־באַוואוסטזיין איז אויסגעוואַקסען. ניט אַלע האָבען עס שוין, אָבער

עס האָט אין זיך געגוג שטאַרקייט זיך צו פאַרברייטען. און באמת, עס איז געגאַנגען ווייטער און ווייטער, איז אריין אין די מוחות און אין די הערצער, האָט געוואונען אַלט און יונג, און דער ערשטער קאָנגרעס פון די ציוניסטען איז שוין געווען א דעמאָנסטראַציע פון דעם אויפגעלעבטען פאָלקס־באַוואוסטזיין. עס זיינען אָבער געווען מאַנכע ערנסטע און שווערע איבערטראַכטונגען געגען דאָס צוזאַמענרופען פון אַזא פאַרזאַמלונג פון בירגער פון פערשידענע לענדער. וועלען ניט אונזערע שונאים אויפהויבען געגען אונז די באַשולדיגונג, אַז מיר ווילען שליסען אַן אינטערנאַציאָנאַלען בונד געגען אונזערע קריסטליכע מיטבירגער? וועט ניט דורך דעם אונזער לאַגע אין די איינצעלנע לענדער נאָך פאַרערגערט ווערען? אנטקעגען דעם האָבען מיר פון אָנפאַנג אַן באַטאָנט מיט גרויס קלאָרקייט, און האָבען עס באַשטאַרקט דורך יעדע האַנדלונג אונזערע, אַז מיר ווילען דורכאויס ניט קיין אינטערנאַציאָנאַלען פאַראיין, נאָר אַן אינטערנאַציאָנאַלע דיסקוסיאָן. און מיר זאָלען עס דאָ נאָך אמאָל איבערזאָגען לזכרון עולם: עס קאָן ביי אונז זיך ניט האַנדלען וועגען שטילע חברות, געהיימע פאָליטיק־טרייבערייו און הינטערוועגען. מיר ווילען נאָר אַן אָפענע באַשפרעכונג פון אונזער געגענוואַרט און אונזער צוקונפט, אונטער דער שטענדיגער קאָנטראָלע פון דער עפענטליכער מיינונג.

אין אונזערע ווערטער האָט געמוזט זיין דער קלאַנג פון אמת, וואָרום דער קאָנגרעס האָט ארויסגערופען א סך סימפּאַטיע, אפילו ביי יענע וואָס זיינען פריהער געווען גלייך גילטיג אָדער אומפריינדליך צו די אידען. יעדעס עהרליכע פאָלקסטום, וואָס באַהאַלט זיך ניט אונטער פרעמדע מאַסקעס, האָט א נאַטירליך רעכט געאַכטעט און געדולדעט צו ווערען פון די אַנדערע פעלקער, אַזוי לאַנג ווי עס איז ניט אויסען זיי צו שעדיגען. אפילו אין אונזערע טעג, וואָס זיינען פאַרפינסטערט פון אַנטיסעמיטיזם, דאַרפען מיר ניט פאַרגעסען, אַז ניט לאַנג צוריק איז געווען א פיינערע צייט, אין וועלכער אַלע קולטור־פעלקער האָבען אונז געשענקט גלייכבערעכטיגונג.

זייער ווילען איז בלי ספק געווען א גוטער, אבער דער רעזולטאט איז ניט געווען צופרידענשטעלענד. זיינען מיר אין דעם שולדיג, אדער די אנדערע? ווארשיינליךביידע צדדים, אדער גיכער זיינען שולדיג אין דעם די אומשטענדען, וועלכע האבען זיך אויסגעבילדעט מיט דער צייט, און וועלכע לאזען זיך ניט אפשאפען דורך געזעצען און באפעהלען. די געזעצען זיינען געווען פריינדליכער פון די געוואוינהייטען, און מיר האבען דערלעבט דעם צוריקשטויס, די גרויסע חרטה פון די פעלקער, וואס האבען אונז נאר וואס אויפגענומען מיט גרוים חסד. אבער פון דער עמאנציפאציע, וועלכע קאן דאך שוין ניט מעהר צוריקגערופען ווערען, און פון דעם אנטיסעמיטיזם, וועלכער לאזט זיך ניט פארלייקענען, לערנען מיר ארוים א נייע גרויסע זאך. דער היסטארישער מיין פון דער גלייכבארעכטיגונג האט ניט געקאנט זיין, אז מיר זאלען ווערען אויס איידען, ווארום ווען מיר האבען געוואלט זיך פארמישען מיט די אנדערע האט מען אונז געשטויסען צוריק. דער היסטארישער מיין פון דער גלייכבארעכטיגונג האט גיכער געמוזט זיין, אז מיר זאלען צוגרייטען א היים פאר אונזער באפרייטעס פאלקסטום. פריהער וואלטען מיר דאס ניט געקאנט טאן. יעצט קאנען מיר עס, אויב מיר ווילען עס ווילען מיט אונזער גאנצען כח.

עס איז ניט גענוג אז מיר זאלען פיהלען און וויסען, אז מיר זיינען א פאלק. נאך דעם פאלקס־באוואוסטזיין מוז דערוואכען אויך דער פאלקסווילען. אויף דעם פונקט אבער האבען מיר געהאט און האבען מאנכע שוועריגקייטען. אין די לאנגע צרות האבען מיר זיך אפגעוויינט פון געזונטען ווילען. מיר האבען ביז איצט ניט געוואגט ארויסצוזאגען הויך די שטרעבונגען, וואס יעדעם אנדער פאלק, ניט נאר באהאלט זיי ניט, נאר היט זיי אפ אלס די גרעסטע געמיינשאפטליכע עהרע. און איצט ווען מיר טוען עס שוין, טרעפען מיר אן א שטילע התנגדות פון לייט, וואס ליעבען קיין ענדערונגען ניט און צוליעב פוילקייט ווילען זיי בעסער בלייבען אפילו אין דער אומבאקוועמסטער לאגע. מיר באגעגענען אפילו

א שנאה אין געוויסע זאַגענאַנטע אָפיציעלע אידישע קרייזען. דאָס האָט זיך באַזונדערס געוואָרפען אין די אויגען אין די פּראָטעסטען פון עטליכע רבנים. עס וועט בלייבען א וואונדער אויף תמיד, ווי אזוי אָט די הערן זיינען מתפלל פאר ציון און שטעלען זיך געגען ציון אין דער זעלבער צייט. דער ווידערשפּרוך דערקלערט זיך מסתמא דערמיט, וואָס זיי זיינען אין אָנפאַנג אומזיכער אויב זיי־ערע געמיינדען זיינען איינפאַרשטאַנען מיט דעם נייעם רוף נאָך ציון. אָבער אַן אידעע ווי אונזערע קאָן מען ניט איבערלאָזען אויף די מבינות פון די ביזהעריגע קהלה־פיהרער און אויף די אייגענע פניות פון זייערע נשמה־פאַרזאָרגער. די ברייטע מאַסען זיינען כמעט אומעטום מיט אונז. זיי בילדען און האַלטען אוים די קהלות. עס מוז דארום געהאַנדעלט ווערען אין זייער זינען. צוליעב ברי־דערליכען ווילען שאָנעווען זיי, האָבען מיר ביז אַהער ניט ארויס־געבראכט אָט די סתירה; אָבער ענדליך ווערט עס נייטיג צו מאַכען אין דעם אַן ענדערונג. עס קאָן ניט לענגער אזוי בלייבען, אַז אין אידישע קהלות זאָל מען אגיטירען געגען ציון. אזא צו־שטאַנד איז געגען שכל און אומעגליך. מיר מוזען מאַכען א סוף דערצו. אין אַלע מקומות, וואו די קהלה־פיהרער געהערען ניט צו אונז שוין פון פריהער, מוז אָנגעפיהרט ווערען א וואהל־קאַמפּיין. מענער וואָס זיינען ווירדיג און פעהיג צו פאַרנעמען אזעלכע עהרען־שטעלען, און וועלכע שטעהען נאָהענט צו אונז אין זייער באַזיינונג, מוזען ארויסגעשטעלט און געוועהלט ווערען אין קהלה־הויז, אין נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער אידעע. עס טאָר ניט צוגעלאָזען ווע־רען, אַז די קהלה זאָל ארויסשטעלען געגען דעם פאָלקס־געדאַנק איהר אויטאָריטעט, איהרע געלטמיטלען און די פּערזאָנען וואָס זי האַלט אוים. איך גלויב דארום, געערטע קאָנגרעס־מיטגלידער, אַז איך רייד אין אייער זינען, ווען איך שטעל דאָס איינגעמען די קהלות אַלס אונזער נעקסטעס ציעל.

דאָס איז אויך דער עהרליכער און געזעצליכער וועג, ווי אזוי אַרויסצוברייינגען דעם ציוניסטישען פאָלקס־ווילען אין דער עפענט־

ליכקייט, ניט נאר אויף דער איינמאליגער יעהרליכער בעראטונג, צו וועלכער מיר זיינען דא פארזאמעלט, נאר אין דעם טאג־טעגליכען ווירקען, און צו גלייכער צייט אין אלע ערטער, וואו אידען וואוינען. עס איז ניט גענוג, אז מיר זאלען וויסען ווי וויים דער ציוניסטישער געדאנק איז ארייגעדרונגען אונטער די אידען; זאלען אלע זעהן דעם פאקט. דאס וואהל־צעטעל איז דאס פאסענדסטע און כשר׳סטע מיטעל דערצו.

אין ניט־אידישע קרייזען האבען אונזערע שטרעבונגען שוין ארויסגערופען וויכטיגע סימפאטיעס. מען צווייפעלט נאר, אויב מיר ציוניסטען זיינען ניט אן איינזאם משונה׳דיג הייפעל, וואס זייערע הבטחות און כונות האבען קיין שום געוויכט ניט. דאס איינגעמען פון די געמיינדען וועט באווייזען וואס מיר פארמאגען.

ווען מיר זוכען און ווענדען זיך אויך צו די סימפאטיעס פון דער ניטאידישער וועלט פאר אונזערע שטרעבונגען, געפינט מען אויך אין דעם עפעס אויסצוזעצען. יא, דיזעלבע לייט, וועלכע ווארפען אונז פאר, אז דער ציוניזם שטעלט אויף נייע מחיצות צווישען מענשען, קריטיקירען אונז פאר אננעמען די פריינדשאפט פון קריסטליכע ציוניסטען. פאר אונז אבער איז עס ניט בלויז א זאך פון געמיינעם עגאיזם, ווען מיר דריקען די הענט וואס ווערען צו אונז אויסגעשטרעקט אזוי פריינדליך. מעהר ווי אלץ זעהט זיך אין דעם דער כח פון שלום וואס ליעגט אין דעם ציוניזם. געדאנקען וואס זיינען פריי פון שנאה ווערען געשטארקט אויף דעם באדען. מיר האלטען זיך טריי און פעסט ביי אונזער אידענטום, און פונדעסטוועגען געווינען מיר פריינד, וואס זיינען גאנץ ריין פון אייגענע פניות. איז דאס אזוי שלעכט? מיר, וואס ווילען כלומר׳שט שאפען נייע מחיצות, ברייגען די מענשען נעהענטער איינער צום צווייטען אויף א מילדען וועג. מיר ווענדען אויף דעם ניט אן קיין פוץ מיטלען; מיר גיבען זיך נאר אן פאר דאס וואס מיר זיינען; מיר זאגען פשוט דעם אמת.

און עס איז אויך אן אמת, אז מיר דארפען אזעלכע פריינד.

דאָס ווערק וואָס מיר האָבען בדעה צו שאַפען ווילען מיר טאַקע דורכפיהרען מיט אייגענע כחות. אָבער דאָביי מוזען מיר האָבען ארום אונז פיעל פריינדליכקייט, ווען ניט וועט עס ניט געלינגען. מיט וואָס פאַרדינען מיר די פריינדליכקייט? דערמיט וואָס מיר פאַרענטפערען א פראַגע, וועלכע ליעגט ווי א לאַסט אויף פיעל לענדער, און וועלכע קאָן ניט פאַרענטפערט ווערען אָהן אונזער מיט־ווירקונג. ווארום די אידענפראַגע איז פאַר מאַנכע מדינות א שווע־רער פלאַג. ווען עס וועט באַשפראָכען ווערען די אַלגעמיינע לאַגע איז פאַרגאַנגענעם יאָהר, וועט איהר הערען ווי צאָהלרייך עס זיי־נען ליידער געווען אויך הייַנטיגעס יאָהר די באווייזע פאַר די נויט־ווענדיגקייט פונ׳ם ציוניזם. דער אידענהאַס שפּריזגט ארוים אָט דאָ און אָט דאָרט, אָט אין דרום און אָט אין צפון. מעג עס זיין קולטורעלסטע לאַנד אין ווייטסטען מערב, איהר טרעפט דאָרט די אַלטע העצערייען; מעג עס זיין די אָפּגעשטאַנענסטע האַלב־ציוויליזירטע אומה, זי ווייסט די נייסטע פאָרמען און מעטאָדען; דער המון לויפט פּלוצלונג ווילד דורך די גאַסען, און ביים שיין פון פייער ווערט צושטערט אידיש האָב און גוטס, אמאָל צוזאַמען מיט דעם אייגענטימער.

אָבער דאָס איז ניט דאָס ערגסטע. ניט די בלוטפאַרגיסונג, ניט די הזיקות, ניט די באַליידיגונגען זיינען דאָס ערגסטע. די אומרוהען שאַדיגען שווער די צוואווייטאַגטע נשמה פון אונזער פאָלק. זיי גראָבען וואָס ווייטער אַלץ מעהר זיין געפיהל פון רעכט און עהרע, זיי מאַכען די ליידענדע פאַר שונאים צו דער שטיפ־מוטערישער געזעלשאַפט, אין וועלכער אַזוינס קאָן פאַרקומען. מיר דאַרפען זיך ניט וואונדערען וואָס מיר געפינען אָט די פּראָלעטאַ־ריער שבפּראָלעטאַריער, אָט די פאַרצווייפעלטסטע פון אַלע מענשען, אין אַלע עקסטרעמסטע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. מיר זאָלען זיך ניט וואונדערען. מיר זאָלען בעסער זיך באַמיהען צו ברייננען בעסערונג.

פון שטאַטסמענער מיט א ווייטען בליק מאַג מען פילייכט ער־

ווארטען, אז זיי זאלען איינזעהן די סכנה פאר דער געזעלשאפט, וועלכע ליעגט אין דער ניט פארענטפערטער אידענפראגע. מען זאגט געוועהנליך, אז די אידען זיינען א צושטערענדער עלע־מענט. פון ביידע זייטען ווערען אפגעטאן איין עולה נאך דער צווייטער. ווען מיר ווילען אבער מאכען פון די אידען א בויענ־דען עלעמענט, פאדערט די געזונטע לאגיק, אז די אלע וואס ווי־לען ניט, אז די אידען זאלען אלעס צושטערען, מוזען אונז אונטער־שטיצען. מיר זיינען גרייט צו ברייגנען די בוי־צייט פון אידענ־טום — מיר האבען אלץ וואס פאדערט זיך דאצו איבער גענוג: די מענשען, דאס מאטעריאל, די פלענער. מיר דארפען נאך נאר איינס — דעם בויפלאץ.

אמת, דער בויפלאץ וואס טויג פאר אונז איז פון א באזונ־דער מין. קיין שטיקעל ערד איז ניט אזוי באגערט געווארען ווי אט דאס, און אזוי שטארק האבען פיעל פעלקער עס געווינשט צו האבען, אז פון אלע הייסע וועלענישען איז עס געבליבען פארדאכט, מיר אבער גלויבען, אז אט דער פארוויסטעטער ווינקעל אין מזרח האט ניט נאר א פארגאנגענהייט, נאר אויך א צוקונפט, גראד ווי מיר אליין. אויף דעם באדען, אויף וועלכען עס וואקסט איצט אזוי ווענינ, זיינען געוואקסען אידעען פאר דער גאנצער מענשהייט. און דוקא דארום וועט קיינער ניט קאנען לייקענען, אז צווישען אונזער פאלק און דעם לאנד איז פאראן א שיכות וואס די צייט קאן ניט אפווישען. אויב עס גיט איבערהויפט א געזעצליכע טענה אויף א שטיק ערד, דאן מוזען אלע פעלקער וואס גלויבען אין דער ביבעל, אנערקענען דאס אידישע רעכט. זיי קאנען אבער אויך מודה זיין אהן קנאה און אהן זארג, ווייל די אידען זיינען ניט קיין פאליטישע מאכט, און וועלען עס קיינמאל מעהר ניט זיין.

ווי וואלט זיין ווען דאס לאנד זאל פארנומען ווערען פון איינער פון די עקסיסטירענדע מעכטען, עס מאכט ניט אויס וועל־כע, — דאס איז אז אנדער פראגע. דאס לאנד איז ניט נאר די

היים פון די העכסטע אידעען און פון אומגליקליכסטען פאָלק, עס איז אויך צוליעב איהר געאָגראפישער לאגע פון באדייטענדער וויכ־טיגקייט פאר גאנץ אייראָפּא. מיט דער צייט, און דאָס קאָן ניט זיין וויט אוועק, וועט דאָ ווערען א קולטור־ און האנדעלס־וועג נאָך אזיען. אזיען איז דאָס דיפּלאָמאטישע פּראָבלעם פון נעקסטען צעהנדליג יאָהר. אָהן א ברעקעל גאוה מעגען מיר דאָס פיליכט דערמאָנען, אז מיר ציוניסטען, וואָס ווערען אזוי לייכט געהאלטען פאר אומפּראַקטיש, האָבען פאַרשטאנען און פאָראויסגעזאָגט אט די שפּעטערדיגע אַנטוויקלונג פון אייראָפּעאישער קאָנקורענץ עט־ליכע יאָהר פריהער. מען זעהט שוין היינט ווי אזוי דאָס געהט. איהר ווייסט ווי אויפמערקזאם מען באוואכט יעדען טריט וואָס א רעגירונג נעהמט אין דער ריכטונג. ווען דער היינטוועלטיגסטער הערשער פון דער באוואוינטער ערד געהט אין גיכען אונטערנע־מען א רייזע נאָך די הייליגע ערטער, הערט מען אין די פּירושים, וואָס די עפענטליכע מיינונג מאכט דארויף אין אלע לענדער א גע־וויסע מורא, אפילו אַן אָפענע פיינדשאפט אין מאנכע שטעלען. אַט דאָס לאנד וועט קיינמאָל ניט ווערען דער באזיץ פון אַן איינ־ציגער גרויסמאכט, ווייל מען היט עס אזוי גוט; ניט נאָר די איצטיגע הערשער, נאָר אויך אלע אנדערע באוואכען עס פאַרזיכ־טיג.

ווערט עס אפשר מוזען פאַרבלייבען אויף תמיד אין דעם איצ־טיגען צושטאנד? דאָס וואָלט געווען פאר אלעמען צו באדוי־ערען, ווייל דערפון הענגען אָפּ צוויי אלגעמיינע נויטווענדיגקייטען פון קולטור און געשעפטס־פאַרקעהר. די אָסמאנישע מדינה האָט אין דער לעצטער מלחמה פון דאָס ניי ארויסגעוויזען איהר אומצור־שטערבארע לעבענסקראפט. די טערקען האָבען די פיינסטע מעלות, זיי זיינען העלדיש, גרויסמוטיג, פעהיג צו ברייננגען קרבנות — נאָר די מעלות וואָס זיינען נויטיג צו קולטיווירען א לאנד און איינ־פיהרען אינדוסטריע, דאָס באזיצען זיי ניט. דאָס איז א פאקט. דארום וואָלט עס פאר זיי געווען א שטארקונג, א באַרייכערונג,

ווען מען ברייננט צו זיי א פרידליך פאָלק, מיט חשק צו אונטער־נעמונגען, וואָס באזיצט גראָד די מעלות וואָס פעהלען דאָרט.

עס איז איצט אונזער אויפגאַבע, און מיר ארבייטען דאַרויף אָהן אויפהער, צו שאַפען די תנאים פון א פאַרשטענדיגונג אין דער הינזיכט. מיר מעגען זאָגען, אז די טערקישע רעגירונג איז גוט באַקאַנט מיט דער געטריישאַפט פון אונזערע שטרעבונגען. מיר ווילען קיינעם ניט אריינ׳גנב׳נען, מיר ווילען איבערהויפט דאָרט קיין זאַך ניט אויפטאָן אָהן אַן אַפמאַך אין פאָראוים. עס איז גאָר ניט אונז לטובה, אַז מיר זאָלען די טערקיי עקאָנאָמיש שטאַר־קען, ווען מיר קריגען דערפאר גאַרניט צוריק. די גאַנצע זאַך דאַרף געמאַכט ווערען לויט דעם פּשוט׳ן רעצעפּט פון דער וועלט: איך גיב, כדי דו זאָלסט געבען!

איצט איז די פראַגע: ווי מאַכט מען דאָס? שוין אויף דעם ערשטען קאָנגרעס האָבען מיר פאַרשטאַנען די נויטיגקייט צו שאַפען א פינאַנציעלען אינסטרומענט פאר די צוועקען פון אונזער באַוועגונג. דאָס דאַרף זיין די אידישע קאָלאָניאַל־באַנק. עס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש, וואָס אונזערע אידישע געגנער ווילען דורכאויס ניט צוגעבען, אז מיר זיינען פעהיג אויסצופיהרען אזא ארבייט. אָבער אין אונזערע רייהען שטעהען ניט נאָר קינסטלער און פילאָזאָפען, געלעהרטע און זשורנאַליסטען, אַדוואָקאַטען, דאָק־טוירים און טעכניקער, נאָר אויך א היבשע צאָהל באַנקירען און סוחרים פון גאָר דער וועלט. דאָס איז צום ערשטען מאָל, אַז מען זאָל צווייפלען אויב אידען קאָנען מאַכען א באַנק — און אויך דאָס מאָל האָבען די צווייפלער געהאַט א טעות. די אידישע קאָלאָניאַל־באַנק וועט אין גיכען זיין א פאַקט ווי געפּלאַנט, לויט די רעזול־טאַטען פון דער באַנק־קאָנפערענץ מעגען מיר אָננעמהען, אַז די אידישע קאָלאָניאַל־באַנק וועט אָנהויבען איהר געשעפטליכע טע־טיגקייט נאָך אין לויף פון דעם יאָהר. ווייטער וויל איך ניט פאַר־אויסלויפען דעם באריכט, וועלכען איהר וועט הערען פון די באַ־אויפטראַגטע פאַכמענער.

מען וועט אייך פאַרלייגען נאָך א סך אנדערע באַריכטען. פון זיי וועט איהר, האָף איך, ארויסזעהן, אז דאָס יאָהר איז ניט אוועק אָהן נוצען און אז מיר געהען צו אונזער ציל מיט געדולד, ליעבע און האָפענונג. אויך אויסער דעם זאָל וועט מען איינזעהן, אז מיר טראַגען זיך ניט ארום מיט פאַרריסענע חלומות, מיט נאַרישע אָדער אומגערעכטע פאַרלאַנגען, נאָר אז מיר ווילען בלויז אַן אר־בייטס־עקסיסטענץ פאַר אונזער אַרים פאָלק, וויל מיר דערוואַרטען, אַז געזיכערטע אַרבייט איז די איינציגע זאַך וואָס וועט איהם הויבען זיטליך און קערפערליך. דארום, נאָר דארום ווילען מיר פאַר־זאַמלען אונזער פאָלק אונטער איין אידעאַל.

דאָס מוז געפעלען אויך די אַנגעהעריגע פון אַנדערע נאַציאָ־נען. און אין דער פרייער, גאַסטפריינדליכער שטאָט האָבען מיר ערהאַלטען דעם ערשטען באַוויז. אייער־נעכטען, דעם טאָג פון סאַנקט יאַקאָב, זיינען אין אבענט געקומען צוריק די מחנות פון יום טוב. עס האָט דערמאָנט אַן די שענע געשיכטע פון די זיבען וראַדע מענער, פון גאָטפריעד קעלער, דעם אויסגעצייכנעטען שוויי־צערישען דיכטער. דורכאויס גרופען פון גראַדע לייט, וואָס ווילען אויפהאַלטען א מענליכען כאַראַקטער אין זייער געזונטען קערפער. איינע פון אונזערע געערטע דאַמען האָט זיי באַגריסט מיט איהר טיכעל, און דאָס איז געווען דער סיגנאַל פאַר א דעמאָנסטראַציע, וועלכע מיר וועלען קיינמאָל ניט פאַרגעסען. די מאַרשירענדע גרוּ־פען האָבען פאַרבייגעהענדיג געגריסט אונזערע לייט, וועלכע האָ־בען זיי באַגעגענט מיט שמחה, און פון דער גאַס ארויף האָט געדו־נערט א פייער אומערוואַרטעטער רוף: „האָך די יודען!“ ניט ביי איינעם פון אונז האָבען זיך דערביי געשטעלט טרערען אין די אויגען. די וואָס האָבען זיך ניט פאַרלאָרען אונטער אַלערליי נגישות, אונטער די אומגערעכטסטע באַליידיגונגען, קאָנען זיך פאַר־לירען אין אזא מאָמענט.

איז אָט דער באַזעלער אויסגעשריי שוין אַן אָנפאַנג פון פריינדליכערע צייטען? דאָס קאָנען מיר ניט וויסען. מיר קאָ־

נען אָבער זיך פאַרנעמען, מיר זאָלען ווערט זיין אַזעלכע אויסגע־
שרייען. מיר האָבען זיך געהאַלטען פעסט אין די ערגסטע צייטען,
לאָמיר זיין דאַנקבאר און באַשיידען, ווען עס וועלען אמאָל קומען
בעסערע צייטען. און ווי אַזוי מוזען מיר זיך פאַרשטעלען אַט די
בעסערע צייטען, וועלכע מיר קאָנען נאָך ניט היינט זעהן בחוש?
וועלען זיי אונז ברייגנען ניט מעהר ווי אייגען לאַנד, מעהר כבוד,
אומגעשטערטע רוה? ניין! גראד די פון אונז וואָס זיינען היינט
גרייט צו געבען דערצו זייער גאַנץ לעבען, וואָלטען באַדויערט וואָס
זיי האָבען געמאַכט אפילו איין טריט פאר דעם, אויב עס זאָל
נאָר געלינגען איינצוריכטען נאָר א נייע און ניט אויך א מעהר גע־
רעכטע געזעלשאַפט.

בעסערע צייטען פאר אונז, אָבער אויך פאר די אנדערע, אין
וועמעס אינטערעסען מיר ווילען ווידער זיין די ערשטע אויסצו־
מרעטען נייע וועגען אויף אייגענעם חשבון. דערצו איז ניט נויטיג
קיין העכערער, קיין מעהר וואונדערליכער צושטאַנד פון קולטור,
ווי דער וואָס איז שוין איצט פאראַן. מען זאָל אָבער באַנוצען די
קולטור־מיטלען, באַנוצען פאר מענשליכקייט. און מיר גלויבען,
אונזער פאָלק וועט עס פאַרשטעהן, ווייל עס איז דורכגעגאַנגען אַזוי
פיעל שולען, האָט געוואוינט ביי אַזוי פיעל פעלקער, און האָט ביי
אלעמען געליטען, קען אָבער אויך אַלעמענס צרות. א צוזאַמענ־
קומען פון מענשען פון אלערליי קולטורען, אַט ווי מיר זעהן עס
היינט אין דעם זאַל, איז פאר אונז א בילד פון בעסערע צייטען;
א פאראייניגטע בירגערשאַפט, וועלכע איז ניט באַגרענעצט אין
איין איינציגער שפראַך; א שטענדיגער קאַמף געגען עלענד דורך
פאַראייניגטע אַרבייט — און פון דעם אַלעם זאָל ארויסוואַקסען
א העכערער זאָרט מענשעליכקייט. אונזערע פראָבעם זיך צוצופאַ־
סען צו אונזערע שכנים, וואָס צוליעב זייער ניט־געלינגען זייגען
מיר ווידער פאראייניגט, אַט די פראָבעם וועלען דאַן נאָך ווערען
פאר אונז א ברכה. די טיכטיגקייט פון די גערמאַנישע, די רייה־
רעוודיגקייט פון די ראָמאַנישע און די גרויסע געדולד פון די סלאַ־

ווישע פעלקער, וועלען פיליכט לאָזען אויף אונז זייער רושם... איז עס ענדליך קלאָר וואָס מיר מיינען? אידישע קינסטלער, פילאָזאָפען און געלעהרטע פון אלע לענדער געדולדיג פאראייניגט אין איין געזעלשאַפט דורך דעם ווילען צו שאַפען. אמת, מיר שטרעבען צו אונזער אלטען לאַנד. אבער אין דעם אלטען לאַנד ווינשען מיר נאָר א נייע אויפבליהונג פאר דעם אידישען גייסט!

## נאַרדוי'ם „דר. קאָהן.“

אַט די דראַמע, וועלכע זיי וואַגען היינט ניט צו שפּילען — וועט פונדעסטוועגען פאַרבלייבען. זי איז אַ ווערק פון יענעם קרעפ־טיגען וואוקס, וועלכע דויערען.

גרילפּאַרצער האָט זיך אויסגעדריקט:

„מעג אונזער צייט מיך באַשטרייטען,
איך לאַז עס רוהיג געשעהן —
איך קום פון אַנדערע צייטען
און האָף אין אַנדערע צו געהן.“

דאַסזעלבע קאָן אויך געזאָגט ווערען וועגען דאָס־נייע שטיק פון מאַקס נאָרדוי. ער קאָן עס רוהיג לאָזען געשעהן, ווען איינע באַשימפען איהם און אַנדערע פאַרשווייגען איהם. זיין „דאָקטאָר קאָהן“ וועט איבערגעהן אין די שפּעטערדיגע צייטען, און דאָרט דערציילען, וואָס אונזערע טעג האָבען מיט זיך פאַרגעשטעלט. און וואָס עס איז ריכטיג וועגען זיין ווערק, איז אויך ריכטיג וועגען דעם שיקזאַל פון דעם ווערק אין דער עפענטליכקייט. אין דער צוקונפט וועט מען שטוינען און שווידערן איבער די שקרים און פיינהייטען, מיט וועלכע אַזאַ עהרליך שטיק פּאָעזיע האָט געהאַט צו קעמפען, און דאָס אַלעם וועט נאָר פאַרמעהרען דעם כבוד פון דעם עהרליכען דיכטער. די אונטערוואָרפענע ערפאָלג־כאַפּער מעגען זיך בויגען און קריכען פאַר דער אַנגענומענער עפענטליכער מיינונג ווער אָבער עס איז אַ מאַן, געפינט זיין העכסטע פרייד אין דעם,

וואָס ער בלייבט טריי צו זיך אַליין. וואָס פאַר אַן עלענדע באַשעפ־טיגונג וואָלט דאָס שרייבן פון ביכער און טעאַטער־שטיק געווען — ווען מען וואָלט נאָר איבערגעגעבן די הערשענדע אַנזיכטען פון דער מאַסע. פיעל הויכע, גאָר פיינע פּאָעטען, געפינען דאָך דעם געשיקטען אויסוועג, ווי אַזוי דעם שטרייט פון די מיינונ־גען איינפאַך אויסצומיידען. זיי טראָגען זיך פּשוט אָפּ פון די ברענענדע טאָג־פראַגען און לאָזען זיך אין וועלדעל אַריין. זיי זינ־גען ווי דער פויגעל זינגט. די קונסט זאָל נאָר צוליעב דער קונסט עקסיסטירען. מיר אָבער גלויבען, אַז די קונסט מוז קודם־כל האָ־בען אַ זינען. און דאָס קאָן אַנדערש ניט זיין, ווי נאָר דער זינען פון ווירקליכען לעבען, וואָס מיר מאַכען דורך כליפּענדיג און לאַכענדיג. עס וועט דערפאַר גאָר־ניט זיין אומפּאָעטיש זיך צו באַציהען אויף יענעם טייל פון לעבען, וואָס איז אונז אַם נאָהענסטען: אויף אונ־זער אייגענער געגענוואַרט, וועלכע באַשטעהט דאָך ניט נאָר פון פאַרלאָבונגען און גט'ן זיך. אין די לעצטע יאָהרען האָט מען אַלגעמיין געהאַלטען פאַר זעהר לויבענסווערט, ווען ליטעראַרישע שטיק פאַר דער ביהנע האָבען ריכטיג אָפּגעשפּיגעלט די לאָקאַלע פאַרב פון שטעט און באַצירקען, אָדער אפילו נאָר דעם דיאַלעקט. די פאָרשטעלונג אָבער פון צייט־באַוועגונגען איז שטרענג פאַרבאָ־טען געוואָרען, כאָטש עס איז דאָך נאָר אַ כראָנאָלאָגישע לאָקאַל־פאַרבונג פון מענשליכע שיקזאַלען.

די סאָציאַליסטען האָבען פּאַמעלאַך דורכגעפיהרט די בירגער־ליכע אַכטונג פאַר זייער געגענוואַרט־דראַמע. ווען אָבער די סאָ־ציאַלע פראַגע קאָן שוין געדיכטעט און ענדליך געשפּילט ווערען — איז עס דאָך נאָך לאַנג ניט דער פאַל מיט אַנדערע פראַגען. אונזער פראַגע, צום ביישפּיל, די אידען־פראַגע, טאָר ניט אַריינטרעטען אין דער העכערער ליטעראַטור — ערשטענס, ווייל זי איז שוין ענד־גילטיג באַהאַנדעלט געוואָרען אין לעסינג'ס „נאַטהאַן"; צווייטענס, ווייל אַ אידענפראַגע עקסיסטירט איבערהויפּט ניט; דריטענס, ווייל די פראַגע באַזיצט די אייגענשאַפט אַלע מענשען שרעקליך

אויפצורעגען. עס איז אלזא, פונקט ווי מיט דעם באקאנטען באַ־וויז וועגען דעם צובראכענעם טאָפּ, וועלכען דער אנטלייער האט ערשטענס צוריקגעגעבען א גאנצען, צווייטענס איז ער שוין ביים אנטלייען געווען צובראכען; דריטענס, האט ער איהם איבערהויפט קיינמאל ניט געליען.

די מענשען, וועלכע האלטען לעסינג׳ס „נאטהאן" פאר דאס לעצטע דיכטערישע ווארט אין דער אידענפראגע, זיינען כמעט פונקט אזוי קלוג ווי די, וועלכע באטראכטען פרעיטאג׳ס „זשורנאַ־ליסטען" פאר דאס לעצטע ווארט וועגען צייטונגס־שרייבעריי. פאר זייער צייט זיינען דאס געוויס געווען מערקווירדיגע ווערק. אבער די צייט איז אנדערש געווארען. פאר דעם מענדעלסאָניזם — אויב מען קאן זיך אזוי אויסדריקען — איז „נאטהאן" באמת געווען דאס לעצטע ווארט, און עס פאלט קיינעם פון אונז ניט איין גרינג צו שעצען אט דאס ווארט און די איהם אנטשפרעכענדע באוועגונג אין אידענטום. אבער די געשיכטע פון די אידען איז ווייטער גע־גאנגען, ניט אהן גרויסע, נייע שמערצען. שוין זיינען די צייטען, וועלכע זיינען געווען פאר דעם דיכטער פון „נאטהאן" די שפּע־טערע — פאראיבער. די אידענפראגע זוכט אן אנדער דיכטע־רישע געשטאלטונג; און עס איז אין צוזאמענהאנג מיט דעם גאנ־צען אופן ווי אזוי דאס שיקזאל פון אונזער פאלק אנטוויקעלט זיך לעצטענס, ווען אידען אליין נעהמען איצט דאס פאעטישע ווארט צו דער אידענפראגע, ניט מעהר אין געטא, ניט מעהר אין א פאר־טרויליכען מורמעל־טאָן פון דער דיכטונג, אין דער אידישער שפּראך, נאר אפען פאר דער גאנצער וועלט. פונקט ווי מיר ציוניסטען האַ־בען אויפגעשטעלט אין באזעל א פאליטישע טריבונע אין איירא פּא, וואו מיר קאנען זאגען, וואס עס ליגט אונז אויפ׳ן הארצען — פונקט אזוי זוכען מיר אויך צו שאפען די ליטעראַרישע געלעגענ־הייט פאר דעמזעלבען צוועק. די זיצונג געהט אן! ווי יענער פראנצויזישער פּארלאמענט־פּרעזידענט האט זיך אויסגעדריקט. מאקס נארדוי האט דאס ווארט.

און ווי עס פיהלען אין באזעל די צוהערער, ווען אַט דער זיסער רעדנער באשטייגט די טריבונע, כדי צו שילדערן אין גרויס־אַרטיגע שטריכען די צושטענדען פון דעם צוואוואַרפענעם אידענ־טום אין פאַרגאַנגענעם יאהר — אזוי איז עס אויך א יום־טוב־דיגער אויגענבליק פאַר די לעזער פון דעם דראַמע־בוך.

„דאָקטאָר קאָהן" איז דאָס טרויער־שפּיעל פון דער אסימי־לאַציע. איינצעלנע, נאַרישע איינגלאָך וועלכע האָבען דאריבער געשריבען אין פאַרשעמט־אידישע בלעטער, האָבען נאַטירליך דעם זינען פון דעם שטיק איינגאַנצען שלעכט פאַרשטאַנען. אדער פאַסט עס אפשר פאַר די פאַרשעמט־אידיש בלעטער — דאָס זיינען אזעלכע, וואָס ווערען נאָר פון אידען אונטערנומען און אָם מייסטען געלעזען פון אידען — אז עס זאָל אויסזעהן, דאָס זיי פאַרשטעהן ניט וואָס עס מיינט? זיי האָבען פאַרשטאַנען, אז דער דיכטער האָט אין דער געשטאַלט און דעם שיקזאַל פון דאָקטאָר קאָהן גע־וואָלט ווייזען, ווי אומאַנגענעהם עס איז צו זיין א איד ביים ענד פון ניינצעהנטען יאָהר־הונדערט. דאָס איז אבסאָלוט פאַלש. דער דיכטער האָט פיעל מעהר געוואָלט ארויסברענגען, ווי אומאַנגע־נעהם עס איז — שוין ניט ריידענדיג וועגען דער נוצלאָזיגקייט — ווען איינער פאַרלייקענט זיין אידענטום. דאָס שטיק הייסט: א „בירגערליך טרויער־שפּיעל." דאָס בירגערליכע אין שטיק איז דער פאַל מיט יוליוס קריסטיאַן מאַזער, בעת די דערמיט פאַרבונ־דענע טראַגעדיע פון דר. קאָהן איז אייגענטליך א ראָמאַנטישע.

די דראַמע שפּילט זיך אָפּ אין א קליינער, מיטעל־דייטשער אוניווערזיטעט־שטאָט. דאָרט לעבט יוליוס קריסטיאַן מאַזער, א געהיימער קאָמערציען־ראַט און א הויפּטמאַן פון לאַנדוועהר אויס־סער דינסט. א זעהר פּרעכטיגער הער, זעהר אַנגעזעהן, רייך און דורך הייראַט פאַרבונדען מיט דער אדעליגער אַפּיצירען־פאַמיליע פון הערן פאָן קווינקע. זיין פרוי איז א געבאָרענע פאָן־קווינקע. זיינע זיהן זיינען געשוואָרענע אַנטיסעמיטען. דער עלטערער — א ליוטענאַנט אין לייב־רעגימענט, דער איינגערער — אין דעם שנײ־

דיגען קאָרפּוס פון די פראנקאָ־טורינגער. קורץ, הער מאָזער האָט עס אויף אזוי ווייט געבראכט, אויף וויפיעל ער האָט נאָר געקאָנט — יעדער שפּור פון זיין אומאויסלעשליכען געבורטס־פלעק שיינט צו זיין אָפּגעווישט, ווייל הער מאָזער האָט מיט זיין נאָמען געמאכט א געלונגענעם בוכשטאַב־וויץ — אורשפּרינגליך האָט ער געהייסען מאָזעס. ער איז א געשמאַדטער איד, אָבער אזוי פיין אסימילירט, אז קיינער, וואָס ווייסט ניט, וואָלט איהם ניט געקאָנט אָנטאָן די שאַנד, צו האַלטען איהם פאר א זוהן פון דעם פאראַכטעטען פאָלק. צו דעם אידישען בוים האָט מען צוגעטשעפּעט א דייטשען און אדעליגען צווייגעל, און די שפּראָצען, וואָס ער האָט ארויסגעבראכט, זיינע זיהן, דערמאָנען איהם מעהר מיט גאר ניט אַן דעם אַלטען שטאַם. זיי ווילען אויך וועגען דעם דורך קיין זאך ניט דערמאָנט ווערען. אבער הער מאָזער — ריכטיגער מאָזעס — האָט אויך א טאָכטערל, קריסטינע, און פון דער זייט הויבט זיך אַן דאָס גאַנצע אומגליק.

אין דער קליינער מיטעל־דייטשער אוניווערזיטעט האָט זיך בארימט געמאכט א פּריוואַט־דאָצענט פון מאַטעמאַטיק, א געוויסער דר. לעאָ קאָהן. דר. קאָהן באַקאָנט זיך מיט קריסטינען און פאַרליעבט זיך אין איהר. זי צאָהלט איהם צוריק מיט דערזעלבער ליעבע. אזוי לאַנג ווי ער איז נאָר פּריוואַט־דאָצענט, וואגט ער ניט צו דערקלערען זיין ליעבע; אין דעם טיטעל פּראָפעסאָר וויל מען איהם ניט געבען, ווייל ער איז א איד און הייסט קאָהן. אָבער ביים קאָנקורס פון דער שטאָקהאָלמער אקאדעמיע, געווינט ער דעם וועלט־פּרייז פאר מאַטעמאַטיק; און ווייל ער איז איצט געזיכערט מיט א פּראָפעסאָר־שטעל — כאָטש ניט אין דעם אוניווערזיטעט — באַשליסט ער אויפצוטרעטען אַלס א חתן־קאַנדידאַט.

פריהער נאָך האָט איהם דער רעקטאָר פון אוניווערזיטעט — וועלכער איז צו איהם גאַנץ גוט געניינט — מיטגעטיילט, אז דער סענאַט האָט אָפּגעזאָגט זיין בקשה באַשטימט צו ווערען אַלס אויסעראָרדענטליכער פּראָפעסאָר, ווייל לויט די סטאַטוטען איז די הויכ־

שול א קריסטליך־עוואנגעלישע. אומזיסט פאררופט זיך דר. קאַהן אויף דער קאָנסיטוציע, וועלכע באַשטימט גלייכבאַרעכטיגונג. ער גלויבט אָבער, אז דורך אַט דאס אויפדעקען פון די פארבען איז עפּעס פאַרט דערגרייכט געווארען: „דער ליגען פון דער גלייכבאַ־רעכטיגונג איז פאר אלע אויגען אויפגעדעקט; עס ווערט אַפּיציעל דערקלעהרט, אז די קאָנסטיטוציע איז א שטיקעל פּאַפּיר, מיט וועלכען מען האָט זיך גאָרניט וואָס צו רעכענען.“

ר ע ק ט א ר ק י ע ל ה א ל ט: „רעגט אייך ניט אויף אומזיסט, מיין גוטער דאקטאר קאַהן. איך דענק, אז איהר דארפט גאָרניט ווינשען אזוי שטארק אַט דאָס אויפדעקען פון די פּאַרבען. וויכטיגע פּערזענליכקייטען, וועלכע ערקלערען היינט־צו־טאָג, אז זיי אנערקענען נאָך די גלייכבארעכטיגונג, וויניגסטענס טעאָרע־טיש און פּרינציפּיעל — פארדינען דערפאר יעדענפאלס א דאנק, ווייל אַט די אנערקענונג פארשאפט זיי א פּערזענליכען שאָדען. זיי זיינען מוחל א זיכערע פּאָפּולאריטעט, ווען זיי זיינען באַרייט אנ־צושטויסען זיך אויף אומאנגעמליכקייטען, אנשטאַט קאטעגאָריש צו דערקלערען, אז די אידען האָבען גאָרניט צו פארלאַנגען און גאָר־ניט צו דערווארטען.“

ק אַ ה ן: „ א, יא. דאס איז וויניגסטענס א קלאָרער שטאַנדפּונקט. און ער איז אַנגענעהמער איידער די צווייזייטיג־קייט.“

און אויך שפּעטער:

— ק י ע ל ה א ל ט:... „אויב איהר וועט פאלען אלס א דועל־קעמפּער, און איהר וועט אים נאָמען פון דער גלייכבארעכטיגונג ארויסציהען דאס שווערט פון שייד — וועט עס זיין דער גרעסטער פעהלער. איך וואָלט געוועזן צופרידען, ווען איך קאָן אלע אייערע שטאַם־געגאָסען אין דעם איבערצייגען. זיי באַנעמען זיך גלייך ווי זיי וואָלטען געהאַט עפּעס צו פארלאַנגען. סוף כל סוף האָט איהר דאָך פון אונז ניט דורכגעזעצט די גלייכבארעכטיגונג מיט א באַוואַפענטער האַנט. זי איז דאָך ניט א צוויי־זייטיגער קאָנט־

ראקט. מיר האבען זי אייך פריווויליג געגעבען. זי איז א נדבה און נאר דער געבער אליין קאן באשטימען ווי גרויס די נדבה זאל זיין."

— קאהן: „אט דאס איז דאס טראגישע מיספארשטענד־דעניש צווישען אונז. אין אונזער אייגענשאפט אלס מענשען, בילדען מיר זיך איין צו האבען דעם פולען אנשפרוך אויף אלע מענשען־רעכטען, און איהר זייט איבערצייגט, אז איהר טוט אונז א חסד דערמיט, וואס איהר אנערקענט דעם אידען אלס א מענשען. אייער שטילשווייגענדע פאראויסזעצונג באשטעהט אין דעם, אז דער איד באזיצט ניט די מענשען־ווירדע פון נאטור, נאר ער קריגט זי ערשט דאמאלט, ווען זי ווערט איהם אויסדריקליך געשאנקען דורך אייער גנאד. אזוי לאנג אבער, ווי אפילו די גערעכטעסטע און בעסט־מיינענדע קריסטען פיהלען אזוי, איז געוויס דער אפגרונט צווישען אונז אזוי ווייט, אז מען קאן קיין בריק ניט אריבערווארפען."

דר. קאהן וויל אלזא קריגען קריסטינע'ן אויפ'ן גרונט פון דעם דערגרייכטען פרייז, וועלכער פארזיכערט איהם א געזעלשאפטליכע שטעלונג. הער מאזער איז דערפון ניט זעהר באגייסטערט, אבער נאך א גרויסער אונטערעדונג, וועלכע איז מעהר קאמף ווי געשפרעך, קעמפט פאר זיך קאהן אויס אכטונג און צושטימונג. אצינד אבער הויבען זיך אן די קעמפע מיט די אנדערע פון דער פאמיליע. פרוי מאזער, געבארענע פאן־קווינקע, איז אויסער זיך, פארוואס איהר טאכטער וויל דאס־זעלבע טאן, וואס זי אליין האט אמאל געטאן: חתונה צו האבען מיט א אידען! דער איד קאהן, וועלכער איז א היינטיגער איד, און וועלכער וויקעלט אויף אין זיין קאמף־געשפרעך מיט מאזער'ן דעם ציוניזם ווי א פאהן — וויל זיך נאטירליך ניט דערנידעריגען, אין דער צייט, ווען דער איד מאזעס איז בארייט געוועזען אויף יעדער אויפגעבונג פון זיין איד, אבי נאר צו הייראטען פרייליין פאן־קווינקע. פרוי מאזער רופט צו הילף איהר ברודער, דעם גלח פאן־קווינקע. יענער מאכט אלע אנשטרענגונגען אפצו־

ריידען מאָזער'ן פון דער פארבינדונג מיט דעם אידען קאָהן, און דערביי פּאַסירט דאס מערקווירדיגסטע: פון יעדען גרונט, וואָס דער גייסטליכער ברענגט געגען קאהנ'ען, פיהלט זיך מאזער אין זיין פּערזאָן געטראָפען. קאָהן איז א פרעמדער. אויב דאס איז ריכטיג איז ער עס דאָך אויך, ער, מאָזער, געבאָרענער מאָזעס. מען דאַרף קאהן'ען ניט אויפנעהמען אין דער פאמיליע — יא, אויב אזוי איז אויך מאָזעס דא ניט אין דער היים. דער געדאנקען-וועקסעל פאר־וואנדעלט זיך אין א רייסעריי, און די צוויי מענער, וועלכע האָבען זיך איינגעבילדעט, אז זיי האָבען געשלאָסען א לעבענס-לענגליכען קאָמפּראָמיס, ברעכען אָפּ איינער מיט דעם אנדערן. אין זיין הערכס־טען צאָרן ווייזט מאָזער זיין שוואָגער און געגנער, די טיר. קאָהן'ס זאַך איז פאר איהם זיין אייגענע זאַך געוואָרען. איצט שטעלען זיך איהם אַנטקעגען געגנער אין דער פּערזאָן פון זיינע זיהן, און דאָס טרויער־שפּיעל פון דער אסימילאציע דערגרייכט דא דעם העכסטען פּונקט. דיביידע יונגע הערן טרעטען אויף געגען זייער פאָטער, פארוואָס ער וויל אריינגעהמען אן אידען פאר אן איידעם. דער סטודענט באַנעהמט זיך גראָב. דער פאָטער ווארענט איהם, אז ער וועט כאַפּען פּעטש. קארל, דער אפיצער, טרעט ארויס גע־גען זיין פאָטער העפליכער, רוהיגער, אבער אין א נאָך מעהר אומ־ערטרעגליכער פאָרם.

ק א ר ל : „ווען מיר ווילען לעבען אין א געזעלשאַפט, מוזען מיר זיך אונטערוואַרפען אונטער איהר באגריף פון ערע. דער ערען־באגריף פון אונזער געזעלשאפט דערלויבט ניט די קרובה־שאַפט מיט א אידען."

מ אָ ז ע ר : „דאָס זאגסטו, כאָטש דו אליין ביזט א איד?"

ק א ר ל : (אויסשרייענדיג) „איך? !"

מ אָ ז ע ר : „איך דענק!"

ק א ר ל : (זיך באהערשענדיג) „טאטע, דאס ווילסטו מיך דערנידעריגען."

מאזער: „דיין טאטע איז א איד, און דו ביזט עס געווען,
כדי דו זאלסט זיך שעמען אזעלכע רעדענסזארטען איבערצו׳חזר׳ן.“

קארל: (מיט פארדרוס) „דו האסט מיר דאס קיינמאל
ניט געזאגט.“

מאזער: „עס איז געווען דאס אומרעכט פון מיין לעבען.“

דער געהיימראט און לאנדווערהויפטמאן אויסער דינסט איז
אלזא אזוי ווייט געקומען אז ער אליין האט פארלייקענט עס, פאר־
געסענעס אידענטום זיין שפראצלינג אין פנים געווארפען. יענער
אבער וויל זיך דורכאוים ניט אונטערגעבען. ווען קאהן קומט אריין,
באליידיגט איהם דער לייטענאנט. דער דועל איז אומפארמיידליך.
קאהן ווערט פון דעם לייטענאנט׳ס קויל געטראפען.

די ארימע עלטערען פון דעם צו טויט פארוואונדעטען, קומען
איצט אריין אין הויז פון די מאיערס, וואו ער ליגט. ער שטארבט.
ווען מאזער זעהט זיי ביידע, פארגליווערט און אומבאוועגליך אין
זייערע אלטע אידישע, איהם אליין פרעמד געווארענע מנהגים,
גלויבט ער, אז זיי האבען בארעכטיגט זיין אפפאלען פון דעם
אידענטום. מיט אזעלכע לייט האט ער קיין געמיינשאפטליכעס
ניט. אט דא איז דער פונקט, וואו עס ווערט שווער מיט דעם דיכ־
טער איינצושטימען. מאזער, וועלכען מיר האבען קענען געלערנט
אין א וואקסענדער, טראגישער פארפיינערונג, דארף ניט געפיהרט
ווערען צו אזא געדאנקען־שלוס. מיט ארימע לייט פון דעם
קרייז פון דעם פארל קאהן וואלט דער געהיימראט ניט געהאט קיין
געמיינשאפטס־אינטערעסען און געדאנקען, אפילו ווען זיי וואלטען
ניט געווען קיין אידען. זייער באשרענקטקייט, ארימקייט, יא, זיי־
ער לעבערליכקייט און אפילו דאס געפיהל פון פאראכטונג צו זיי,
קאן אבסאלוט קיינמאל ניט אפווישען דעם היסטארישען פאקט פון
פאלקס־חברשאפט. אין א פאלק זיינען פאראן פארשידענע מענ־
שען, מיט פארשידענע געוואוינהייטען, געדאנקען, געפיהלען מעלות
און נידערטרעכטיגקייטען. די געמיינשאפט פון די איינצעלנע אין
פאלק איז ניט אויף אזוי ווייט ענג, אז מען זאל קאנען פארלאנגען

א פאָלקאָמענע אדער אפילו אויך נאר א נאָהענטע איבעראיינשטי־
מונג. דאָך זיך אָפּזאָגען קאָן מען נאר פון א פּאַרטיי, נאָכדעם
ווי מען האָט צו איהר באַלאַנגט, ניט אבער פון דעם פאָלק, און
וועניגסטענס ניט, אזוי לאַנג ווי עס איז אונטערדריקט. אין אזא
לאַגע מוז יעדער איינער — ווי ווייט ער זאָל זיך ניט האָבען דער־
ווייטערט—נאָך גיכער זיך אײַלען אהיים, צו דער פאָהן. דאָס אַלזא,
וואָס הער מאָזער שטעלט זיך צום שלוס צופרידען מיט דעם אויס־
רייד וועגען די פאַרשידענקייטען צווישען זיינע און די פרום־אידי־
שע אנשויאונגען, מאַכט איהם ערשיינען פיעל שוואכער, איידער ווי
ער האָט זיך ארויסגעוויזען אין פארלויף פון דער האנדלונג. און דעם
ענערגישען מוסר־השכל פון דעם שטיק ווערט ביים נאר־לעצטען
אויגענבליק דער שפּיץ אָפּגעבראָכען.

פונדעסטוועגען דארפען מיר זיך פרעהען מיט אָט דער מעכ־
טיגער דראמע. פאר די לייט, וועלכע זיינען מחוץ פון דעם איצ־
טיגען געטא, וועט זי דערציילען, אז דאָס אידענטום איז ניט טויט,
ווייל אויך אין א צייט פון די שווערסטע מאָראלישע ליידען, איז עס
אימשטאַנד ארויסצוברענגען בלומען, וואָס קאָנען נאר פון אן ענער־
גיש און מוטיג פאָלק ארויסשפּראָצען. און נעמליך: נאַציאָנאַלע
קונסט־ווערק.

דר. קאָהן באמערקט פאָלגענדעס איידער ער פארשווינדעט:
„אפשר בין איך נאָר דערפאר אין דער אומגליקליכער לאַגע, ווייל
ניט תמיד האָט אין אונזער צייט יעדער איינצעלנער איך געהאַל־
טען, אז די שנאה פון דעם פיינד צווינגט אויף איהם ארויף דעם
שטאָלץ פון א רעכטמעסיגען פארטרעטער פון זיין גאנצען שטאַם.
דאָס וואָס ס'האָט היינט אין דעם פּלאַץ אויסגעבראָכען, שטעלט
מיט זיך פאר טויזענט־יעהריגע, אַלטע שטרעמונגען פון דער וועלט־
געשיכטע...“

אָט דאָס איז די בעסטע כאראקטעריסטיק פאר דעם גייסט־
רייכען אינהאַלט פון אָט דער ציוניסטישער דראמע. עס שפּיע־

לעז זיך אין איהר אַף טויזענט־יעהריגע אלטע שטרעמונגען. זי איין פול מיט געשיכטע און געגענווארט און שפאנענד איז זי ווי די ווארהייט.

20טען יאנואר, 1899.

# די אויפגאַבען פון דער באַנק.

די אידישע קאָלאָניאַל־באַנק אין לאָנדאָן, וועמעס גרינדונג עס איז די ערשטע פּראַקטישע ארבייט פון דעם פּאָליטישען ציוניזם האָט שוין נאָך איידער זי איז געבאָרען געוואָרען אסך טינט גע־מאַכט פליסען. אלע מעגליכע מיספארשטענדענישען האָט מען קינסטליך פאבריצירט, אויב זיי זיינען נאר פון זיך אליין ניט אויפ־געקומען. די געגנער האָבען זיך מיט'ן גרעסטען פליים דערצו גע־נומען — די איינפאַכסטע זאַך צו פארטונקלען און צו פארדרעהען. עס האָט זיך אָבער ניט געלוינט די אנשטרענגונג מיט אַט די אלע בייזוויליגע און אומפארשטענדיגע אַ פּאָלעמיק צו פיהרען. איצט אָבער איז די צייט געקומען צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם מהות און די אויפגאבען פון דער באַנק, וועמעס פּראָספּעקט און סטאַטוטען עס ווערען צושיקט פון לאָנדאָן.

די אידישע קאָלאָניאַל־באַנק וועט טאַקי אזוי ווי עס ווערט אין איהר פירמע־נאָמען קלאָר און איינפאַך געזאָגט — דינען דער אידישער קאָלאָניזאַציאָן. און טאָן וועט זי עס אין אַ ריין ציוניס־טישען זינען. עס איז דאָ ניט געמיינט קיין בעטלעריי־קאָלאָניזאַ־ציאָן, נאר אַ רעגעלמעסיגע אגריקולטורעלע און אינדוסטריעלע באַ־זעצונג אויף דער באַקאַנטער רעכטליכער גרונדלאַגע.

עס האָט געמוזט נעמען אַ שטיקעל צייט ביז מען האָט אלע פאַרבינדונגען געשאַפען, איידער מען האָט געקאָנט דענקען צו נע־מען זיך פאַר דער גרינדונג פון דער אידישער קאָלאָניאַל־באַנק. איינע פון די וויכטיגסטע פאַר־בדאינגונגען איז געוועזען די אויפקלע־רונג פון דער עפענטליכער מיינונג וועגען די צוועקען און צילען פון

דעם ציוניזם. אונזערע קאנגרעסען, אונזערע אויפריכטיגע און איבע־ראל געהענדע פובליקאציאנען האבען דערצו פיעל בייגעטראגען. היינט קאן מען שוין רוהיג באהויפטען, אז דער ציוניזם האט פאר זיך געווינען אנערקענונג אין ערנסטע פאליטישע קרייזען. ער איז א באוועגונג, וועמעס גינסטיגע ווירקונג עס באשרענקט זיך ניט נאר אויף די אידען אליין. ער שטעלט מיט זיך אויך פאר א געווינס פאר דער אלגעמיינער קולטור. און דעריבער עקסיסטירט היינט קיין צווייפעל מעהר ניט, אז דער ציוניזם האט מיט די פארשידענע אומשטורץ־באוועגונגען קיין פארוואנדשאפט און קיין צוזאמענהאנג ניט. עס איז ניט דער געדאנק פון צעשטערונג, נאר דער געדאנק פון אויפבויאונג, וועלכער דינט איהם אלס גרונדלאגע.

דאס אלץ איז אפט געזאגט געווארען. מען קאן זאגאר באהויפ־טען, אז עס איז שוין צו אפט ווידערהאלט געווארען. נייע פאר־מולעס אבער קאנען ניט אפט גענוג אויסגעשפראכען ווערען. זיי מוזען זיך אין זכרון גוט איינקריצען. געוויס דארף זיך די באוועגונג אפשפיגלען ניט נאר אין ווערטער אליין. די ציוניסטען זיינען ניט קיין דעקלאמאטארס. זיי ווילען זיך ניט פארשכור'ן מיט ווערטער. זיי ווילען זיך דערהויבען אין ניכטערער, געדולדיגער ארבייט. דיאך ציוניזם הויבט איצט אן אן ארבייטס־הילף אויף א גרויסען מאס־שטאב, א זעלבסט־הילף פאר ארבייט.

און נאכדעם, ווי מיר האבען אט דעם צוועק דייטליך—און ווי מיר האפען — דורך די איינפאכקייט פון אונזערע ערקלערונגען — איבערצייגענד פונאנדערגעוויקעלט — ווילען מיר אציגד שא־פען דאס פינאנציעלע ווערקצייג פאר דער אויספיהרונג פון די פלע־נער וואס זיינען שוין איצט דער גאנצער וועלט באקאנט.

וואס וועט די אידישע קאלאניאל־באנק מאכען? זי וועט מאכען געשעפטען. זי וועט אלע רעגעלמעסיגע באנק־געשעפטען דורכפיהרען, מיט א באזונדערן פארצוג פאר אזוינע געשעפטען, וואס דינען פאר קאלאניזאטארישע צוועקען. ביי דער געלעגענ־הייט פון דער פראוויזארישער סובסקריפציאן, וועלכע איז אונטער־

נומען געווארען אום צו זעהן, צי עס איז פאראן א שטימונג פאר א באנק־גרינדונג, האט מען פעסטגעשטעלט, דעם אנגענעם־איבערראשענדען פאקט, אז די באנק האט שוין דורך איהר נאמען געוואונען א שנעלע פאפולאריטעט. די פיהרענדע הערן פון דעם באנק־דירעקטאריום האבען אויס די מיטהיילונגען, וואס זיי האבען דערהאלטען אין משך פון די לעצטע חדשים פון אלע זייטען, געשעפט די איבערצייגונג אז דער אינסטיטוט וועט אומגעוועהנליך שנעל דערגרייכען צו א זעהר גרויסען געשעפט־פארקער. אין דעם צווייטען פאלק, וואס צעהלט אסך סוחרים איז דאס פארשטענדניש און אינטערעס פאר דעם געפלאנטען אינסטיטוט באלד געוועזן צו באמערקען. די באנק דארף זיך שוין איצט רעכענען אויף א קונדשאפט, וואס וועט זיך ציהען פון קאנאדא ביז ארגענטיניען, פון עגיפטען ביז טראנסוואל און געוויס אין יעדען לאנד פון דער וועלט.

דערמיט וואס די אידישע קאלאניאל־באנק וועט פיהרען אויך די געוועהנליכע באנק־געשעפטען — ענדיגט זיך איהר אויפגאבע נאך ווייט ניט. זי וועט זיין די פארמיטלערין ביי דער דערגרייכונג פון דעם באדען פאר קאלאניזירונג און דערנאך צו פינאנסירען די קאלאניזירונג. שוין איצט צו באשטימען אלע איינצעלהייטען ווי אזוי דאס אלעס וועט זיך אפשפיגלען, וואלט געוועזן נוצלאז און זאגאר ניט קלוג. אזוי שנעל אבער ווי די באנק־פיהרער וועלען אין זייערע הענט האבען די נויטיגע ערלויבענישען — וועלען זיי מאכען דעם נעכסטען שריט און גרינדען די לאנד־געזעלשאפט. דאס ארויסלאזען אקציעס פאר דער לאנד־געזעלשאפט נאך דעם מוסטער פון דער געטשארטעטער קאמפאני, וועט געוויס זיין דאס גרעסטע געשעפט, וואס די אידישע קאלאניאל־באנק וועט מאכען.

דאס זיינען אין אלגעמיינע שטריכען די אויפגאבען פון דער באנק, אזוי ווייט ווי זיי לאזען זיך שוין איצט פאראויסזעהן. מען קאן זעהן, אז עס איז עפעס דורכאוים פראקטישעס, רעאליזירבארעם און פארנונפטיגעס. אלס אן אונטערנעמונג, וואס איז באגרינדעט אויף א ריין געשעפטליכען פונדאמענט, און וואס איז אויף־

ווי־וויים עס האנדעלט זיך וועגען איהר עהרליכער אנטוויקלונג — אונטער דער אויפזיכט פון פארלעסליכע פארטרויענס־מענער דארף די באנק אונטערנעמען פינאנץ־געשעפטען. ערשטענס דאס נארמאלע באנק געשעפט, מיט זיינע פארשיעדענארטיגע, מאדערנע פארצווייגונגען. צווייטענס, די פארמיטלונג פון געשעפטען מיט יענער רעגירונג פון וועלכער מען דארף ארויסקריגען דאס רעכט אויף קאלאניזירונג. דריטענס, די גרינדונג פון דער גרויסער לאנד־געזעלשאפט, וועלכע איז בארופען צו פארוואנדלען דעם ציוניסטישען פלאן אין א ווירקליכקייט.

10טען פעברואר, 1899.

## די מיליאָנען פון דער יק"א.

דער גרויסמוטה פון די באזיגטע ווייזט זיך ארויס אין דעם צוזאמענשטויס פון אויפריכטיגע מיינונגען. אויב נאָר מען ווערט געשלאָגען דורך לאָיאַלע וואפען, דערנידעריגט מען זיך ניט; פאַר־קערט, מען פארשאפט זיך ערע — ווען מען שטרעקט אויס די האַנט צום געגנער, וועלכער איז אין קאַמף גליקליכער געווען. דאָס דריקען זיך די הענט נאָך דעם דועל — איז אפשר דאָס מענשליכ־סטע אין דעם גאַנצען געשלעג. צום באַדויערן, מוזען מיר קאָנ־סטאטירען, אז ביי אונזערע אידישע געגנער פעהלט צייטענווייז אָט די גוטע מדה.

דער גרונט פאַר דעם ארטיקעל איז א פּאַסירונג פון דער לעצ־טער צייט. אין אידישע צייטונגען פון אַן אנדער ריכטונג ווי אונ־זערע, ווערט מיט א געוויסער אפּזיכט געמעלדעט, אז די מיליאָנען פון דער אזוי־גערופענער יק"א (דזשואיזש קאָלאָניזיישאָן אסאָסי־איישאָן) ליגען אָנגעגרייט פאר דער קאָלאָניזירונג פון פּאַלעסטינא. די וואס זיינען נאָהענט מיט דער זאַך, ווייסען דאָך די אמת'ע אומ־שטענדען. עס פרעגט זיך דערפאר: פאַר וואָס עפּעס ווערען אָט די זאכען גראד איצט און אזוי אפּזיכטליך פּובליצירט? וואס פאַר א צוועק פארפאָלגט מען דערביי?

די מילאָנען פון דער יק"ט (צווישען 260 און 270 מיליאָן פראַנק) דארפען ארויסרופען דעם געדאנק, אז די אידישע קאָלאָ־ניאַל־באַנק איז איבעריג. אויב ס'איז שוין דא אזוי פיעל געלט פאר דעמזעלבען צוועק — טאָ נאָך וואָס דאַרף מען נאָך א באַנק מיט א קאַפּיטאַל פון נאָר פופציג מיליאָן פראַנק? און פון דער

איינפאכער איבערלייגונג, אז די באנק איז איבעריג, ווייל ס׳איז שוין דא געלט גענוג, ביז צום שלום אז ס׳איז איבעריג פאר די ציוניסטען און פאר אלע אנדערע וואס האבען פארטרויען צו דער זאך, אונטערצושרייבען זיך אויף אקציעס — איז נאר איין טריט. און אט אזוי וואלט די אידישע קאלאניאל־באנק, וועלכע איז שוין אצינד ביי געוויסע, אידישע באנקירען העכסט אומבאליעבט — גליקליך אונטערגעגראבען געווארען. עס ווערט דעם אבאנענט א צווייפעל ארייגעלאזט. ער מוז זיך זאגען: יא, אויב די מיליאנען פון דער יק״א זיינען גרייט פאר דער ארבייט, טא נאך־וואס זאל איך צולייגען נאך א פונט, אדער צעהן פונט, אדער טויזענט פונט שטערלינג? אפנים אז מען וויל דא, אונטער עפעס א תירוץ פשוט אזוי זיך גרינדען א באנק. און אזעלכע זיינען שוין גענוג פאראן.

אזא מין געדאנקען־גאנג וואלט זיך אבער באזירט אויף א מיספארשטענדניש. מיר ווילען עס רוהיג אויפקלערען. אונזערע געגנער האבען אונז ווידער א טובה געטאן, כאטש זייער אפזיכט איז זיכער געווען צום שלעכטען. עס וואלט אונז אפשר ניט געוועזן איינגעפאלען אפילו צו באמערקען דאס, וואס מיר געהען איצט זאגען. אויף אזוי וויט זעלבסט־פארשטענדליך האבען מיר עס געהאלטען.

קודם־כל דארף מען ניט פארגעסען דעם אונטערשיד צווישען דעם פארמעגען פון שטיפטונגען און פון א באנק.ביידע זיינען פליסיג ווי וואסער, אבער דאס ערשטע שטעהט שטיל און דאס צווייטע באוועגט זיך. עס איז דער אונטערשיד ווי צווישען א ריטשקע און א טייך. מיט דעם וואסער פון א ריטשקע קאן מען קיין מילען ניט טרייבען, מיט דעם וואסער פון א טייך קאן מען עס. אט דער פארגלייך פארשפארט אונז אויפצוצעהלען אלע איינצעלנע פונקטען, דורך וועלכע א באנק און א שטיפטונג זיינען פארשידען. דאס וואס א ריטשקע עקסיסטירט מאכט דאך דעם טייך ניט איבערפליסיג.

אבער וועמעס מילען וועלען דאָ געטריבען ווערען? זיינען עס אפשר די מילען פון די גרינדער פון דער באנק? אָט דער ניטריינער פארדאכט קאָן זיך אפילו איין אויגענבליק ניט האַלטען, ווען נאר מען לעזט דורך די סטאטוטען און דעם פראספעקט פון דער אידישער קאָלאָניאַל־באַנק. דער ערשטער פונקט, וועלכען מען קאָן ניט ענדערן לויטעט, אז די גרינדער אדער די בעלי־בתים פון די גרינדער־אקציעס קאָנען ניט קריגען קיין שום געלט־פארטיילען. דער אמת איז, אז נאָך קיינמאָל איז א באַנק אונטער אזעלכע באַדינגונגען ניט געגרינדעט געוואָרען. און מיר, וואָס ווילען דעם אידישען נאָמען מיט א נייער ערע באדעקען, שטעלען צו מיט באַזונדערער פרייד דאס אייגענשאפטס־ווארט „אידיש“ צו דער אונטערנעמונג, וועלכע איז פאר אונז א פּאָליטישע. יא, מיר באהויפּטען, אז די אונטערנעמונג איז אנדערש ווי דאס, צו וועלכען די גרויסע בענק האָבען צוגעוואוינט די וועלט. ווען די גרויסע באַנקירען נעהמען זיך צונויף עפּעס צו גרינדען און שרייבען זיך אונטער אויף א פּראָספּעקט — ווערען זיי דערפאר תיכף באצאָלט. ווען מען זאָל אָט דעם פינאַנציעלען מנהג באטראַכטען ניט דורך די ראָזיג־געפארבטע און אין גאָלד איינגעראַמטע ברילען פון די ספּעציעלע פארטיידיגער — וואָלט מען איהם געמוזט געבען פאלגענדע כאַראַקטעריסטיק: די גרויסע באַנקירען לאָזען זיך באצאָלען פאר זייערע אונטערשריפטען פון דעם געלט, וואָס דאַרף אריינקומען דורך דער סובסקריפּציאָן. דאָס הייסט אז זייער קרעדיט ביים פּובליקום פארקויפען זיי צו דעמזעלבען פּובליקום, וואָס באַמערקט ניט אָט דעם האנדעל. מען וואָלט נאָך פיעלעס דאריבער געקאָנט זאָגען, אבער מיר ווילען זיך אצינד לענגער דארויף ניט אויפהאַלטען. דאָס אָבער זאָל פעסטגעשטעלט ווערען, אז די גרינדער פון דער אידישער קאָלאָניאַל־באַנק ווערען פאר זייערע אונטערשריפטען אויף דעם פּראָספּעקט ניט באצאָלט; פארקערט. זיי האָבען נאָך דערפאר באצאָלט. אלע, ווי זיי זיינען אויסגערעכענט, מאָן פאר מאָן האָבען עס געהאַלטען פאר אַן ערע און

פאַרגעניגען בייצוטראָגען צו די באַדייטענדע גרינדונגס־קאָסטען, און עס איז אבסאָלוט אויסגעשלאָסען, אז זיי זאָלען דערפאַר ווען עס איז קאָנען עפּעס פאַר זייער אייגענער קעשענע פּראָפיטירען. נאָר אויף אזוי ווייט אויף וויפיעל זיי זיינען אקציאָנערען, קאָנען און ווען זיי גלייך מיט אלע אנדערע קריגען די רעכטמעסיגע די־ווידענדען. און בעת די גרויסע באַנקירען, האָבענדיג א דירעקטען נוצען פון זייערע פּראָספּעקט־אונטערשריפטען, האַלטען ניט אַן פאַר זיך די אַרויסגעגעבענע ווערט־פּאַפּירען, פאַרשווייגען עס אבער — האָבען די ניט־באַצאָלטע גרינדער פון דער אידישער קאָלאָ־ניאַל־באַנק אויך פאַר זיך געקויפט אקציעס, איינינע פון זיי ביז צו צוויי טויזענט שטיק. דעם פאַקט אז זיי אליין האָבען אזוי פיעל אַקציעס געקויפט האָט מען פון דער ערשטער מינוט באַקאַנט גע־מאַכט און דאס איז געטאָן געוואָרען, כדי אין פאַל פון א באַדיי־טענדער קורס־שטייגערונג, זאָל מען די גרינדער פון דער באַנק ניט קאָנען מאַכען דעם פאַרוואורף, אז זיי האָבען פאַר זיך אויסגענוצט די לאַגע, א דאַנק זייער גענויער באַקאַנטשאַפט מיט די אינערליכע פאַרהעלטענישען. און אויך האָט מען עס געטאָן צוליעב דעם, כדי מען זאָל זעהן, אז זיי אליין האָבען פאַרטרויען צו דער פאַלקסטימ־ליכער אונטערנעמונג, וועלכע זיי רעקאָמענדירען צו אנדערע. אזוי ווי מיר האָבען גערעדט וועגען די גרויסע באַנקירען, האָבען מיר שוין אגב־אורחא געוואָלט ארויסברייננען אין דער ליכטיגקייט אַט דעם חלוק אין דער האַנדלונג און אויפפיהרונג.

גענויסע טיילען פון אונזערע גוט־באַקאַנטע אויפגאַבען מוזען געלייזט ווערען דורך געלט. אַבער עס איז א טעות, וועלכען קליינע מענשען מאַכען, אז דאָס אליין איז גענוג. ווייל ניט איינער בלייבט קליין אויך אויף א באַרג פון געלט־זעק. די „פּראַקטישע" לייט, וועלכע ווילען אונז ניט פאַרשטעהן, אדער זיי קאָנען דאָס ניט א דאַנק זייער קליינעם מח, באַגעהען דעם טעות. וואָס זיי ווילען די זאַך באַשליסען על־פּי חשבון: היות ווי די קאָלאָניזירונג פון איין פאַמיליע קאָסט 5243 פראַנק מיט 27½ סאַנטים — וויפיעל־

זשע ווען קאָסטען די קאָלאָניזירונג פון 17626 פאַמיליעס? דערצו נאָך קומען ערשט צו אַ גאַנצע מענגע פון קאָמפּליקאַציעס וועלכע האָלטען איין אין באַשעפטיגען דעם באַשרענקטען שאַרפזין: די 17626 פאַמיליעס האָבען וויינינגסטענס 17626 פאַרשידענע באַ־דירפנישען. וויפיעל־זשע דונאַם באָדען, זריעה, פערדע, אייזען, קיה און אָקסען דאַרפען זיי? אַזוי קינדיש אַבער קאָן מען אָט דאָס פּראָבלעם ניט לייזען. מען וואָלט דערגרייכט אַ פאַנטאַסטישע סומע, ווען מען וויל אָט אויף אַזאַ אופן אויסרעכענען. וויפיעל געלט ס'איז נויטיג פאַר דער קאָלאָניזירונג פון דעם אידישען פאָלק. יעדענפאַלס איז פאַר דעם ניט גענוג ניט דאָס אַקציען־קאַפּיטאַל פון דער אידישער קאָלאָניאַל־באַנק, ניט דאָס פאַרמעגען פון דער יק"א, ניט דאָס געלט פון די פיעל אַנדערע קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפטען און אויך פון אַלע באַנק־באַראָנען. די ווירקליכע קאָלאָניזירונג פון די אידישע מאַסען אויף דעם באָדען צו וועלכען זיי שטרעבען מוז מען געווים אָפּשאַצען אויף מעהרערע מיליאַרדען.

די „פּראַקטישע" רעכנער וועלען אַצינד מיט אַן איבערלייגטען שמייכעל באַהויפּטען, אַז אָט די מיליאַרדען מוז מען צוערשט זעהן במזומנים. פּונקט ווי עס איז דער פאַל מיט די דריטהאַלטען הונ־דערט מיליאָנען פון דער יק"א. און לייט מיט אַזעלכע האַריזאָנטען ווילען אָט אַזאַ גרויסע פאָלקס־זאַך באַאיינפלוסען! שוין־זשע קאָנען זיי באמת ניט פאַרשטעהן די פּרימיטיווסטע ערשיינונגען פון דער פאָלקס־ווירטשאַפט? ס'איז אַבערהויפּט ניטאָ אַזוי־פיעל געלט, אום אַ פאָלק צו טראַנספּאָרטירען און צו קאָלאָניזירען. פאַרקערט אָבער איז פאַר דעם גענוג אַן איינציגע, איינפאַכע, אַלגעמיינע אי־דעע, אַזאַ ווי אונזער פאָלקסטימליכע אידעע. איך וויים ניט צי זיינען אַמאָל צו דעם אידען־רייכען באַראָן הירש, אָדער צו באַראָן עדמונד ראָטשילד געקומען מענשען — ווי זיי זיינען עס געקומען צו מיר, פאַרשטעלענדיג זיך אַלס באַזיצער פון קלענערע אָדער גרע־סערע פאַרמעגענס און פרעגענדיג אַן עצה, ווי אַזוי זיי קאָנען זיך „דאָרטען" קאָלאָניזירען. עס זיינען געווען צווישען זיי מענשען,

וועלכע האָבען פארמאָגט צוויי־הונדערט טויזענט פראנק און מעהר, אָדער גרופּען, וועמעס יעדער מיטגליד האָט געמוזט נאָכוויזען, אז ער האָט צעהן טויזענט רובעל. אין אזעלכע פאלען קאָנען די „פּראקטישע“ גאר ניט טאָן, ווייל עס האנדעלט זיך דאָ ניט וועגען איינשפּאנען אָקסען — די איינציגע זאך, אין וועלכער זיי זיינען גוט איינגעאיבט. די מענשען ווילען אלעם אונטערנעמען אויף אייגענער רעכנונג און אייגענער ריזיקע. וואָס זיי פּארלאנגען אבער איז — די רעכטליכע זיכערקייטען, א זאך, וואָס מיר „פּאָליטישע“ האָבען זיך געשטעלט אלס אויפגאבע צו שאפען. מיר שטעהען דאָ ניט מיט א מינע פון פּארגינערס, און מיר טוען ניט קיין שום טובות צו א פּאָר פּאמיליעס, וואס באַשרענקען זיך ווייניג־וואָס דערמיט וואָס זיי האָבען צופעליג א טובה געקראָגען און וועמען די קרובים און די שכנים האָבען אין א שטענדיגער נויט געלאָזען. מיר באטראכטען זיך פיעל מעהר פאר פּרייווילליגע אָנגעשטעלטע, און ניט באצאָלטע דינער פון דעם גאנצען פאָלק, פאר וועמען מיר ווילען פּארבארייטען נייע עקסיסטענץ־באדינגונגען. דערפאר איז אונזער חשבון גאר אן אנדערער און ווער וואָגט עס זיין ריכטיגקייט צו באַשטרייטען? מיר זאָגען נעמליך: עס איז נויטווענדיג אזוי פיעל און אזוי פיעל, לויט די מענשען וואָס ווילען קומען. די פּראקטישע ווידער זאָגען פארקערט: נאר אזוי פיעל מענשען ווילען אהין אימיגרירען ווי פיעל געלט עס איז אָנגעגרייט פאר זייער קאָלאָניזירונג.

לויט אונזער רעכענונג שטעהט דאס קאפּיטאל וואס וועט דארפען אריינגעלייגט ווערען אין א גלייכער פּארהעלטעניש צו דער צאָהל פון די קאָלאָניסטען. פאר ווייניג קאָלאָניסטען — ווייניג, פּאר פיעל קאָלאָניסטען — פיעל געלט.

די אנטוויקלונג מוז זיין א נאַטירליכע, אן אָרגאנישע. האָבען דען אונזערע געגנער קיינמאָל ניט געהערט עפּעס וואָס וועגען דער געשיכטע פון גרויסע קאָלאָניזאציאָנען? אָנהויבענדיג מיט דער עפישער צייט פון דער פעלקער־וואָנדערונג ביז ארויף צו אונזערע

טראַנסוואַל־טעג איז דער גרונט־צוג איין־און־דערזעלבער: דער אויסוואַנדערער אליין פאַרענטפערט זיין עקאָנאָמישע אדער מאָראַלישע נויט — אינדיווידועל אדער אין מאַסען — מיט דעם באָדען. ער זוכט אַן אנדער שטיקעל פלאַץ, און באַזעצט זיך דאָרט, וואו ער קריגט בעסערע באַדינגונגען, וואו ער געפינט ארבייט און זיכערקייט פאַר דאָס דערוואַרבענע, און מעהר פרייהייט, רעכט און ערע, ווי אויף דעם פריהערדיגען פלאַץ. מיר באַטראַכטען אַלזאָ ניט פאַר אונזער אויפגאַבע די לייט אריבערצושיקען. אונזער אויפגאַבע איז: דאָרט פאַר זיי בעסערע באַדינגונגען צו שאַפען. און דאַמאָלט וועט קימען, ווער עס וועט וועלען. דאַמאָלט קומט יענער, וועלכער זוכט ארבייט און זיכערקייט פאַר דאָס דערוואָרבענע, ווער עס וויל געניסען מעהר פרייהייט, רעכט און ערע, ווי ער האָט אצינד.

די באַנק אָבער וועט געבען דער טערקישער רעגירונג פינאַנציעלע הילף אויף־אַזוי־וויט, אויף וויפיעל עס וועט דערפאַר געגעבען ווערען אַ געגען־ווערט אין דער פאָרמע פון רעכטען פאַר דער קאָלאָניזאַציע.

דאָס אריינלייגען פון ארבייטס־קראַפט און אונטערנעמונגס־קאַפּיטאַל מיז פּאַמעלאַך דורכגעפיהרט ווערען, אַנגעפיהרט פון דער קאָלאָניאַל־באַנק וועז אויך מיט דעם ניט צו אונטערשעצענדען צוריקהאַלטען זיך פון די מיליאָנערישע קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפטען. אָט דאָס איז דער גאַנצער פּלאַן, וועלכער איז דאָך אַזוי קלאָר און אויך פּראַקטיש געגוג.

האָט מען אָבער וועגען דער באַנק אַזוי פיעל מעשיות שוין דערציילט, אז מען מוז אויך ניט איין נאַרישע פאַרשטעלונג צוריקווייזען, כאָטש אייגענטליך די צוריקווייזונג אליין ווירקט שוין אויך קאָמיש.

דאָס אקציען־קאַפּיטאַל פון דער באַנק וועט אין קיין פאַל ניט פאַרטיילט ווערען צווישען די קאָלאָניסטען, פונקט ווי עס וועט אויך ניט אַוועקגעגעבען ווערען צו דעם טערקישען שטאַטס־שאַץ.

דער אינסטיטוט דארף פארמיטלען די אויספיהרונג פון הלואות אונטער די בעסטע באדינגונגען און אויך די אנרעגונג פון אגריקול־טורעלע, טעכנישע, אינדוסטריעלע און קאמערציעלע אונטערנעמונ־גען, אט דאס זיינען די מילען, וועלכע דער טייך וועט האבען צו טרייבען. אז א וואוילטאט, וואס מעג ווי גרויסארטיג דורכגעפיהרט ווערען שליסט ניט אוים דאס עקאנאמישע פארקערם־מיטעל פון דער באנק — לאזט זיך לערנען דורך א ביישפיל, וואס מען האט אונז די טעג מיטגעטיילט פון פאלעסטינא. די אויף א וואוילטע־טיגען אופן איינגעפלאנצטע קאלאניסטען ליידען אונטער הארטע קרעדיט־באדינגונגען. די צינזען באטראגען פון 24 ביז 30 פרא־צענט א יאהר. א באנק, וואס קומט אין אזעלכע פארהעלטענישען איז דאך געוויס א באדירפניש. און וואס מעהר געלט עס איז שוין פאראן פאר דער פראקטישער קאלאניזאציע, אלץ וויכטיגער איז אט דאס באדירפניש.

וואלטען די קאלאניאל־געזעלשאפטען פארווענדעט זייערע פאנ־דען ניט אין דער ריכטונג, וואס אנטשפרעכט די וואונשען פון דעם פאלק, דאמאלט וואלט די באנק געוועזן א נויטווענדיגקייט און נעמ־ליך אלס אן ערזאץ. ווען אבער די פארשידענע גרויסע און קליינע יקא'ס מארשירען אויך אין דערזעלבער ריכטונג, דאמאלט איז די באנק ערשט רעכט א נויטווענדיגקייט און נעמליך אלס אן ערגענ־צונג.

די ארגומענטאציעס פון אונזערע געגנער ווענדען זיך געגען זיי אליין. וואס מעהר מיליאנען די קאלאניזאציאנס־געזעלשאפטען פארמאגען, אלץ נויטווענדיגער ווערט די באנק פאר דער קאלאני־זאציע אלס א גאנצעס. ווער פארשטעהט דאס ניט?

31טען מערץ, 1899.

# רעדע אין לאָנדאָן.

(געהאלטען דעם 26טען יוני, 1899).

קאָנט איהר די געשיכטע פון דעם אראבער, וועלכער האָט גע־הרג'עט א מענשען דערפאר וואָס ער האָט איהם געפרעגט וואוהין ער טראָגט זיין קאלב?

אָט די געשיכטע האָט מיר דערצעהלט א דאמע דאָ אין ענג־לאנד פריהער מיט אייניגע יאָהרען. און איך וויל זי אייך יעדענ־פאלס איבערדערצעהלען, וויל עס איז אן אינטערעסאנט מעשה'לע פול מיט זינען. אן אראבער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט, ווי די מייסטע פון זיינע לאנדסלייט, מיט א געדולדיגען, גלייכ־מוטיגען כאראקטער האָט איין מאָל געטראָגען א קאלב פון זיין דאָרף אין שטאָדט אריין, און ווען ער איז אזוי געגאנגען אויפ'ן וועג גאנץ מונטער, איז איהם אנטקעגען געקומען א מאן און איהם געפרעגט: וואוהין טראָגסטו דיין קאלב?

אונזער אראבער האָט געענטפערט: „אין שטאָדט אריין, מיין פריינד, גאָט זאָל דיך בענשען!“

אייניגע מינוטען שפּעטער, איז א צווייטער פארביי געגאנ־גען און געפרעגט: „וואוהין טראָגסטו די קאלב?

אונזער אראבער האָט געענטפערט: אין שטאָדט אריין, מיין פריינד, גאָט זאָל דיך בענשען!“

עס איז אוועקגעגאנגען בלויז א מינוט און א דריטער, א פער־טער, א פינפטער איז פארביי געגאנגען. דער מאן מיט דעם קאלב האָט דערוועקט ביי יעדען די זעלבע פראגע; און אונזער אראבער,

זייענדיג א גערולדיגער מאן, האָט געהאַלטען גאנץ פריינדליך איין ענטפערען: „אין שטאָדט אריין, מיין פריינד, גאָט זאָל דיך בענשען!“.

אָבער געדולד איז א שטאָף וואָס נוצט זיך אָפּ. ווען אונזער אראַבער האָט פופצעהן אָדער צוואנציג מאָל געגעבען דיזעלבע תשובה אויף דער זעלבער פראגע, האָט איהם ענדליך אָנגעהויבען צו פארדריסען. זיין תשובה איז געוואָרען קירצער: „אין שטאָדט אַריין, מיין פריינד“. די ברכה האָט ער אָנגעהויבען אַרויסצולאָזען. אָט אין אזאַ פאָרם האָט ער ווידער אמאָל געגעבען א טוץ תשובות, ביז אויך אָט די תשובה איז פאר איהם צו לאנג געוואָרען, אזוי אז דעם נעקסטען פראגע־שטעלער האָט ער שוין געענטפערט גאנץ טרוקען: „אין שטאָדט אריין!“ און דערביי איז שוין זיין טאָן געוואָרען אלץ בייזער, ענדליך אפילו גראָב. ער איז געווארען שרעקליך אויפגעבראכט; איהם האָט זיך געדאכט, אז ניט אנדערש, ווי נאָר, אז אָט די אלע מענשען האָבען זיך אָפּגעמאכט צווישען זיך פון איהם חוזק צו מאכען. און ווען איהם האָט זיך געדאכט, אז ער זעהט אויפ׳ן פּנים פון דעם ניינציגסטען אָדער הונדערטסטען, וועלכער האָט איהם געפרעגט „וואוהין טראָגסטו דיין קאלב“, א שמייכעל פון חוזק, האָט אונזער אַראַבער זיין קאלב אוועקגעלייגט, האָט דעם מאן ביים גאָרגעל אָנגעכאפּט, און איהם דער׳הרג׳עט.

די ציוניסטען זיינען איין א געוויסען זינען אין דער לאגע פון דעם אראבער מיט׳ן קאלב. מען שטעלט זיי תמיד דיזעלבע פראגע און זיי ווערען צוביסלעך אומגעדולדיג. און דערמיט קאָן דער־קלערט ווערען, פארוואס די דיסקוסיע פאר אונזער זאך נעהמט צייטענווייז אָן געררייצטע פאָרמען. איך וואָלט אבער ווילען ראַ־טען אונזערע פריינד, ניט צו פאַרגעסען, אז דאָס זיינען תמיד אלץ נייע פארבייגעהער, וועלכע זיינען נאָך ניט אויפגעקלערט. לאָמיר זיי רוהיג געבען די געווינשטע תשובה, און לאָמיר ניט פאַרגעסען,

אז וואס אפטער מרי גיבען זיי די תשובות, אלץ נאהענטער זיינען מיר צו דער שטאָדט.

זעהט איהר, שוין גאָר אַנדערש איז, ווען מענשען, וועלכע מען האָט שוין איינמאָל געענטפערט, קומען מוטווילינ צוריק און פרעגען נאָך אמאָל, אדער זיי ענטפערען גאָר צוריק: „דאָס איז ניט אמת, דו געהסט ניט אין שטאָדט אריין!", אדער: „עס עקסיסטירט איבערהויפט קיין שטאָדט ניט!", אדער: „איך בין ניט דיין פריינד און גאָט וועט דיך ניט בענשען!". צו אזעלכע געגנער מוזען מיר זיך פשוט אומקערען מיט'ן רוקען, פאַרטזעצען אונזער וועג און טראַכטען: אַט באלד זיינען מיר אין שטאָדט.

אָבער די תמיד גלייכע תשובה קאָן איך מיר דאָ היינט פאַרשפּאַרען. איהר ווייסט אלע, וואוהין מיר שטרעבען. די פראַגע וואס שווימט ארויף ביי דעם אדער יענעם איז אפשר נאָר די: צי מיר זיינען אויף דעם ריכטיגען וועג?

וואס איז אונזער ציעל? מיר ווילען פאַרבארייטען פאַר דעם אידישען פאָלק א רעכטליך־געזיכערטע היים אין זיין אלטען לאַנד פאַלעסטינא. מיר האַלטען עס פאַר דער ענטגילטיגער לייזונג פון דער אידען־פראַגע. אַט די לייזונג זעצט פאַראויס דריי זאַכען.

ערשטענס, די עקסיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק;

צווייטענס, די פאַסיגקייט פון פאַלעסטינא פאַר קאָלאָניזאַציע.

דריטענס, די זיכערקייט פון די רעכטליכע גרונד־לאַגען.

צום ערשטען פונקט: ווען מיר האָבען אָנגעהויבען אונזער באַוועגונג, האָבען מיר נאָר געקאָנט אָננעהמען, אז עס עקסיסטירט נאָך אַן אידיש פאָלק. היינט ווייסען מיר עס. עס איז באַוויזען אויף דעם דייטליכסטען און מאָדערנסטען אופן פון דער וועלט. מיר האָבען נעמליך, אַן אידישע פאָלקס־פאַרטרעטונג. זינט צוויי יאָהר, אז זי ווערט אָפּגעהאַלטען אין באַזעל און הייסט ציוניסטען־קאָנגרעס. מיינע דאַמען און הערן, איך ווייס ניט צי איך וועל עס דערלעבען, אבער איך בין פעסט איבערצייגט, אז מענשען פון מיין עלטער וועלען זעהן די פאַרווירקליכונג פון אונזער וואונש. מיר

וועלען וואוינען אין ארץ ישראל אלס פרייע מענשען. צי איך אליין וועל זיין דערביי אדער ניט, איז פאר דער זאך גלייכגילטיג; אבער אויב איך וועל זיין דערביי, וועל איך איבער קיין זאך זיך ניט פרע־העז מעהר, פון קיין זאך ניט מיטגעריסען ווערען, מעהר ווי פון דעם ערשטען באזעלער קאנגרעס אין יאהר 1897. ווייל דאס איז געווען דער ערשטער לעבענס־צייכען פון דעם שיינבאר טויטען אי־דישען פאלק. ווי שוואך דער אטעם־צוג, ווי שטיל דער פולס־שלאג, צו וועלכען מיר האבען זיך דאמאלט צוגעהערט, ציטערענ־דיג פון אנגסט און האפענונג, האט ניט געמעגט זיין — מיר האָ־בען געוואונען די איבערצייגונג, אז אונזער פאלק לעבט נאך. אלעס, וואס עס וועט שפעטער־צו נאך אויפטאן, קאן אונז מעהר ניט אי־בערראשען. דער גליקליכער אויגענבליק איז געווען יענער ביי דער גרענעץ פון דעם לעבען, ווען מיר האבען געזעהן, אז דער טויט־גע־גלויבטער האט די אויגען געעפענט. ווען איינער, וואס ווערט צו־ריק לעבעדיג, גערהט אויך ארום, און עסט און טרינקט און טאנצט און שפילט אויף א פלייט און האקט האלץ, און לעזט ביכער און מאלט בילדער — דאס אלעס איז ניט מעהר צו באוואונדערן. וואונדערבאר איז נאר דאס צוריקקערען זיך צום לעבען, דער ערש־טער פיהלבארער פולס־שלאג, דער ערשטער זיכטבארער אטעם־צוג. און אונזער פליכט איז געווען, אט דאס לעבען ניט צו לאזען מעהר איינשלאפען, און צוליעב אט דעם צוועק דינט די אגיטאציע פון די בראווע ציוניסטען־פאראיינען איבער דער גאנצער וועלט. פון סי־ביר ביז דרום אפריקא און דרום אמעריקא גיט עס היינט שוין טוי־זענדע אזעלכע פאראיינען, וועלכע אנערקענען דאס גרונד־געזעץ פון ערשטען באזעלער קאנגרעס און ווירקען לויט דעם. דאס איז די נאציאן, אונזער נאציאן!

איצט גיט עס צווישען אונז מענשען, וועלכע פארדרעהען מיט דער נאז, און זאגען: „יא, די ארעמע, אבער ניט די רייכע!" אט די לייט האבען אלס א כלל ניט פארדינט, אז איך זאל זיי געבען גוטע עצות. פונדעסטוועגען וויל איך זיי אפראטען עהנליכעס אין

דער עפענטליכקייט ארויסצוזאָגען. ווייל זיי באשטעטיגען דערמיט די ערגסטע אורטיילען פון די אנטיסעמיטען, אז ביי די אידען איז געלט אלעס, אז די אידען האָבען פאר קיין זאך ניט אזוי פיעל רעספּעקט ווי פאר דעם געלט, אָהן אונטערשיד ווי אזוי מען האָט דאָס געקראָגען. לאָמיר זיך היטען פאר אזא אויפפאסונג, ווייל זי איז געמיין און אפילו ניט קלוג. אויב מען איז שוין גענוג ניט פיין אזוי צו דענקען, מוז מען וועניגסטענס זיין גענוג קלוג עס צו באַהאַלטען. איבעריגענס, באשטעהט ליידער יעדעס פאָלק אָם מייסטען פון אָרימע, און צי וועט אפשר איימיצער וואגען אפּצולייקענען די עקסיסטענץ פון דעם ענגלישען אָדער פראנצויזישען פאָלק דערפאר וואָס עס פאַלען אוים אזוי וועניג מיליאָנערען אויף אזוי פיעל הונגער־ליידענדע?

דאָס זיינען געמיינהייטען, פארצייט זיי מיר. די געגנער צווינגען אונז אזעלכע נידריגקייטען פארצובריינגען.

איצט צום צווייטען פונקט, מכח דער קאָלאָניזאציאָנס־מעגליכקייט פון פּאַלעסטינא. דעם באווייז דערפאר האָבען שוין פאר אונז געגעבען די אזוי גערופענע פּראקטישע ציוניסטען. זיי האָבען אונטערנומען די ארבייט אויף א קליינעם מאסשטאָב, און עס איז געלונגען. איך האָב תמיד גערעדט מיט אכטונג וועגען די ארבייטען פון אָט די מענער, כאָטש איך האלט עס פאר ניט גענוג, אום צו לייזען די גרויסע פראגע. און דערפאר טאקי האָבען מיך די אָנגריפען פון אָט דער זייט נאָך שמערצליכער באַרירט. ווען מען הויבט היינט־צו־טאָג אָן איבעראל צו קענען און צו שאצען די פּראָבען פון די פּראַקטישע — טאָ איז עס אפשר א דאנק אונזער גרעסערער פּראָפּאַגאנדא. ווייל פיעל אידען, וועלכע ווילען נאָך ניט אננעמען אונזער אויפפאסונג באציהען זיך שוין איצט פיעל סימפּאטישער צו די באשיידענדע פּאָרדערונגען פון די פּראַקטישע. און דערפון נעמט זיך עס, וואָס די פּראַקטישע קאָנען היינט געהן האנט איין האנט מיט אזעלכע, פון וועלכע זיי זיינען פריהער ניט געאכטעט, אָדער אויסגעלאכט געוואָרען.

פון דעסטוועגען זאגען אט די אלע לאזונגען און פארטיי־נעמען גאר ניט. איך וואלט אייך געקאנט באווייזען אז די אזוי גערופענע פראקטישע ווילען אייגענטליך זיין פאליטיש, און אז מיר, די פאליטישע, גלויבען אייגענטליך אז מיר זיינען פראקטיש. די פראקטישע האלטען עס נעמליך פאר קליגער ארייגצוברייגגען אין פאלעסטינא אייניגע הונדערט טויזענט אידען צוביסלעך און אומבאמערקט; און דאמאלט, ווען זיי זיינען שוין דארט, צו פארלאנגען פאר זיי די רעכטען. אומבאמערקט? אייניגע הונדערט טויזענט מענשען? יא, אום גאטעס ווילען, ווי אזוי שטעלען זיי זיך דאס פאר? איך גלויב, אז זיי שטעלען זיך עס גאר ניט פאר. זיי הויבען בלויז אן צו ארבייטען. אט למשל אזוי, ווי ווען אייניגע מענשען זאלען האבען דעם געדאנק אוועקצושטעלען אויף א געוויסען פלאץ א הויז, וואס טוען זיי? זיי זיינען ניט קיין טרוימער, קיין פאנטאזיארען, זיי ווייסען, אז א הויז ווערט צוזאמענגעשטעלט פון שטיינער. טא שלעפען זיי אריבער מיט גרויסער איינשטרענגונג איין שטיין צו דעם בוי־פלאץ. און זיי דענקען, אז ווען אויך די אנדערע וועלען אזוי טאן, דאמאלט וועט דאס הויז אויפגעבויט ווערען.

ניין! אזוי וועט דאס הויז קיינמאל ניט אנטשטעהן! עס וועט אבער אויפגעבויט ווערען ווען מען וועט פריהער אנצייכענען דעם פלאן. דאמאלט איז אייער שטיין נוצליך. פריהער ניט!

און דא האלטען מיר ביי דעם דריטען פונקט, ביי דער רעכטליכער פארזיכערונג. אויב עס וואלט געווען נאריש צו בויען אהן א פלאן, וואלט אויך געווען ניט קלוג אויסצופיהרען בוי־פלענער אזוי לאנג ווי דער בוי־גרונד איז אונז ניט געזיכערט; אנדערש קאן אונז נאך דער אייגענטימער ארונטערררייסען די געביידע אדער אונז ארויסטרייבען פון דעם הויז, וואס מיר האבען פארפארטיגט.

איז עס דען דערפאר ניט פראקטישער קודם כל צו זיכערען דאס רעכט פאר דעם וואס מיר געהען בויען? ווי אזוי זאל דאס געשעהן? אויב די פארהעלטענישען זיינען אזעלכע, אונטער וועל־

כע מען קאָן תיכף ומיד דעם בוי פּלאַץ ניט קויפען — קאָן מען איהם אפשר נעמען אין פּאַכט, אָדער שאַפען א צינז פאַרהעלטעניש? דאָ אין ענגלאַנד זיינען דאָך זעהר גאַנגבאַר די רעכטס־פאַרהעלטע־נישען פון די Superficies און Emphyteusis וועלכע מען קען וועניג אויף דעם קאָנטינענט. אָט אַזאַ מין אַריבערטראָגען פון רעכטען אויף דעם געביט פון פּאָליטיק וואָלט איך געוואָלט און האָף דורכצו־פיהרען מיט דער טערקישער רעגירונג, און אין דעם אויגענבליק, וואו די סואווערעניטעט פון זיין מאַיעסטעט דעם סולטאַן קומט ניט אין פראַגע, וואו די געזיכערטע איינוואַנדערונג קיין פּאַלעס־טינא באַדייט פאַר דער טערקיי ניט נאָר ניט קיין פאַרקלענערונג פון איהר געביט, נאָר, פאַרקערט, די פאַרשטאַרקונג און די ווערט־העכערונג פון איהר באַזיץ — קאָן מען זיך געוויס צונויפרעדען. מיר איז געלונגען צו געווינען פאַר אָט די אידעען זעהר איינפלוס־רייכע אונטערשטיצער. אָבער היות, ווי איך בין ניט אין דער גליק־ליכער לאַגע פון סער סעסיל ראָדעס, מוז איך איבער ניט איין היסר טאַריש מערקווירדיגער אונטעררעדונג אָננעמען א מויל מיט וואַ־סער, כאָטש איך ווער געשטעלט אין דער געפאַהר, אז אונזערע געג־נער זאָלען באַהויפּטען, אז איך האָב גאַר ניט וואָס צו זאָגען.

ווען איך האָב אין פאַריגען הערבסט, דאָ אין לאָנדאָן — איי־דער די ציוניסטישע דעלעגאַציע איז אָפּגעפאָהרען קיין פּאַלעסטי־נא — געגעבען אן אנדייטונג מכח פּאַסירונגען וואָס וועלען קומען, האָב איך שוין געהאַט געוואוסט פאַרשידענעס וועגען די זאַכען, וואָס האָבען זיך געהאַלטען אין פאַרבאַרייטען.

עס איז אַן אויסערגעוועהנליך שווערע אויפגאַבע מיט וועל־כער קליגערע און ערפאַרענערע לייט ווי איך בין וואָלטען געהאַט צרות; ווען פון איין זייט מוז מען דערפילען דאָס פאַרטרויען פון מענשען, וועלכע סימפּאַטיזירען מיט אונז דערמיט וואָס מיר שוויי־גען, און פון דער אנדערער זייט ווערט מען פאַרשאַטען מיט פראַ־גען: ווי אַזוי שטעהט עס? וואו האַלטען מיר? ווען, ווען, ווען?

און אין אַט דער דילעמאַ ווייס איך מיין פליכט אָהן שום קווייקלונג. מיין פליכט איז צו שווייגען, אפילו אויפ'ן חשבון פון דער פּאָפּולאַריטעט, ביז דאָס ווערק, וואָס איך האָב אונטער־נומען, איז פאַרטיג.

איך ווייס, וואָס אונזערע געגנער וועלען דערצו זאָגען. איך ווייס עס, גלייך ווי איך וואָלט שוין געהערט זייערע רעדען און געלעזען זייערע צייטונגען. ער האָט זיך שוין ווידער אַמאָל אויס־געדרעהט, געמאַכט אומבאַשטימטע פאַרשפּרעכונגען, געשפּייזט די אָרימע מיט האָפנונגען. די גאַנצע זאַך איז אַן אויסערגעוויינליכע פאַרבלענדונג. מיר אָבער קאָנען בלויז ענטפערען, אַז מיר טראַ־גען די פאַראַנטוואָרטונג, פאַר דאָס, וואָס מיר זאָגען און וואָס מיר האָבען געזאָגט.

צום גליק פעהלט מיר די צייט צו לעזען אַלע באַליידיגונגען מיט וועלכע מען באַוואַרפט מיך פון דער אידישער זייט. בלויז פון צייט צו צייט דערהאַלט איך אַ זאַמלונג, אַ בוקעט פון זידלע־רייען. עס רופט אין מיר אַרויס מעהר בושה ווי צאָרן. איך שעהם זיך אַלס איד, וואָס עס געפינען זיך צווישען אונז מענשען, וועלכע באַשימפען אַן אַרבייטער פאַר דער פאָלקס־זאַך. ווען אַט די קריי־גערייען וועלען אַריבערשטייגען די געטאָ־מויערען פון אונזער דיס־קוסיע און אַריינדרינגען אין דער ווייטער עפענטליכקייט, וועט אפשר ניט איין גלייכגילטיגער שאָקלען מיט'ן קאָפּ און ניט איין שונא וועט זאָגען: זעהט, אָט דאָס זיינען די אידען! אַט אַזוי באַ־האַנדלען זיי זייערע אייגענע קינדער, וועלכע באַמיהען זיך פאַר דער טובה פון זייער פאָלק.

איז מען דען ניט געגאַנגען אַזוי ווייט שוין, צו באַהויפּטען אַז איך האָב געלט־נוצען פון דער זאַך? אַט די לייט וואָלטען באמת פאַרדינט, אַז איך זאָל אַרויס מיט אַ חשבון, וואָס מיך האָט שוין די באַוועגונג געקאָסט, ניט נאָר אין צייט און אַרבייט, נאָר אויך שוין אין געלט־אָפּפער. מיינע נאָהענטסטע פריינד ווייסען עס. אי־

בעריגענס, מוז איך אויך דאָס פאַראיבערגעהן מיט שווייגען, ווייל איך האָב אין זינען דעם כבוד פון די אידען.

מיט א באזונדערען כעס איז מען אויף מיר אָנגעפאַלען, ווען מיר זיינען, אויספיהרענדיג די באשלוסען פון קאָנגרעס — צוגעטראָטען צו דער גרינדונג פון אן אידישער קאָלאָניאַל באנק. עס איז געווען איינער פון די ווענד־פּונקטען אויף אונזער וועג צו דער שטאָדט. און ווער עס האָט אונז געזעהן טראָגען אונזער קאָלב, פאר מיינע פריינד און מיר איז די גרינדונג פון דער אידישער קאָלאָניאַל באנק געווען דער גרעסטער קרבן, וואָס מיר האָבען ביז אָהער געבראכט פאר דער ציוניסטישער באוועגונג. איך רייד דאָ ניט וועגען דעם געלט, וואָס מיר האָבען דערלעגט פון אונזערע קעשענעס.

ווייל כאָטש מיר זיינען אידען, איז פאר אונז דאָס געלט ווייט ניט דאָס העכסטע. דער קרבן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיר זיינען נאָהענט צוגעטראָטען צו א געשעפטליכער אונטערנעמונג, ווען אפילו אָהן וועלכער עס איז אפזיכט אויף א מאטעריעלען געווינס.

ווען עס איז געקומען די צייט, ווען מיר האָבען ניט געקאָנט מעהר אָפּלייגען די שאפונג פון דעם פינאנציעלען אינסטרומענט, האָב איך צו אן ענגלישען פריינד געשריבען א בריעף, אין וועלכען איך האָב איהם געזאָגט: „איצט איז אריבער די שעהנע צייט. אין וועלכער מען האָט מיך באטראכט פאר א משוגע'נעם. פון איצט אן וועט מען מיך באהאנדלען ווי א געשעפטס־מאן. אָבער אויך אָט דעם עקזאמען וועל איך ווי עס איז מוזען אויסהאלטען."

איך זעה אין דעם גאָר ניט קיין שלעכטס, ווען מען גיט זיך אָפּ מיט געשעפטען. אבער א שריפטשטעלער זאָל ניט זיין קיין געשעפטסמאן, און פאר א דינער פון א פאָלקס־באוועגונג איז עס עפּעס וואָס עס איז שווער איבערצוטראָגען.

קיינמאָל נאָך האָב איך ניט אַזוי ריכטיג נביאות געזאָגט ווי

דאַמאַלט, — און די אידען וואָלטען געקאָנט צופרידען זיין, ווען אַלע
מיינע ווערטער זאָלען זיך אַזוי דערפילען ווי יענע, וואָס איך האָב
דאַמאַלט געשריבען. אין אמת'ן איז מיין נביאות נאָך פיעל מעהר
איבערטראָפען געוואָרען. דאָ אין לאָנדאָן איז עס געווען, אויף אַן
עפענטליכער פאַרזאַמלונג, וואו א הער, וועלכען איך קאָן ניט נאָ־
מענט, וועלכער האָט אבער יעדענפאַלס אין זיין לעבען געהאַט צו
טאָן מיט געלט מעהר פון מיר, האָט אַרויסגעזאָגט די השערה, אַז
מיר ווילען אוועקרויבען ביי די אָרימע לייט זייער געלט.

פאַר וואָס האָט ער דאָס געזאָגט? אַזוי ווי איך האָב אין מיין
לעבען ניט געמאַכט קיין געשעפטען פון וואָס'ר ס'איז כאַראַקטער,
ווייס איך ניט צי ער האָט געמיינט, אַז יעדע פינאַנציעלע באַוועגונג
שטעלט מיט זיך פאַר אַ רויבעריי. עס וואָלט געווען אַ פערעפראַזירונג
פון דומאַ'ס ווערטער : Les affaires, c'est l'argent des autres :
(„געשעפט הייסט פרעמדעס געלט") אָדער, אפשר האָט ער גע־
מיינט, אַז נאָר די פינאַנציעלע אונטערנעמונגען פון אידען טראָגען
אָט דעם כאַראַקטער? אויב אַזוי וואונדער איך זיך, ווי אַזוי דער
הער ווירדיגער טשיעף ראַבי האָט איהם ניט אריינגעלייגט אין
חרם, אָדער — וואָס עס וואָלט פאַר איהם געווען נאָך מעהר
שמערצליך — ווי אַזוי די באַנקירען פון משה רבנו'ס גלויבען האָ־
בען מיט איהם ניט אָפּגעבראָכען די פאַרבינדונגען. וואָרשיינליך
האָט ער בלויז מיט א שפּראַך פון דעם לעבענס־קרייז צו וועלכען
ער געהערט, געוואָלט באַטאָנען, אַז ער האָט ניט קיין פאַרטרויען
אין דער זאַך, און זעהט איהר כאָטש וואָס עס איז דערגרייכט גע־
וואָרען? גראַד דערפאַר וואָס די באַשימפּונגען זיינען געווען איבער־
טריבען, זיינען זיי געבליבען אָהן ווירקונג. מיינע פריינד און איך
וואָלטען געווען טיף געקרענקט, ווען מען וואָלט אונז געווען אוועק־
געשטעלט ווי געשעפטס־לייט. אָבער ווען מען האָט אונז באַהאַנ־
דעלט ווי רויבער — דאָס, זעהט איהר, האָט אונז שוין געטרייסט.

און וואָס באַדייטען פאַר אונז אָט די אַלע פאַרדעכטיגונגען;
פאַר אונז, וועלכע ווידמען גערן אונזער גאַנץ לעבען פאַר אָט דער

טייערער זאך. זי גערהט פארווערטס — און בלויז דאס איז די הויפטזאך.

אָט די פון דעם אָנהויב אָן פאָרלייגדעטע קאָלאָניאַל באַנק איז היינט געזיכערט. זי איז א פאַקט, א ציפער, מיט וועלכער עס וועלען זיך מוזען רעכענען אויך די ציפער־מענשען, ספּעציעל די ציפער־מענשען. עס איז וועניג געזאָגט, ווען איך דערקלער, אז די באַנק וועט זיין בעסער, ווי די רעפּוטאַציע, וואָס מען האָט זיך באַמיהט וועגען איהר צו פאַרשפּרייטען. זי וועט איבערהויפּט זיין גוט. פאַרוואָס?

ווען איך זאָג, אַז די קאָלאָניאַל באַנק וועט פאַרוואַלטעט ווערען געוויסענהאַפט, ווייל דער רירענדער צוטרוי פון אומצעהליגע קליינע לייט פון דער גאַנצער וועלט לעגט אויף אונז אַרויף אַן ערנסטע, דויערענדע און מאָראַלישע פליכט — וועלען די געגנער ענטפערען: יאָ, גראַד דאָס דאַרף ערשט באַוויזען ווערען. דערפאַר וויל איך אייך דעם אַנדערען גרונט אָנגעבען: דער אויפזיכטראַט. צו וועלכען איך האָב די עהרע צו באַלאַנגען צוזאַמען מיט פיעלע געלערנטע, שריפטשטעלער און ניט געשעפטס־לייט, קאָן ניט קריגען — לויט זיינע סטאַטוטען — קיין שום פאַרמעגען־געווינס, אין וואָס'ר פאָרם עס זאָל ניט זיין. און אויב נאָר מען האַלט אונז ניט פאַר אַנהענגער פון א נייעם ספּאָרט, וואָס באַשטעהט אין דעם, אַז די מיטגלידער פון דעם אויפזיכט־ראַט זאָלען צוקוקען ווי אַזוי די דירעקטאָרען ראַבעווען די אַקציאָנערען, און זאָלען זיך דערביי אפשר אויך ווערען, וועלכער קאַסירער עס גנב'עט אַם שנעלסטען — מוז מען דאָך אָננעמען, אַז אָט דער, מיט גענוגענדער מאַכט פאַרזאָרגטער אויפזיכט־ראַט, וועט טאָן זיין פליכט.

אָבער אָט די פליכט איז נאָך ניט דערפילט מיט דעם וואָס עס וועט געהאַלטען ווערען אָרדנונג. עס האַנדעלט זיך דאָ ניט וועגען דער שאַפונג פון נאָך אַן אידישער באַנק. אַזעלכע עקסיסטירען שוין גענוג אונטער פאַרשידענע מאַסקען. עס האַנדעלט זיך

דא וועגען דער ציוניסטישער באנק, און אזעלכע וועט זי אויך זיין. וואס הייסט דאס?

זאל אפשר דאס לאנד פון אונזערע שטרעבונגען געקויפט ווע־רען אויף דעם אקציען־קאפּיטאל פון דער באנק? דערפאר וואל־טען דאך צוויי מיליאן פונט געווען א צו נישטיגע סומע. מיט אזעלכע באהויפּטונגען וויל מען דאך אונז בלויז מאכען לעכערליך און אוועקשטעלען ווי נאראנים. די באנק האט אן אנדער אויפ־גאבע. זי דארף פארמיטלען דאס קריגען פון טשארטער, וועלכען איך האב פריהער דערמאנט, ווען איך האב אייך פארגעשטעלט דאס בילד, ווי אזוי מען קען פארפאכטען דאס לאנד.

מיר ווילען באקומען פון דער טערקישער רעגירונג א טשאר־טער, כדי צו קאלאניזירען פאלעסטינא אונטער דער סואווערעני־טעט פון סולטאן. ווען טערקיי וועט צולאזען די פליסיגע, פריד־ליבע אונטערנעמונגס־לוסטיגע אידען צו באארבייטען די נאטיר־ליכע אוצרות פון לאנד — וועלען זיך פאר איהר עפענען אומגע־הויערע פארטיילען. עס זיינען היינט־צו־טאג פאראן נאר ווניג טערקישע שטאטס־מענער, וועלכע באגרייפען ניט אט די נוצ־ליכקייט פון דער ציוניסטישער באוועגונג. די אידען וואלטען מיט זיך געבראכט אין דער טערקיי וואוילשטאנד און א מאדערנעם עקאנאמישען אויפשוואונג.

וואס די פארווירקליכונג פון אונזער פלאן באדייט פאר איי־ראפּא — דאס האבען די רעגירענדע הערן און דיפּלאמאטען פון היכער שטעלונג אויפ'ן קלארסטען אופן אנערקענט. עס וואלט געווען דער סוף פון דער גיפטיגער, העסליכער אידען־פראגע, כאטש קיינער פון אונז דיינקט ניט, אז אלע אידען זאלען זיך איבער־קלייבען קיין פאלעסטינא, — נאר דער וואס עס האט לוסט, ווער עס וויל זיין לאגע פארבעסערען דערמיט וואס ער וועט געהן אהין. און אונזער געדאנקען־גאנג איז אזוי קלאר און דייטליך: ווען דער אנבאט פון אידען וועט ווערען קלענער, דאמאלט וועט די נאכפראגע אויף אידען שטייגען; אונזער ווערט וועט דאמאלט שטייגען.

מיר וועלען אויך מעהר ווערט זיין. מיר ווילען אריבערטראַ־
גען קולטור אין דעם מזרח, און אייראָפּא וועט נאָך אמאָל דערפון
פּראָפּיטירען. פאר דעם פארקער וועלען מיר עפענען נייע וועגען
— און קיינער האָט ניט אין דעם קיין גרעסערען אינטערעס, ווי
ענגלאנד מיט איהרע אזיאטישע קאָלאָניעס. דער קירצעסטער וועג
קיין אינדיען פיהרט דורך פּאלעסטינא. מיר וועלען זיך נויטיגען
אין די פּראָדוקטען פון דעם קולטור־לאנד, ביז וואנען מיר וועלען
אליין אָנהויבען צו פּראָדוצירען, און מיר ווילען אויך, אזוי שנעל
ווי מעגליך, אליין פּראָדוצירען אונזערע ארטיקלען.

אין די לעצטע פופציג יאָהר זיינען פארגעקומען אין ווירט־
שאַפטליכען לעבען פון דער מענשהייט גרעסערע ענדערונגען, ווי
פריהער אין משך פון טויזענט יאָהר. מיט דעם דאמף און דער
עלעקטריציטעט איז אין דער וועלט פייערליך אריינגעקומען א נייע
ער גייסט. אָט דער גייסט זאָל שוועבען איבער דער ציוניסטישער
באוועגונג. איך רייד שוין ניט וועגען די אומצעהליגע איגדוס־
טריען, א דאנק וועלכע אונזער עקסיסטענץ איז געוואָרען אזוי
פארשידען־פארביג. וואס קאָן איך, אָרימער בארבאר פון דעם
קאָנטינענט, דערצעהלען וועגען דעם צו די איינוואוינער פון ענג־
לאנד? איהר האָט אונז ווייט אריבערגעיאָגט אין אלע טעכנישע
עראָבערונגען, פּונקט ווי די גרויסע פּאָליטיקער פון אייער לאנד
זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבען איינגעזעהן די נויטווענדיג־
קייט פון קאָלאָניאלער אויסברייטונג. דערפאר פלאטערט די פאָהן
פון גרויס־בריטאניען איבער אלע ימים.

און דערפאר גלויב איך, אז דאָ אין ענגלאנד מוז די ציוניס־
טישע אידעע, וועלכע איז א קאָלאָניאלע, לייכט און שנעל פאר־
שטאַנען ווערען, און נעמליך אין איהר מאָדערנסטער פאָרם. אלעס,
וואָס מענשליכער פליים קאָן שאפען אין אנדערע לענדער, וועט ער
דאָך קאָנען שאפען אויך דאָרט וואו עס האָט אמאָל אין די וואונ־
דערבארע טעג געפלאָסען מילך און האָניג. פארוואס אייגענטליך
זאָל דאָס גראָדע דאָרט ניט מעגליך זיין? צי דערפאר, ווייל מיר

האלטען היינט פיעל ווייטער אין דער באהערשונג פון דער נאטור ? פארטראכט אייך נאר אויף דער פשוט'קייט פון די פריהערדיגע טעג, און גיט אייך אליין א תשובה.

ווען איך זאל ניט האבען גערעדט שוין אזוי לאנג, וואלט איך פאר אייך פאנאנדערגעוויקעלט דאס איינפאכסטע לעבענסמיטעל, דאס ברויט, זיין געשיכטע, זיין אנטוויקלונג און זיין היינטיגען צושטאנד. פון דעם דאמף־אקערבוי, פון די זעע־און־דרעש־מאַשינען ביז צו דער באקטעריאלאגישער אונטערזוכונג פון דעם שוועמעל — וואס פאר אן אונטערשיד אין פארגלייך מיט דער צייט פון אונזערע פאטערס, וועלכע האבען געמוזט באנעצען זייער ברויט מיט מעהר שוויים ווי מיר. באטראכט נאר גוט אט די נאהרונג אינדוסטריען, ווי ברויט און ביער, וויין און עסיג, ראם און קאניאק, — טאבאק און קעז, ווי מערקווירדיג אנדערש אלעס איז געווארען.

יא, ווען איך זאל נאר ניט באזיצען אזא ניט־אויסהיילבארע מורא פארשאלטען צו ווערען אלס פאנטאזיאר און אוטאפיסט — וואלט איך פאר אייך געמאלט די קומענדע איינריכטונג פון אונזער לאנד, מיט אייזענבאנען, טעלעגראפען, טעלעפאנען, אויטאמאביל־וואגענס און נאך ענליכע זאכען, וואס קלינגען ווי אויסגעטראכטע מעשיות, וואס קיין מענש האט נאך קיינמאל ניט געזעהן.

אבער מיט אזעלכע איינריכטונגען אויף אונזער ניי־אלטען באדען שעפט זיך נאך ניט אויס דאס, וואס איך האלט פאר ציוניזם. איך גלויב ניט, אז דאס פאלק פון בוך האט זיך אזוי לאנג, און דורך אזעלכע ליידען דורכגעראנגעלט, כדי אמאל צו ברייננען אהיים בלויז די נייע פארקערס־מיטלען. די ליידען פון דעם פיעל געפרואוועטען פאלק האבען געמוזט האבען אן אנדערען זין.

עס מוז זיך אין אונז באוועגען א בענקשאפט נאך גערעכטיגקייט, נאך מענשליכקייט, און מיר מוזען זי באפרידיגען. עס איז אפשר ניט די עלעגאנטעסטע געזעלשאפט, ווען מען שטרעבט צום ציל צוזאמען מיט בעטלער און הונגער־ליידענדע. אבער איך

רייד דאָך ניט פון דער שוהל־בימה און דערפאר דאַרף עס מיר דערלויבט זיין צו זאָגען, אז דאמאָלט ווען דאס ציל איז די גע־רעכטיגקייט, שרעקען מיר, ציוניסטען, זיך ניט אָפּ צו געהן צו־זאמען מיט בעטלער און הונגער ליידענדע. אפשר וועלען מיר ביי אָט דער געלעגענהייט אנטדעקען און פארווירקליכען די מעגליכ־קייט פון סאָציאלער פארבעסערונג, וואס וועט אויך צוניץ קומען פאר די ארימע און אונטערדריקטע פון אנדערע פעלקער. ערשט דאמאָלט וועלען מיר זיין אמת'ע אידען.

# דריטע קאָנגרעס־רעדע.

(געהאַלטען אין באַזעל דעם 15טען אויגוסט, 1899)

אין דער פייערליכער שעה, ווען די פאַרטרעטער פונ׳ם אידי־שען פאָלק, קומענדיג פון די ווייטסטע מרחקים, פאַראייניגען זיך דאָ, זאָל אונזער ערשטעס וואָרט זיין א דאַנק דער שיינער פרייער שטאָט וואָס נעהמט אונז ווידער אויף אַלס געסט. אָט די דאַנק־באַרקייט פיהלען ניט נאָר די וואָס זיינען דאָ פאַרזאַמעלט, נאָר אויך די וואָס האָבען זיי אַהער געשיקט פון זעהר ווייטע טיילען פון דער וועלט. באַזעל, דער באַזעלער קאָנגרעס, דאָס באַזעלער פּראָגראַם — אָט די ווערטער קלינגען שוין היינט היימיש אונזער פאָלק און באַדייטען פאַר איהם א טרייסט, א האָפענונג.

מיר זיינען דאָ צום דריטען מאָל צו באַקלערען די קלאָגען און פאַרלאַנגען פון א פאָלק וואָס וויל ווידער דערוואַכען צו א נייעם לע־בען. אין אָנפאַנג האָט עס געקאָנט אויסזעהן, אפשר זעהט עס אַזוי אויס נאָך איצט ביי אַנדערע, אַז עס איז א קליינע פעולה וואָס מיר קומען אַהער און האַלטען רעדען, רעדען פול מיט זיפצען. אָבער די צווייפלער פאַרזעהן, אַז אויך אין אַנדערע פאַרטרעטענדע קערפּערשאַפטען ווערט נאָר גערעדט. און ווער וועט לייקענען, אַז רעדען פון אַזאַ פּלאַץ האָבען דעם שטאַרקסטען איינפלוס אויף די געגענוואַרט און צוקונפט פונ׳ם פאָלק? פאַרשטעהענדיג דאָס, האָ־בען מיר זיך באַמיהט צו שאַפען אַן אָרט, פון וואַנען אונזערע ווער־טער זאָלען געהערט ווערען: אָט די אידישע בימה.

אַזוי ווי אונזער פאָלק וויל ניט צוריקקעהרען צו א פאַרצײ־

טיגען לעבען, נאָר דערוואַכען צו אַ לעבען פון היינט, האָט עס גע־מוזט קודם כל קריגען אַ היינטמאָדישען אָרגאַן אויף אַרויסצוזאָגען זיין ווילען צו לעבען. דאַרום האָבען מיר אין דער בימה אונז דער־וואָרבען אַ טייערע זאַך. זאָלען מיר עס גוט היטען.

דורך דעם ערנסט און די רוהיגקייט פון אונזערע באַראַטונגען קאָנען מיר הויבען דעם כבוד פון דער בימה אימער העכער. דורך נאַרישקייטען און קריגערייען וועלען מיר עס גיך צושטערען. די בימה וועט זיין אַזוי הויך ווי די רעדען וואָס ווערען אויף איהר געהאַלטען. מיר האָבען ניט קיין אויסערליכע מאַכט וואָס זאָל צוגעבען קראַפט אונזערע ווערטער; זייער איינציגע באַדייטונג קאָן דאַרום קומען נאָר פון דער אינערליכער קראַפט פון דער אידעע און פון דער ריינקייט פון די געדאַנקען וואָס ווערען דאָ אַרויסגעזאָגט. דאָס מוז יעדער פון אונז האַלטען שטענדיג אין זי־נען, ווען ער וויל דאָ ריידען פאַר'ן אידישען פאָלק און צום אידי־שען פאָלק.

נאָך אַ זאַך. מיר קומען ניט אַהער אום זיך אָפּצוגעבען מיט די אינערליכע פּאַסירונגען פון די איינצעלנע לענדער, פון וועלכע מיר זיינען בירגער. אַזוי צו טאָן וואָלט געווען אַ שווערער פעהלער און וואָלט נאָר געפיהרט דערצו, אַז מען זאָל האָבען אַ פאַלשען באַגריף פון אונזער קאָנגרעס. אונזער עובדה דאָ איז בלויז צו באַ־ראַטען זיך איבער די לאַגע פון אונזער פאָלק און צוזוגרייטען אַ געזעצליכע און מענשענפריינדליכע לייזונג, אונטער דער השגחה פון דער עפענטליכער מיינונג. אַז מיר האָבען קיינע זייטיגע כונות ניט, איז באַוויזען געוואָרען דורך אַלץ, וואָס מיר האָבען ביז אַהער געטאָן. מיר באַגרענעצען אַליין אונזער אַרבייט כדי אויס־צומיידען יעדען אָנפאַל. מיר ווילען אַרבייטען פאַר דעם וואויל־זיין פון אידישען פאָלק. דאָס איז אונזער רעכט. עס איז אונזער פליכט.

אַלגעמיינע שוועריגקייטען קאָן מען בייקומען דורך אַן אָפּענ־הערציגען אויסבייט פון מיינונגען צווישען פאַרשידענע לענדער.

דער באגריף פון מענשליכקייט אין דער היינטיגער געבילדעטער וועלט איז שוין דערוואקסען דערצו. דאס האט מען געקאנט מער־קען ווען דער שלום־פארשלאג פון זיין מאיעסטעט דעם רוסישען קייזער האט דערפרייט די וועלט. איהר וועט זיך דערמאנען, אז מיר זיינען דא געווען פארזאמעלט, ווען אט דער גרויס געפלאנ־טער פארשלאג איז באקאנט געווארען, און אז דער ציוניסטישער קאנגרעס איז געווען די ערשטע קערפערשאפט, וואס האט געקאנט אויסדריקען איהר באגייסטערונג דאריבער. א יאהר איז שוין פארביי. דער געדאנק פון שלום האט שוין אנגעהויבען זיין ארויס־פאהר אין דער ווירקליכקייט, הגם ער איז נאך ווייט פון ציל. אונז מעג דאס דינען אלס ביישפיל פון געדולד. אויב די גרויסע פון דער וועלט באגנוגען זיך מיט א לאנגזאמען פארשריט פון זייערע העכסטע אידעען, ווי מוזען שוין מיר ארימע מענשען צופרידען זיין ווען מיר קאנען אנווייזען, אז עס געהט א ביסאלע פארווערטס.

מיר וואלטען אלזא געמוזט אנגעהן ווייטער מיט אונזער אר־בייט, ווען עס וואלט אפילו ניט געווען צו מערקען קיין שום פא־שריט אין פארלאפענעם יאהר. ווען אפילו אונזער באוועגונג וואלט גאר ניט שטארקער געווארען, וואלט גאר ניט געוואונען אין אנ־זעהן און אין מיטלען, וואלטען מיר געמוזט ווייטער ארבייטען אומ־ערמידליך.

אבער דאס יאהר איז ניט געווען שלעכט פאר אונזער באוועגונג. מיר האבען וואס ניט איז דאך דערגרייכט, געמאכט א שטיק וועג.

דער עמפאנג פון דער ציוניסטישער דעלעגאציע דורך זיין מאיעסטעט דעם דייטשען קייזער אין ירושלים, איז א באדייטענדע פאסירונג, הגם אונזערע געגנער, ווי געוועהנליך, האבען עס טייל־ווייז פאלש איבערגעגעבען אין דער עפענטליכקייט. שוין דער פאקט אליין, וואס דער געניאלער קייזער האט אונזער פאלקס־גע־דאנק געגעבען זיין אויפמערקזאמקייט, וואלט געווען גענוג צו גע־

בען אונז א ביסעל בטחון. אומבאַדרייטענדע באַוועגונגען ווערען פון אַזאַ הויך ניט באַמערקט. אָבער דאָס איז געווען מעהר ווי א בלויזעס באַמערקען. עס איז עמפּפאַנגען געוואָרען ניט סתם א אי־דישע דעפּוטאַציע, ניט די מיטגלידער פון א „פּראַקטישען״ קאָ־קאָלאָניזאַציאָנס־פאַראיין, נאָר א דעלעגאַציע פון ציוניסטישען אַק־ציאָנס־קאָמיטעט. די טעמים און די צילען פון אונזער באַוועגונג זיינען געווען אין פאָראויס געגעבען באַוואוסט, און אַט דאַרויף האָט זיין מאַיעסטעט דער דייטשער קייזער, אין א טאָג וואָס וועט בליי־בען לזכרון פאַר דאָס גאַנצע אידענטום, אונז צוגעזיכערט זיין פריינדליכען אינטערעס. דערפאַר זיינען אַלע אמת׳ע אידען איהם שולדיג א דאַנק.

געערטע קאָנגרעס־מיטגלידער! איהר פאַרשטעהט, אז דער גוטער טאַקט פאַרלאַנגט, אז מיר זאָלען ניט אויסנוצען אַגיטאַטאָ־ריש דעם גליקליכען און וויכטיגען פאַקט פון דעם ירושלים׳ער עמ־פּפאַנג אונטער אַזעלכע אומשטענדען. מיר וועלען זיך דאַרום אָפּ־האַלטען פון פיהרען וועגען דעם וועלכע ניט איז דיסקוסיאָן. איינס אָבער מוזען מיר, אין אונזער פרעהליכער דאַנקבאַרקייט דאָך אַרויסזאָגען: נאָך דער פּאַסירונג בלייבט אויף אייביג קיין שום ספק מעהר ניט וועגען דער געזעצליכקייט און טרייקייט פון אונזער אַזוי הויך באַערטער באַוועגונג.

נאַטירליך לייגען מיר דאָס גרעסטע געוויכט דאַרויף, צו באַ־טאָנען און צו באַווייזען די טרייקייט קודם כל פאַר דער טערקישער רעגירונג. מיר וועלען ניט אונטערנעמען קיין טריט וואָס זאָל אפילו נאָר וויטלייפיג קאָנען דערוועקען א גערעכטען חשד ביי דעם הערשענדען באַזיצער פון פּאַלעסטינא. מיר ווילען און קאָ־נען ברייננען דער אָסמאַנישער מדינה די גרעסטע נוצען, בכן קאָ־נען מיר גאַנץ אָפען אויפטרעטען. ווער עס גנב׳עט זיך וואו אריין, דער האָט געוועהנליך ניט קיין אָפּזיכט עפּעס צו ברייננען. אָט די חקירה, וועלכע איז אַזוי פאַרשטענדליך, האָט געפיהרט צו די שוועריגקייטען געגען איינוואַנדערונג וואָס באַשטעהן איצט אין

פאלעסטינא. מיר האבען זיי ניט ארויסגערופען; זיי זיינען, ווי באקאנט, עלטער פון דער באוועגונג, וועלכע מיר פארטרעטען דא. אבער הגם מען קאן אונז ניט באשולדיגען, אז מיר האבען פאראורזאכט די איינוואנדערונגס־גזירה, ווילען מיר דאך קלאר ארויסזאגען אונזער שטעלונג צו איהר.

ווי? מען וויל קאלאניזירען א באפעלקערונג אויף א לאנד, ניט דערקלערענדיג אפען אין פאראויס דעם גאנצען פלאן? קומט איינער אריין שטילערהייט אין פינסטערער נאכט דארף ער זיך ניט וואונדערן ווען מען שטעלט איהם אפ. און אויב ער קאן ניט געבען קיין דערקלערונג, אליץ ערגער פאר איהם. אין אזא לאגע איז באמת ניטא קיין ענטפער וואס זאל קלינגען אומפארדעכטיג. מיר כאבען עס דארום אנדערש. מיר דערקלערען אונזערע אפזיכטען אין העלען טאג, וויל מיר האבען גאט צו דאנקען ניט פאר וואס מורא צו האבען, און מיר ווילען ארויסקריגען א צושטימונג איידער מיר אונטערנעמען עפעס. אהן דעם וואלט עס געווען אן אונטערנעמונג פון שווערסטער פאראנטווארטליכקייט. ווארום עס געהט דאך ניט נאר אין אריבערקריגען די מענשען, נאר אויך אין האלטען זיי דארט, און האלטען אין גוטער זיכערקייט.

ליידער האבען מיר פיעל ברידער וועמען עס קאן שווין ניט געהן ערגער ווי עס איז און זיי כאפען זיך דארום אין אליץ אן. אבער בלויז אום איבערצולייגען דעם קראנקען פון איין זייט אויף דער צווייטער, האט מען ניט געדארפט אוועקלייגען אזוי פיעל חריפות, מיה און געלט. לאמיר בעסער זוכען איהם צו היילען. דאס איז אזא גרויסער צוועק, ער איז אזוי שכל'דיג און קלאר, אז קיינער וועט דא מעהר ניט צו זוכען קיין באהאלטענע כונות. פארוואס דען זאלען מיר עס ניט גלייך ארויסזאגען? דערמיט ווערט דאך אליץ, וואס מיר ווילען, פארשטענדליך מיט איין קלאפ. עס פארשווינדען אלע חשדים. מיר קומען ארויס אויף דעם וועג פון פארהאנדלונגען, וועלכע מוזען פריהער אדער שפעטער פיהרען צו א רעזולטאט, אויב מיר ווילען נאר געהן צוזאמען מיט פאראייניגטע כחות.

דארום האָבען מיר קודם כל געשאַפען דעם עלעקטרישען שטראָם פון אונזער אחדות, און ווילען איהם אלץ מעהר פארשטאַר־קען. און קיינער זאָל ניט אָפּצווייגען אָדער אָפּציהען א טייל פון דעם שטראָם. דאָס וואָלט געווען א פאַרברעכען געגען כלל.

אויף דעם קאָנגרעס זיינען, ווי באַקאַנט, נאָך ניט אַלע ציוניס־טען פאַרטראָטען. אונזער באוועגונג איז נאָך פיעל גרעסער ווי זי זעהט דאָ אויס. א היבשע גרופּע ציוניסטען מיט הויכע פאַרדינס־טען, פון דער עלטערער ריכטונג, האַלטען זיך נאָך ביי זייער אַל־טער מעטאָדע. מיר גיבען ניט אויף די האָפענונג זיי צו באַקערען צו אונזערע אנזיכטען. אין דער אידעע טיילט אונז גאַר ניט פאַ־נאַנדער. די בעסטע פאָרם ווי זי אויסצופיהרען מוזען מיר זוכען צוזאַמען.

פאַראַן נאָך אנדערע ציוניסטען, און גראַד די שטאַרקסטע אין מאַטעריעלע מיטלען, וואָס וואָלטען געווען מיט אונז פאָלקאָמען אייניג, ווען מיר וואָלטען ניט אויסגעקליבען דעם וועג פון אָפענער דיסקוסיאָן. ווען מיר דערגרייכען א רעזולטאַט, דאַן וועלען זיי זיין מיט אונז. פריהער דאַרפען מיר זיי ניט, דאַן וועלען מיר זיי האָבען. וועגען דעם איז היינט קיין שום ספק מעהר ניטאָ.

פון וועלכען מין דאַרף זיין דער רעזולטאַט? לאָמיר עס זאָ־גען אין איין וואָרט: א טשאַרטער! מיר ארבייטען דאַרויף צו קריגען א טשאַרטער פון דער טערקישער רעגיערונג, א טשאַרטער אונטער דער אויבערהערשאַפט פון זיין מאַיעסטעט דעם סולטאַן. ערשט נאָכדעם ווי מיר וועלען האָבער דעם טשאַרטער, אין וועל־כען עס מוזען זיין די עפענטליך־רעכטליכע זיכערקייטען, וועלען מיר קאָנען אָנפאַנגען א גרויסע פּראַקטישע קאָלאָניזאַציע. פאַר גע־בען אונז דעם טשאַרטער וועלען מיר פאַרמיטלען דער טערקישער רעגירונג גרויסע נוצען.

דאָס אָבער האָט ניט געקאָנט און קאָן ניט ארויסקומען פון דעם קאָנגרעס, וועלכער האָט ניט די אייגענשאַפט וואָס איז נויטיג

דערצו פון דער יוריסטישער זייט. פאַר די אָפּמאַכונגען האָט גע־מוזט געשאַפען ווערען אַ ספּעציעלער בעל דבר. דאָס איז די אי־דישע קאָלאָניאַל־באַנק. אויב עס קאָן נאָך ווער שטעלען די פראַגע צי מען קאָן זיך רעכענען מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג ווי מיט אַ ערנסטען כח — האָבען די הונדערט־טויזענד אַקציאָנערען פון דער אידישער קאָלאָניאַל־באַנק געגעבען דאַרויף דעם ענטפער. פון סיביר, פון די גרענעצען פון חינא, און פון דעם דרום׳דיגען אַר־גינטינא, פון קאַנאַדאַ און פון טראַנסוואַל איז געקומען דער ענט־פער. די קאָלאָניאַל־באַנק עקסיסטירט היינט.

מיר אַלע, וועלכע דינען דער אידעע מיט תמיד פרישער באַ־גייסטערונג, זיינען ניט געוואוינט זיך צו באַרימען מיט די גע־בראַכטע קרבנות. אָבער ווען מיר ליינען איצט פאַר דעם קאָנגרעס דעם אָפּגעענדיגטען טייל פון אונזער ארבייט, מעגען מיר איינמאָל זיך פאַרגרינגערען דאָס האַרץ און זאָגען, אַז דאָס איז געווען דער שווערסטער קרבן צו וועלכען מיר האָבען זיך ביז אַהער אַנטשלאָ־סען. לייט וואָס האָבען קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן מיט גע־שעפט, אַגיטירען פאַר די גרינדונג פון אַ באַנק און לאָזען פאַלען אויף זיך העכסט קריינקענדע חשדים. דאָס האָט געמוזט זיין — האָבען מיר עס געטאָן. היינט גיבען מיר איבער דאָס געשאַפענע ווערק דעם קאָנגרעס, פאַר ווע[ל]מען מיר האָבען געזיכערט די פאָל־שטענדיגע השגחה איבער דער פאַרוואַלטונג פון דער באַנק, אַז זי זאָל זיין עהרליך און דינען די ציוניסטישע צוועקען. דורך פאַר־טרעטער וואָס ער ווערט וועהלען פון דאָס נייע יעדען יאָהר וועט דער קאָנגרעס האָבען די דעה איבער דער באַנק. עס איז ניט נויטיג ערשט איצט צו זאָגען, אַז דער אַקציען־קאַפּיטאַל וועט ניט פאַר־ווענדעט ווערען אויף קויפען לאַנד. די באַנק איז נאָר אַ צווישען־גליד. די ריכטיגע לאַנד־געזעלשאַפט וועט ערשט געגרינדעט ווע־רען אויפ׳ן סמך פונ׳ם טשאַרטער, ווען מען וועט איהם קריגען, און, עס פאַרשטעהט זיך, מיט אַ גרעסערען קאַפּיטאַל, לויט דעם ערך. אָבער די שאַפונג פון דעם גרעסערען אינסטיטוט קאָן שוין היינט באַטראַכט ווערען אַלס געזיכערט, און אין געהעריגער צייט

וועלען מיר אייך וועגען דעם מאכען מיטטיילונגען, וועלכע קאַנען איצט ניט געמאכט ווערען.

פון אויבען אויף טראגט דאס אלעס דעם כאראקטער פון הכנות, פון אונטערנעמונגען אויף שפעטער. באמת איז עס אבער אזוי פראקטיש און ממשות'דיג ווי די זאמען וואס מען טרויט אן דער ערד. אין אנהויב איז עס געווען א פארזייאונג פון געדאנ־קען, איצט איז עס א זריעה פון אינסטיטושאנס. היינט איז עס נאך ניט קיין ברויט, עס איז דאס ברויט פון מארגען.

די צו זאטע, מיט זייער פון וואוילטאג אפגעשוואכטער איינ־בילדונגס־קראפט, ווילען אונז נאך ניט פארשטעהן. דערפאר פאר־שטעהען אונז בעסער די ארימע און פארמאטערטע. זיי האבען די פאנטאזיע פון נויט. זיי ווייסען פון היינט און נעכטען ווי שטארק דער הונגער ווערט ווען טאן מארגען אויך. און אין דער לאנגע גע־פינען זיך פיעל, פיעל הונדערט־טויזענדער פון אונזער פאלק. אבער די זיכערסטע פון אונזערע חברים זיינען די, וואס זיינען ניט אין שטאנד אפילו צו צאהלען דעם קליינעם יעהרליכען בייטראג פאר אונזער אגיטאציע. זיי זיינען די בעסטע ציוניסטען, ווייל זיי האָ־בען נאך ניט פארגעסען די אלטע אידישע טראדיציע, ווייל זיי האָ־בען א שטארקען רעליגיעזען געפיהל, און ווייל זיי ליידען ביטערע נויט. די באריכטען פון פיעל געגענדען זיינען שרעקליך. דאס אידענטום איז א גרויסע אכסניא פון צרות מיט אפטיילונגען אין דער גאנצער וועלט. טרויעריגער אמת ווי דאס איז, זאל עס אויך געהערט ווערען פון דער בימה. און די לאגע שרייט נאך הילף. די גרויסע נויט ברייננגט קראנקהייטען און שלעכטע מדות, און די פאר'מרה־שחורה'טע געמיטער נעהמען אויף די ווילדעסטע רעוואָ־לוציאנערע געדאנקען. דא קומען מיר און ווילען בעסער מאכען. די ישועה, ווי מיר גלויבען, ליגט אין געזונטער ארבייט אויף א גע־ליבטער ערד. די ארבייט זאל געבען אונזער פאלק דאס מארגענ־

דיגע ברויט, און אויך די עהרע פון מאַרגען, די פרייהייט פון מאַגען.

מיר רופען צו די גערעכטע פון אלע גלויבענס און נאַציאָנען אונז מיטצוהעלפען. די איינציגע אויסערליכע הילף וואָס מיר דאַרפען, איז א מאָראַלישע. פאַראַן גענוג אידען וואָס אין זיך דיינקען זיי ווי מיר. נאָר אנדערע האַלטען זיך אָפּ פון ארויסווייזען עס, ווייל זיי האָבען מורא, אַז מען וועט עס זיי שלעכט אויסטייטשען. יעדער וואָס גלויבט אין דער גערעכטיגקייט פון אונזער אונטערנעמונג, און וויל אונז דערפאַר מאָראַליש שטיצען, זאָל דאָרום פאַרהיטען אין דעם קרייז פון זיין השפעה, אַז אונזער באַוועגונג זאָל ניט פאַלש פאַרשטאַנען ווערען, און אַז מען זאָל זי ניט אויסנוצען פאַר נייע בלבולים געגען אונז, ווי מען האָט עס שוין אַזוי אָפט געטאָן. ווען ניט קאָן די רעטונגס־באַוועגונג איינגעשראָקען ווערען און פיליכט אינגאַנצען זיך אָפּשטעלען. וועלכער גערעכטער וויל דאָס?

דאָ קעמפט א פאָלק פאַר זיין קיום, עהרע און פרייהייט. עס וויל ארויס פון שטיקענדער לופט אין זונענשיין. די איצטיגע אידישע לאַגע קאַן פיהרען אויף דריי וועגען. איין וועג איז צו ליידען בזיון, דחקות און דערשלאָגענקייט. דער אַנדערער איז דאָס שטעלען זיך אַנטקעגען, די שנאה צו א שטיפמוטערליכער געזעלשאַפט. אונזער וועג איז דער דריטער: אויפהויבען זיך ווילען מיר צו א העכערער מדרגה פון מענשליכקייט, פאַרברייטען שפע, בויען נייע טראַקטען פאַר דעם פאַרקער פון די פעלקער, און עפענען א וועג פאַר די סאָציאַלע גערעכטיגקייטען. און אַזוי ווי אונזער ליעבער דיכטער האָט פון זיינע יסורים געשאַפען לידער, אַזוי וועלען מיר פון אונזערע ליידען צוגרייטען א פאַרשריט פאַר דער מענשהייט. וועלכער מיר דינען.

# דער ציוניזם.

היינטיגעס יאהר האבען מיר אפגעהאלטען דעם דריטען ציוניסטען־קאנגרעס אין באזעל. אומגעפעהר צוועלף הונדערט אר־גאניזירטע ארט־גרופען פון דער גאנצער וועלט זיינען דורך דע־לעגאטען געווען פארטראטען אין דער שטאט אויפ'ן יונגען רהיין. דאס רוב פון אונז האבען געהאט עטליכע מאנדאטען. דורכשניט־ליך האט יעדער איינער רעפרעזענטירט פינף וואהל־קרייזען. פאר די וואס זיינען נאך מיט אונזער באוועגונג ניט גענוג באקאנט — וויל איך באמערקען אז דאס וואהלרעכט ווערט געגעבען אויפ'ן גרונד פון שקל־איינצאלונג. דער שקל איז אן אלטע, העברעאישע מטבע איז באטרעף פון אומגעפעהר א פראנק און ווערט איינגע־צאלט צו דעקען די הוצאות פון דער אגיטאציע. עס זיינען געוועזן אנוועזענד דעלעגאטען פון אלע וועלט־טיילען. די וויטעסטע פון זיי — די צוויי דעלעגאטען פון טראנסוואל. מעהר אנגעזעהן ווי אין די ערשטע יאהרען איז אויך געווען די פארטרעטונג פון צפון־אמעריקא. די טשערקעסישע בערג־אידען פון קאווקאז, איינגע־טויזענד אין צאל, האבען געשיקט צום קאנגרעס אן אייגענעם דע־לעגאט מיט א באגייסטערטער צושריפט. כדי נאר פארבייגע־הענדיג צו געבען א פארשטעלונג וועגען דעם פארנעם פון דער בא־וועגונג, — וויל איך דערמאנען אז איך האב דערהאלטען מאנדא־טען פון ציוניסטישע וואהל־קרייזען אין ארגענטינא און אין מצרים. — איך האב אויך געהאט די עהרע דעם קאנגרעס צו פרע־זידירען. און ווען איך האב פון דעם הויכען זיץ פון דער אידישער

נאַציאָנאַל־פאַרזאַמלונג די פאַרהאַנדלונגען געפיהרט, זיינען מיינע
געדאַנקען — דורך א וואָרט פון א רעדנער באוואויגען — צוריקגע־
גאַנגען צו דעם אָנהויב פון אונזער באוועגונג, וועלכע איז נאָך
יונג אָבער שוין שטאַרק . עס איז געווים געוועזן א געוואַגטער
טריט, ווען מיינע פריינד און איך האָבען אין יאָהר 1897 דעם ער־
שטען קאָנגרעס צונויפגערופען. מיר זיינען געשטעלט געוועזן אין
א שרעקליכער געפאַר, פאַר וועלכער ניט איין, זאָנסט מוטיגער מענש
— קאָן זיך צוריקשרעקען: איך מיין די געפאַר לעכערליך צו ווע־
רען. זייט דעם סנהדרין, וואָס נאַפּאָלעאָן דער ערשטער האָט צו־
נויפגערופען אין 1806 — און אויך נאָר אונטער באַזונדערע אומ־
שטענדען, — איז נאָך אַזאַ פּראָבע ניט געמאַכט געוואָרען. אין
משך פון די ניינציג יאָהר, וואָס זיינען פון דאַמאָלט אָן פאַרביי,
האָט דאָס צופּאַסען זיך פון די אידען צו א נאַציאָנאַלער פאַרזאַמ־
לינג זעהר פיעל זיך פאַרקלענערט. מען דאַרף אָננעמען, אז די
אידישע נאַציאָן האָט זיך — טראָץ די אומגעהערטע פאַרפאָל־
גונגען און אפשר גראַדע א דאַנק זיי — ביז צום ענדע פון אכצענ־
טען יאָהרהונדערט צושפּרייט אָבער ניט — געבראָכען אויסגע־
האַלטען. צו דער צייט האָט דאָס אידישע פאָלק, וועלכעם האָט
אַזוי לאַנג איבערגעלעבט די צושטערונג פון זיין שטאַט, מיטגע־
מאַכט — צוויי איבעראַשונגען: איינע פון אינוועניג און איינע
פון דרויסען. דעם שטוים פון אינוועניג האָט איהם געגעבען משה
מענדעלסאָהן; דעם שטוים פון דרויסען — די פראַנצויזישע רע־
וואָלוציע. דער איידעלער פּרייסישער פילאָזאָף — לעסינג'ס א
פריינד — האָט געוואָלט אז דאָס אידענטום זאָל אויף ווייטער
עקסיסטירען בלויז אַלס א רעליגיעזער גלויבען, און די גרויסע רע־
וואָלוציע האָט געגעבען מענשען־רעכטען אויך צו די אָרימע אידען.
די אידען־עמאַנסיפּאַציע איז פּאַמעלאַך פון די ציוויליזירטע שטאַ־
טען נאָכגעטאָן געוואָרען. און זי האָט ווייך געמאַכט דעם באָדען,
אין וועלכען מענדעלסאָהן'ס געדאַנקען — זיינען פּרעכטיג אויפ־
געגאַנגען. און דאָס וואָס עס האָבען ניט געקאָנט אויפטאָן מאָרד,

רויבעריי, העצעריי פון לאַנד צו לאַנד, פייער־הויפענס און פאַר־פאַלגונגען אין משך פון שרעקליכע יאָהרהונדערטען — איז גע־שעהן אונטער א זון־בליק פון ליעבע. דאָס פאָלקס־געפיהל פון די אידען האָט זיך פאַרלאָרען.

וואָס איז אַזוינס א נאַציאָן? א היסטאָרישע גרופּע פון מענשען, וואָס מען זעהט אַז זיי קערען זיך אָן און וועלכע ווערט דורך א געמיינזאַמען פיינט צוזאַמענגעהאַלטען. אויב די אידען — ווי מענדעלסאָן האָט עס געוואָלט — האָבען זיך נאָר ביים גאָט־דינסט געדאַרפט צוזאַמענטרעפען און אין אַלעם איבריגען האָבען זיי זיך געדאַרפט צופּאַסען צו יענעם פאָלק צווישען וועלכען זיי האָבען גראָדע געלעבט — איז אויסגעקומען, אַז זיי האָבען זיך איינער מיט דעם אַנדערען נאָר אויף אַזוי פיעל אָנגעקערט ווי עס קערען זיך אָן די פאַרשידענע פעלקער פון דעם קריסטליכען גלויבען. די גע־שיכטע פון די גרופּען האָט געדאַרפט פאַרענדיגט ווערען, זייער צוזאַמענגעהעריגקייט האָט ניט געדאַרפט מעהר זיין קאָנטיג. און דורך דער עמאַנסיפּאַציע זיינען זיי פון דעם אויסערליכען פיינד פּטור געוואָרען.

דער פיינד אָבער — איז דער אייזערנער רינג פון דער נאַ־ציאָן. עס קלינגט אפילו ווי א ווידערהאָלונג פון איינע־און־די־זעלבע ווערטער, ווי די פּשוט׳סטע אויגענשיינליכע וואָרהייט, ווען מען זאָגט: די נאַציאָנען וועלען אַזוי לאַנג דויערן, ביז וואַנען איינע וועט זיין פיינדליך אַנטקעגען דער אַנדערער, אָבער דאָס איז די וואָרהייט. דער וועג צום אַלגעמיינעם מענשענטום איז נאָך ווייט, כּאָטש ניט אָהן האָפענונג. אויך מיר ווילען דעם וועג באַ־טרעטען, אבער אויף א גאָר אַנדער אופן, ווי דער הויכהערציגער מענדעלסאָן האָט עס זיך פאָרגעשטעלט. מיר ווילען די אייגענע נאַציאָנאַליטעט ניט אויפגעבען, מיר ווילען זי אַנטוויקלען; און דערביי ניט אין זינען פון אָנפאַלען אויף אימיצען, נאָר אין זינען פון זעלבסט־פאַרטיידיגונג. דערצו ווילען מיר אָנהאַלטען א פריינד־

ליכע באציהונג מיט די אנדערע פעלקער און אויך דערצו בייטראַ־גען, אז די געגענזעצען וועלכע זיי האבען צווישען זיך זאלען גע־מילדערט ווערען. פאר אזא ארבייט פאסט זיך אפשר דאס אידי־שע פאלק אם־בעסטען, ווייל זיינע טיילען זיינען אזוי לאנג געווען צושפרייט צווישען די פעלקער.

דאס איז די אידעאלע גרונדלאגע פון אונזער ציוניזם. מיר האבען איהם אפילו אנטדעקט ניט אויס ריינעם אידעאליזם, עס איז צום באדויערן ניטא וואס זיך צו בארימען מיט דעם אמת, ווי אזוי מיר זיינען צו איהם געקומען. מיר ווילען זיך אבער רוהיג מתודה זיין. מיר זיינען דערצו געפיהרט געווארען דורך דעם נייעם שונא, וועלכער איז אונז באפאלען דוקא דאמאלט ווען מיר האבען גע־האלטען ביי דער פולער אויפלייזונג דורך דער עמאנסיפאציע.

איך געדענק נאך וואס פאר אן איינדרוק עס האט אויף מיר געמאכט ווען איך האב אין יאהר 1882 אלס צוויי־און־צוואנציג יאהריגער מענש געלעזען דיורינגס בוך איבער דער אידענפראגע. א בוך, וואס איז פונקט אזוי פול מיט שנאה ווי מיט גייסט. איך גלויב, אז פריהער האב איך שוין מעהר ניט געוואוסט, אז איך בין א איד. דיורינג'ס בוך האט אויף מיר געווירקט, גלייך ווי איך וואלט מיט א שטעקען איבער'ן קאפ געקראגען. און אזוי האט עס כסתמא פאסירט ניט מיט איין מעריב־אידען, וועלכער האט שוין זיין פאלקסטום אין גאנצען פארגעסען: די אנטיסעמיטען האבען עס אין איהם ווידער אויפגעוועקט. פון אזא אויפרעגונג ביז צו דער באוואוסטער אנטשלאסענהייט, ווי זי דריקט זיך אויס אין דער איצטיגער ציוניסטישער באוועגונג — איז נאך געווים געווען גאנץ ווייט. איך פאר טייל האב זיך אין צוועלף אדער דריי־צעהן יאהר געניוטיגט, און איך בעט אנטשולדיגונג, וואס איך דערצעהל עס. איך דארף עס פיעלייכט טאן צוליעב צוויי גרונ־דען: ערשטענס, ווייל מיר שטודירען דאך תמיד דאס מענשליכע אם בעסטען אויף אונז אליין. און צווייטענס, ווייל דערמיט איז

פארבונדען א שטיק ווירקליכקייט. פאר א ציוניסט האט מיך נעמ־
ליך דרייפוסעס פראצעס געמאכט. ניט דער איצטיגער אין רען,
נאר דער אורשפרינגליכער אין פאריז, וועמעס עדות איך בין געווען
אין 1894. איך האב דאמאלט געלעבט אין פאריז אלס א צייטונגס־
קארעספאנדענט, און האב בייגעוואוינט די פארהאנדלונגען פון
דעם קריג־געריכט, ביז זיי זיינען דערקלערט געווארען פאר געהיים.
איך זעה נאך דעם אנגעקלאגטען אין זיין טונקלער, פארשנורטער,
ארטילעריסטען־יוניפארמס ארייגקומענדיג אין זאל. יא איך הער
איהם נאך מיט זיינע טיטלען זיך פארשטעלענדיג „אלפרעד דרייפוס
קאפיטאן פון ארטילעריע" מיט א געקינסטעלטער, מיט דער נאז
אויסגעשפראכענער שטים. און אויך דעם צארן־געשריי פון דער
מאסע אויף דער גאס פון דער מיליטערישער שול, וואו ער איז פון
זיין ראנג אראפגעזעצט געווארען — גרילצט מיר נאך היינט אומ־
פארגעסליך אין די אויערען: „טויט! טויט צו די אידען!" טויט
צו אלע אידען, ווייל אט דער איינער איז געווען א פארעטער!

אבער צו איז ער ווירקליך א פארעטער געווען? איך האב
דאמאלט געהאט א פריוואט־געשפרעך מיט איינעם אין דער לעצ־
טער צייט פיעל דערמאנטען מיליטער־אטאשע. דער הויכער בא־
אמטער האט פון דער אנגעלעגענהייט ניט מעהר געוואוסט ווי דאס,
וואס איז אין די צייטונגען געווען. דאך האט ער אין דרייפוס'עס
שולד געגלויבט, ווייל איהם האט עס געשיינט צו זיין אוממעגליך,
אז זיבען אפיצירען זאלען קאנען פאראורטיילען א חבר אהן
פעסט־געשטעלטע באווייזע. איך ווידער — האב אין זיין אומ־
שולד געגלויבט, ווייל איך האב אן אידישען אפיציר ניט געהאלטען
פאר פעהיג א לאנד־פאראט צו באגעהן. ניט דערפאר ווייל איך
האב די אידען אין אלגעמיינעם געהאלטען פאר בעסער איידער די
אנדערע מענשען, נאר ווייל גראדע אונטער די באזונדערע אומ־
שטאנדען פון קאפיטאן דרייפוס, וועלכער האט אפילו אויף מיר
פערזענליך קיין סימפאטישען איינדרוק ניט געמאכט — איז מיר
די זאך פארגעקומען ניט װארשיינליך. א איד, וועלכער האט פאר

זיך אלס גענעראל־שטאב־אפיצער, דורכגעבראכען א קאריערע פון עהרע, קאן אזא פארברעכען ניט באגעהן. אזוי האב איך דעם הויכען באאמטען מיין מיינונג ארויסגעזאגט. אין א טיפערער שיכט פון דער געזעלשאפט וואלט איך אזא מעגליכקייט ביי אי־דען, פונקט ווי ביי קריסטען ניט געלייקענט. פאר אלפרעד דריי־פוס׳ן אבער איז עס געווען א פסיכאלאגישע אוממעגליכקייט. א רייכער מענש, וועלכער האט די קאריערע אויסגעקליבען פון ער־גייץ, קאן גראד דאס ערגעלאזעסטע פארברעכען ניט האבען בא־גאנגען. א דאנק דעם לאנגען פעהלען פון בירגערליכער ערע הא־בען די אידען אן אפט קראנקהאפטען באגער נאך ערע. און אן אידישער אפיציר איז אין דער באציהונג א פאטענציאנעלער איד. כיין אמאלטדיגער אורטייל איז אויך געווים געווען דער אורטייל פון אלע אונזערע שטאם־גענאסען פון אנהויב אן פון דעם פראָ־צעס. גראדע דערפאר וואס די פסיכאלאגישע אוממעגליכקייט איז אונז אלעמען פון׳ם אנהויב אן אזוי קלאר געווען, האבען אלע אידען איבעראל געפיהלט די אומשולד פון דרייפוס׳ן, נאך איידער עס האט זיך אנגעהויבען דער באקאנטער פעלד־צוג פאר דעם אמת.

מען האט פון דער שטימונג אונזערער וועגען אונז אויף א ניט גינסטיגען אופן געצויגען שלוסען. די אידען — האט מען גע־זאגט — זיינען סאלידאר אין אלץ, אפילו אין די שלעכטעסטע זאכען. איך היט זיך געווים ניט פאר דער נאציאנאלער סאלידא־ריטעט פון די אידען — אין דעם פאל אבער איז עפעס אנדערש געווען. די אידען זיינען פשוט די ערשטע געווען, וועלכע האבען דעם יוסטיץ־טעות דערזעהן, ווייל דאס פארברעכען איז זיי פארגע־קומען פאר אוממעגליך, און ווייל זיי האבען אין משך פון יאהר־הונדערטען געהאט זיך צו באקלאגען אויף אומצעהליגע קרבנות פון פאלשע באשודיגונגען. איצט אבער דארף מען זיך היטען פון א סענטימענטאלער אדער מעלאדראמאטישער אויפפאסונג פון דעם דרייפוס־פאל. דאס אלעס איז מעהר ווי אן אבסטראקטע פאסי־רונג, כאטש זי איז צונויפגעקניפט מיט א ציטערנדיגען, געמוטשע־

מען מענשען־קינד. מען קאן באהויפטען, אז דער שיקזאל פון דעם ארימען קאפיטאן איז נאר אן אילוסטראציע וועלכע גיט גראב אנצוהערען, וואס פאר א גייסט־באוועגונג עס שפילט זיך איצט אפ אין דעם פראנצויזען־לאנד. פאר דעם פילאזאפישען באאבאכטער האט שוין לאנג זיך ניט געהאנדעלט מעהר וועגען דער שולד אדער אומשולד פון דעם אידישען ארטילערי־אפיציער. די פראגע וועגען דעם יוסטיץ־טעות פארדינט אויפמערקזאמקייט פון יעדען איינעם, אבער אונזער שטעלונג צו דעם דארף זיין דיזעלבע, ווי ווען עס זאל זיך האנדלען וועגען א ליידענדען פון אן אנדער פאלק. אזוי לאנג ווי מענשען משפט'ן, קאן עס און וועט עס געבען טעותים און די גערעכטע פון אלע רעליגיאנען און נאציאנען וועלען זיך צוזאמענטרעפען אין דעם וואונש — זיי גוט צו מאכען. אבער דער פאל מיט דרייפוס'ן אנטהאלט אין זיך מעהר פון א יוסטיץ־גרייז. ער אנטהאלט אין זיך דעם וואונש פון דער אומגעהויערער מעהרהייט אין פראנקרייך — א אידען און אין דעם איינעם — אלע אידען — צו פארדאמען. טויט צו די אידען, האט דער המון ווילד געשריגען, ווען מען האט דעם קאפיטאן די עפאלעטען פון זיין וואפענראק ארונטערגעריסען. אזו פון דאמאלט אן איז אט דער „נידער מיט די אידען" א פעלד־געשריי געווארען. וואו? אין פראנקרייך! אין דעם רעפובליקאנישען, מאדערנעם, ציוויליזירטען פראנקרייך, הונדערט יאהר נאך דער דערקלערונג פון די מענשען־רעכטען. דרייפוס'עס פאל לאזט זיך אין דער געשיכטע פארגלייכען נאר מיט דעם צוריק־רופען פון דעם עדיקט פון נאנטעס. אויך דאס איז נאך א לאנגער צייט געשעהן. מעהר פון ניינציג יאהר זיינען פארביי זייט היינריך דער 4־טער האט דעם עדיקט ארויסגעגעבען. שפעטער האט לודאוויק דער 14־טער די הוגענאטען־פרייהייט צוריקגענומען. דער שטאט איז אפילו איצט ניט מעהר דער איך פון א קעניג. דער שטאט דעקט זיך אצינד מיט דעם פאלקס־ווילען. דאך איז דאס רעזולטאט עהנליך צו יענעם. דאס פאלק, וועניגסטענס א זעהר גרויסער טייל פון איהם

ווייל ניט מעהר די מענשען־רעכטען פאַר די אידען. דער עדיקט פון דער גרויסער רעוואָלוציע ווערט צוריקגערופען.

און דאַ קומען מיר צו אונזער זאַך. דאַ האַלטען מיר ביי דער געשיכטליכער לעהרע, צו וועלכער אַן אומפּאַרטייאישער באָאָבאַכ־טער האָט געמוזט קומען א דאַנק דרייפוס'עס פאַל. ביז דאַמאַלט האָבען די מייסטען פון אונז געגלויבט, אַז די לייזונג פון דער אי־דען־פראַגע איז צו ערוואַרטען פון דער לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט אויף דעם געביט פון טאָלעראַנץ. ווען אָבער א פאָלק, וואָס איז אין אַלעם איבריגען פאָרגעשריטען און געוויס הויך ציוויליזירט — האָט געקאָנט דערגעהן צו אַזעלכע ווענען — וואָס האָט מען שוין געקאָנט האָבען פון אַנדערע פעלקער, וועלכע זיינען היינט נאָך אפילו ניט אויף יענער הויך, ביי וועלכער די פראַנצויזען האָבען שוין פריהער מיט הונדערט יאָהר געהאַלטען?

פאַר די אידען עקסיסטירט נאָר איין הילף און רעטונג אין דאָס איז: דאָס צוריקקעהרען זיך צו דעם אייגענעם פאָלק אין דאָס באַזעצען זיך אויף אייגענעם גרונד און באָדען. אָט דאָס האָב איך פאָרגעלייגט אין מיין בוך „דער אידענשטאַט" אין יאָהר 1895 אונטער דעם אויפטרייסלענדען איינדרוק פון דרייפוס'עס ערשטען פּראָצעס. ווען איך האָב אָט די אנטשיידונג אָנגענומען — בין איך נאָך צו מיין פאָלק א פרעמדער געווען. ווייניג האָב איך וועגען דעם צושטאַנד פון אונזערע אָרימע מאַסען געוואוסט; גאָרניט — וועגען די נייערע באַוועגונגען אין אידענטום. ערשט דורך דער פאַרעפענטליכונג פון מיין בוך בין איך אין יענעם קרייז אריינגעקומען, ביז איך פון יענע מענער געוואָר געוואָרען, וועלכע האָבען געשריבען עהנליכעס לאַנג אָדער קורץ פאַר מיר. ווער ווייסט, צי וואָלט איך בכלל געווען געוואָגט מיין בוך צו פאַר־עפענטליכען, ווען איך וואָלט געוואוסט וועגען די וויכטיגערע ווערק פון דעם דייטש — העס און דעם רוסען — פינסקער. ווען איך האָב עס געוואָגט — האָב איך מיך געהאַלטען פאַר אַן איינ־

זאמען, וואס האָט אַן אַלטען און אין גאַנצען פאַרפראָרענעם רוף פון׳ם ניי אַרויסגעלאָזט.

פונדעסטוועגען, האָט דער ציוניזם שוין פון פריהער עקסים־טירט. ער איז געווען פאַרהאַן אין געדאַנק, אין וואָרט, אין שריפט און אין טאַט. וואָס איז דער ציוניזם? די שטרעבונג צו שאַפען אַן עפענטליך־רעכטליך געזיכערטע היים פאַר דאָס אידישע פאָלק אין פּאַלעסטינא (באַזעלער פּראָגראַם פון 1897). דער וואונש צוריקצוקערען זיך צו דער היסטאָרישער היים האָט פאַקטיש זייט דעם חורבן פון אונזער לאַנד געדרעמעלט אויף דעם טיפען גרונד פון דער פאָלקס נשמה. איין דור האָט דעם אַנדערן איבערגעגעבען דעם בענקענדיגען אויסרוף: „לשנה הבאה בירושלים“! און נאָר אין די לעצטע צעהנדליגע יאָהרען פון אונזער נאַציאָנאַלער ער־וואַכונג איז ביי מאַנכע ראַבינער געוואָרען אַ וואָכעדיגער גאַנג צו געבען די וואַסעריגע פאַרטייטשונג, אַז דאָס וואָרט ירושלים אין דעם שפּרוך מיינט גאָר לאָנדאָן, בערלין אָדער שיקאַגאָ. אויב מען זאָל די אידישע טראַדיציע וועלען אויסטייטשען אויף אַזאַ אופן, וועט באַלד פון דעם גאַנצען אידענטום איבערבלייבען ניט פיעל מעהר, ווי דאָס יאָהר־געלט וואָס אַט די הערן באַקומען.

דאָך איז פאַר די לעצטע צוואַנציג יאָהר אין געגענזאַץ צו אַט אַזעלכע באַקוועמע און אומאויפריכטיגע קאָמענטאַטאָרס אונטער דעם נייעם דרוק פון דעם אַנטיסעמיטיזם אַ שטאַרקערער דור אויפ־געשטאַנען. די אידעען פון העס, די אַנטשלאָסענע פאָרשלאָגען פון פּינסקער, רולף, בירנבוים און אַנדערע האָבען צו דער ערציהונג פון אונזער יוגענד אין מזרח־אייראָפּא פיעל בייגעטראָגען. די נייסטע אידען־העצערייען אין רוסלאַנד און רומעניען האָבען עט־ליכע רייכע פילאַנטראָפּען געבראַכט צום געדאַנק, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערען פאַר די אויפגערודערטע כוואַליעס פון אומגליקליכע שטאַם־גענאָסען, וועלכע בלאָנדזשען אַרום פון לאַנד צו לאַנד. באַ־ראָן הירש האָט פּרובירט באַזעצען די היימאַטסלאָזע אין אַרגענ־

טינא. באראן עדמונד ראטשילד האט עהנליכעס אונטערגענומען אין פאלעסטינא. אויסער דעם האבען זיך אין פארשידענע שטעט געבילדעט קאלאניזאציאנס־פאראיינען. מען רופט זיי מיט דעם שעהנעם נאמען: חובבי־ציון — די ליעבהאבער פון ציון. אין ענגלאנד איז זייער פיהרער געווען קאלאנעל גאלדסמיט. אבער אט די פאראיינצעלטע, איינס־פון־אנאנדערן אומאבהענגיגע און אהן א פלאן ארבייטענדע גרופען, האבען זייער ציל ניט געקאנט דערגרייכען, כאטש זיי האבען געגעבען זעהר א וויכטיגען, און פאר אונזער אויסשליסענדער טעטיגקייט אן אויסערגעוועהנליך שאצבארען באוויז, נעמליך, אז די אידען קאנען זיך אויסטויגען פאר לאנד־ווירטשאפט. דער איד וויל באפרוכטען דעם באדען מיט דעם בלוט און שוויים פון זיין ארבייט—יעדענפאלס נאר איין־איינציגען באדען — דעם באדען פון פאלעסטינא. באראן הירש האט דעם אידעאלען מאמענט דורכגעלאזען, דאריבער איז זיין פראבע אין ארגענטינא ניט געלונגען. און ווי עס איז שוין פון פריהער אנגעוויזען געווארען — זיינע קאלאניסטען וועהלען דעלעגאטען צום ציוניסטען־קאנגרעס. דאגעגען אבער זיינען די פראבעס אין פאלעסטינא יא געלונגען, דארט עקסיסטירען אידישע פויערים און בליהענדע קאלאניעס, לײדער ניט קיין סך. און די חובבי־ציון האנען א גרעסערע קאלאניזאציע ניט אנפיהרען, ווייל דאס לאנד געהערט צו דער טערקישער רעגירונג, וועלכע איז דורך א שטארקערער איינוואנדערונג פון אידען מיסטרויאיש געווארען און האט ענדליך אין יאהר 1891 די גרענעצען אפגעשלאסען.

ציהענדיג דאס אלעס אין אנבאטראכט, האבען מיר, מיינע פריינד און איך, באשלאסען אנצוהויבען פון צוויי ריכטונגען. ערשטענס האבען מיר געוואלט קאנצענטרירען אט די אלע איזאלירטע שטרעבונגען אין איין איינציגען שטראם און זי פאר דער וועלט פראקלאמירען. צווייטענס, אנצוהויבען מיט דער טערקישער רעגירונג א לאיאלע אונטערהאנדלונג, כדי צו קריגען די רעכטליכע זיכערקייט פאר דער גרויסער קאלאניזאציע. ווייל עס איז דאך

קלאר, אז גאר נישט קאן באטראכט ווערען פאר געטאן, אזוי לאנג ווי די קאלאניסטען זיינען אויסגעזעצט צו די אומבאגרענעצטע קאפריזען פון קלענערע פארוואלטונגס־באאמטע און קאנען אפשר נאך א קורצער צייט, נאך אן העלדישער ארבייט — אין גאנצען פארטריבען ווערען.

אט די באטראכטונגען האבען געפיהרט דערצו אז מיר זאלען אין 1897 איינרופען דעם ערשטען ציוניסטען־קאנגרעס נאך באזעל. דער ערפאלג איז געווען אן איבערראשענדער. איך וויים ניט ווי־פיעל דאס שיקזאל וועט מיר נאך דערלויבען צו זעהן פון דער פאר־ווירקליכונג פון אונזער אידעאל. איך וויים ניט צו וועל איך נאך דערלעבען צו זעהן ווען דאס אידישע פאלק וועט אנהויבען דאס לאנד פון אונזערע פאטערס פרוכטבאר און געזונט צו מאכען: וועגען, האפענס, באנען, קאנאלען, וואסערלייטונג, הייזער, שעהנע שטעט און דעם בית־המקדש צו בויען. דאס אבער ווייס איך, אז אין יענעם אווגוסט־זונטאג פון 1897 אין באזעל האב איך דער־לעבט עטוואס גרויסעס, אפשר דאס גרעסטע וואס קאן זיין אין דער גאנצער באוועגונג. דאס אידישע פאלק האט זיך אין יענעם טאג ווידער אמאל געפונען. צוויי הונדערט פארטרעטער פון פאראיינען פון דער גאנצער וועלט האבען זיך פארזאמעלט אין באזעל און האבען מיט טרערען פון גליק און געשרייען פון פרייד פראקלאמירט, אז עס עקסיסטירט נאך אלץ אן אידיש פאלק, און אז דאס פאלק איז ניט אונטערגעגאנגען און וויל ניט אונטערגעהן. דאס איז די הויפט זאך. וויבאלד נאר אז דאס פאלקס־באוואוסט־זיין און דער פאלקס־ווילען זיינען פאראן — איז עס נאר נאך א פראגע פון געפינען די ריכטיגע מיטלען און וועגען פאר דער אויס־פיהרונג. א פאלק האט אין זיינע קרעפטען קיין שיעור ניט, ווייל עס ווערט ניט באשרענקט דורך די צייטליכע גרעניצען פון דעם אינדיווידואום. געוויס דארף די אויספיהרונג אומנויטיג ניט אפ־געלעגט ווערען, אז ניט ווערען די קלארסטע שטרעבונגען בלאס צוגעהען אויס ווי חלומות. דערפאר טאקי האבען מיר זיך ניט

געלאָזט צופֿיעל הינרייסען פֿון דעם ברויזענדען געפֿיהל פֿון דעם זיך ווידער־געפֿינען און האָבען זיך באַמיהט מיט אונזער אַרבייט ווייטער אָנצוגעהן.

שפּעטער־צו, ווען מיר אליין, אָדער אַנדערע וועלען די געשיכטע פֿון דער באַוועגונג שרייבען — וועט פֿון דער ווייטענס אַלעס געוויס אַנדערש אויסזעהן, ווי עס איז באמת געווען. זאַכען אַן וועלכע מיר האָבען זיך פֿון אָנשטרענגונג כמעט פֿאַרבלוטעט — וועט ווי די לייכטעסטע ארבייט אויסקוקען. זאַכען, ווידער, וואָס זיינען אונז ווי א מתנה אָנגעקומען, וועט אויסקוקען אלס א רעזולטאַט פֿון גרויסאַרטיגער באַמיהונג. וואָכען און מאָנאַטען האָבען מיר זיך איבער לעכערליך־קליינע שטערונגען געמוזט אויסמוטשען. דערנאָך האָבען מיר ווי אין א לופֿט־שיף איבער א באַרג אוועקגעשוועבט. מיר האָבען געהאַט און האָבען צו קעמפֿען מיט געהיימע פֿיינדשאַפֿטען, וועלכע קיינער וואָלט אונז ניט געגלויבט, אַזוי־ווייט זיינען זיי געגען דער נאַטור. אָבער מיר האָבען אויך געהאַט און האָבען פֿאַרשוויגענע פֿריינד און באַשיצער, וועגען וועלכע מען וואָלט אונז אַזוי פּונקט ניט געגלויבט. פֿאַר אַלעמען איז עס איינער, וועמען די ציוניסטישע באַוועגונג פֿאַרדאַנקט אומענדליך פֿיעל, א קלוגער, פֿריינדליכער, זעהר גרייכער מאַן, וועלכער וויל אָבער ניט, אַז מען זאָל זיין נאָמען אָנרופֿען. און אַזוי איז פֿאַראַן פֿיעלעס, גראַדע דאָס בעסטע, וואָס מען קאָן ניט זאָגען, ווען מען באַטייליגט זיך אויף א פֿאַראַנטוואָרטליכען אויפֿן אין אַזא באַוועגונג.

עס ליעגט אין דעם לאָגישען כאַראַקטער פֿון אונזער אויפֿגאַבע, אַז מיר זאָלען די רעגירונגען און די עפֿענטליכע מיינונג וועגען אונזער ווערק אויפֿקלערען. דאָס געשעהט אויף פֿאַרשידענע וועגען. די אידענפֿראַגע שפּילט זיך דאָך אָפּ מעהר אָדער ווייניגער אין יעדען לאַנד. אויך די פֿאַראייניגטע שטאַטען, ספּעציעל ניו יאָרק מיט זיין פֿלוצלונג אָנגעשוואָלענער איינוואוינערשאַפֿט פֿון עטליכע הונדערט־טויזענד פּראָלעטאַרישע אידען זיינען אין דער

זאַך פאַראינטערעסירט. פאַר די פאַראייניגטע שטאַטען באַדייט די ציוניסטישע לייזונג די אַפּציהונג פון אַ וואַהרשיינליך ניט גע־ווינשטער איינוואַנדערונג. אין די מזרח־אייראָפּעישע מאַסען־פלעצער פון עלענד וואוינען נאָך מיליאָנען אידען, וועלכע וועלען זיך אַוועקלאָזען איבער דעם אַטלאַנטישען ים. און מיט זייער הונ־גער וועלען זיי דעם פון יענער זייט באַשטעהענדען ארבייטס־לוין אראָפּדריקען און איבערהויפּט זיך אריינוואַרפען אין דעם ווירט־שאַפטליכען וועט־קאַמף מיט דעם מוט פון פאַרצווייפלונג. דורך דעם באַשאַפען פון שוועריגקייטען פאַר זייער אריינקומען און עהנליכעס קאָן מען זיך געגען אַזאַ צוצוג יעדענפאַלס נאָר אַ ביסעל אָבער ניט אין גאַנצען שיצען. אָבער שעהנער און אַמעריקאַנישער וואָלט עס געווען, ווען דאָס פרייסטע פאָלק אויף דער ערד זאָל די פרייהייטס־שטרעבונגען פון דעם אידישען פאָלק אונטערשטיצען, און אַנשטאָט איהם דעם וועג נאָך אמעריקא שווערער יצו מאַכען — זאָל עס איהם אַרויסהעלפען דעם וועג נאָך ציון צו דערלייכטערען. צו דער שטים פון די פאַראייניגטע שטאַטען הערט מען זיך צו סיי אין אייראָפּאַ און סיי אויף דעם אָריענט.

ווער עס קאָן די איצטיגע פּאָליטישע וועלט־לאַגע, פאַר דעם איז עס שוין פונ'ם אָנהויב אָן געווען קלאָר, אַז מיר האָבען זיך געמוזט באַמיהען צו געווינען די צושטימונג פון דעם מעכטיגען דייטשען קייזער פאַר אונזער באַוועגונג. איך האָב פון דעם ערש־טען טאָג אָן ניט געצווייפעלט, אַז דאָס וועט געלינגען. . אַלעס וואָס איך האָב וועגען דער געניאַלער פערזענליכקייט פון ווילהעלם דעם צווייטען געוואוסט, האָט מיר געגעבען גרונט צו דערוואַרטען מיט באַשטימקייט, אַז ער וועט אונז פאַרשטעהן און ארויסהעל־פען. פאַר קליינע מענשען, קרעמער־נשמות, פּאָליטיקער מיט אַ באַשרענקטער אויפפאַסונג האָט אונזער פּלאַן געקאָנט אויסקוקען אַלס צו־גיגאַנטיש און דערפאַר ניט אויספיהרבאַר. איהם אָבער — ניט! אָט דער מערקווירדיגער פירשט איז אין זיין גאַנצער גרויסקייט נאָך ניט דערקענט געוואָרען. אַ שימפּענדע אָפּאָזיציע

פאַרדאַרבט די צייטענווייז איבעראַשענדע אויסדרוקען פון א קראַפט־פולען, הויך־פליהענדען גייסט. ווער אָבער קאָן לייקנען, אַז ער פיהרט א אייגענטימליך גרויסאַרטיגע פּאָליטיק, אַז ער דער־ווייטערט און שטאַרקט די לעבענס־באַדינגונגען פון דער יונגער דייטשער אימפּעריע, און אַז טראָטץ דער גאַנצער געוואַגקייט פון זיין געדאַנקען־גאַנג האַנדעלט ער דאָך מיט דער קלוגסטער פאָר־זיכטיגקייט. מען האָט מיר א מאָל דערצעהלט, אַז ער האָט א גע־וואוינהייט נאָטיצען צו מאַכען, כדי זיך אליין פון זיינע האַנד־לונגען רעכענשאַפט אָפּצוגעבען: צי דאָס וואָס ער וויל טאָן איז אין איינקלאַנג מיט די פּרינציפּען וועלכע ער האָט פאַר א ריכטשנור פאַר זיין רעגירונגס־טעטיגקייט אויפגעצייכענט, ווען ער איז נאָך א פּרינץ געווען. איך ווייס ניט, צי איז עס פּונקט אַזוי ווי מען דערצעהלט, אויף איהם אָבער קאָן מען עס גלויבען.

עס איז מיר ניט אומבאַקאַנט אַז אין אַמעריקאַ האָט אין דער לעצטער צייט ערטערווייז געהערשט ניט די בעסטע שטימונג פאַר ווילהעלם דעם צווייטען. פונדעסטוועגען מעג עס מיר ער־לויבט זיין דעם איינדרוק צו דערצעהלען, וועלכען דער קייזער מאַכט, ווען מען פאַרברענגט מיט איהם נאָהענט. קיינמאָל וועל איך די אונטערריידונג ניט פאַרגעסען, וואָס איך האָב מיט איהם געהאַט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. איין משך פון א שעה זיינען אַלע מיט דעם ציוניזם צוזאַמענקומענדע פראַגען אַנאַליזירט געוואָ־רען. זיין מאַיעסטעט האָט דאָס געשפּרעך געפיהרט אין א האַרץ־געווינענדען, פרישען און נאַטירליכען טאָן, און איך קאָן נאָר זאָ־גען, כאָטש עס קלינגט אפילו ווי אַן אָפּיציעלע הויף־כאַראַקטעריס־טיק — אַז איך האָב געהאַלטען אין איין באַוואונדערען די רייכ־קייט פון זיינע קענטעניסען און זיין ווירקליך וועלט־ארומנעהמענ־דע אויפפאַסונג פון זאַכען. פון דעם הערשער איז נאָך פיעל גרוי־כעס צו דערוואַרטען. די צייט וועט ווייזען צו מיין אורטייל איז געווען פאַראויסגעזעהן אָדער איבערטריבען.

אייניגע וואָכען שפּעטער, האָב איך אין די געצעלטען פון

ירושלים פאַרגעשטעלט דעם קייזער אין א פייערליכער אודיענץ א ציוניסטישע דעלעגאַציע, וועלכע איך האָב אהין געבראַכט. אויף מיין אָפיציעלער אנשפּראַכע, האָט זיין מאַיעסטעט געענטפערט, אַז ער האָט דעם ציוניזם זיין פריינדליכען איגטערעס צוגעווענדעט.

אויף יענער רייזע האָבען מיר פּאַלעסטינא צום ערשטען מאָל מיט אייגענע אויגען קענען געלערנט. און טיף זיינען מיר געריהרט געוועזן, ווען אין איין שעהנעם מאָרגען האָט זיך פון אונזער שיף אויס באַוויזען דער בלאַסער ברעג פונ׳ם לאַנד. דאָס געהערט צו די מאָמענטען פון העכסטער פּאָעזיע, וועלכע מען קאָן אויך אין א פּולען לעבען ניט אָפט מיטמאַכען. עס זיינען געוועזן אויך אַנ־דערע רירענדע און ערגרייפענדע מאָמענטען, ווי צום ביישפּיעל דאָס אָנקומען אין א לבנה־נאַכט אין דער הייליגער שטאָט ירושלים. איינגעהילט אין זילבערנע פעדים פון א טומאַן האָבען די שפּיצען פון דער מויער צום הימעל ארויסגעקוקט און אויף איינמאָל האָבען מיר פאַרשטאַנען, אַז אויסער דער מיסטישער בייגקעניש האָט אין די אָלטע תפלות פון די אידען געמוזט ציטערן אויך אַן ערדישעס פאַרלאַנגען נאָך א צוריקקעהרען זיך קיין ירושלים. דאָס איז א פּרעכטיגע שטאָט, אין די בערג הויך און שטאָלץ געלעגען. און ווען מיר זיינען א טאָג שפּעטער אויפ׳ן הר־הזיתים געשטאַנען און דאָס גאַנצע בילד פון דער שטאָט אונטער אונז געזעהן, פּונקט ווי מען קוקט פון דעם גיאַניקולא איבער רוים אַראָפּ, האָבען מיר שטיל צו אונז אַליין געזאָגט, אַז ירושלים קאָן נאָך ווידער שעהן און פּרעכטיג ווערען אין צייטען, וועלכע מיר גרייטען צו.

איצט איז דאָס לאַנד אָרים און פאַרנאַכלעסיגט; די בערגלאַך אָהן וועלדער. די ערטער מיט הויכבאַרימטע נעמען ליגען טרויעריג אין חורבות. די פעלדער — ניט פּאַראַקערט. דאָס הייליגע לאַנד איז א מדבר. אָבער עס זיינען פאַראַן אויך אָאַזען! און די אָאַזען זיינען אונזערע אידישע קאָלאָניעס. דער ציוניזם, אָט די שווער־מעריי, אָט די אוטאָפּיע האָט שוין ארויסגעבראַכט דערפער און פּלאַנצונגען, וואָס מען קאָן זעהן און אָנטאַפּען. אין ריינערע היי־

זער וואוינען מוטיגע פויערים, וועלכע באארבייטען מיט פרייד דעם געליבטען באדען. און מען האט געמוזט זעהן די צוואנציג בחורים פון רחובות וועלכע האבען אונז אויף אראבישע פערד אנטקעגען געלאפירט, ווען מיר זיינען געקומען באזוכען זייער קאלאניע. פארשייטע רייטער־טענץ האבען זיי אויף זייערע לויף־פערד דורכגעפיהרט און דערביי האבען זיי געזונגען העברעאישע לידער פון אן אויסערארדענטליכען שוואונג. ווען איין־צוויי טוץ אזעלכע דערפער האבען געקאנט אנטשטעהן — טא קאנען דאך נאך הונדערטע און טויזענדע קאלאניעס באשאפען ווערען. ווער קאן צווייפלען אין דעם, נאך דעם ווי מיר פארמאגען די מענשען־קרעפטען און מיר זיינען בכח די מאטעריעלע מיטלען וצו שאפען.

די פראגע איז נאר, ווי אזוי מיר וועלען פארברייטען דעם רעכטליכען באדען פאר א גרויסער קאלאניזאציע: די באזעלער קאנגרעסען האבען זיך מיט דער פראגע גרינטליך באשעפטיגט. אויף דעם צווייטען קאנגרעס איז באשלאסען געווארען די גרינדונג פון דער אידישער קאלאניאל־באנק, וועלכע דארף דינען אלס דער פינאנציעלער אינסטרומענט פון אונזער באוועגונג. דעם אויפרוף מען זאל זיך אונטערשרייבען אויף אקציעס האבען אונטערגעשריבען די פאליטישע פיהרער פון דער באוועגונג, וועלכע האבען קיין מאל מיט געשעפטען ניט געהאט צו טאן, פונקט ווי איבערהויפט קיינער פון די גרינדער פון דער אונטערנעמונג וויל אדער קאן ניט האבען א וואסער ס'איז געלט נוצען. הונדערט־טויזענט מענשען פון אלע וועלט טיילען האבען זיך אויף דעם רוף געמעלדעט און אויף אקציעס זיך אונטערגעשריבען, און מיר האבען דעם דריטען קאנגרעס געקאנט מיטטיילען, אז די אידישע קאלאניאל־באנק (דזשואיזש קאלאניאל־טראסט) מיט איהר זיץ אין לאנדאן — איז געגרינדעט געווארען. פון איצט אן וועלען מיר זיך באמיהען פון דער טערקישער רעגירונג דעם טשארטער צו קריגען אונטער דער סואווערעניטעט פון זיין מאיעסטעט דעם סולטאן, כדי צו קאנען צוטרעטען צו דער פון אונז געפלאנטער לאנד־קאלאניזאציע. דאס

דאַרף ערשט דערגרייכט ווערען. מיר האָפען אַז עס וועט אונז געלינגען, כאָטש נאָך זעהר גרויסע שטערונגען ליגען אויפ'ן וועג. מיר זיינען בכח א שטראָם פון רייכטום און גליקזעליגקייט אין טערקיי אריינצובריינגען. מיר בריינגען מיט זיך פרידליכע ארבייטער און אַז אונטערנעמונגס גייסט, וועלכער רוהט ניט. מיר פאַרשאַפען דעם שטאַט גרויסע דירעקטע און אומדירעקטע פינאַנציעלע פאַרטיילען. פאַר וואָס זשע זאָלען מיר ניט האָבען דעם פאַרטרויען, אַז אונזערע פאַרנונפטיגע און לאָיאַלע פאָרשלעגען וועלען די אלע שטערונגען — וועלכע איך אונטערשעץ געוויס ניט — ענדליך גובר זיין און זיך צו א גוטען סוף דערשלאָגען.

אַזוי שנעל ווי דער טשארטער איז געקראָגען, וועלען מיר אויף א רעגולירטען וועג פאַרוואלטען די אויסוואנדערונג מיט דער הילף פון די עקסיסטירענדע פראַקטישע קאָלאָניזאַציאָנס־פאראיינען און זעלבסטפאַרשטענדליך אין איבעראיינשטימונג מיט די רעגירונגען.

דאָס זיינען נייע, גרויסע אויפגאבען וועלכע וואַרטען אויף אונז, און פאר וועלכע מיר ערציהען שוין איצט א שטאָב פון אנטשלאָסענע, געבילדעטע און באגייסטערטע לייט. אלע די יונגע אדוואָקאטען, מעדיצינער, טעכניקער, וועלכע באזאָרגען אצינד אין אלע לענדער די פּראָפּאָגאנדא פון דער אידעע — וועלען דאמאָלט גערופען ווערען צו דער באלדיגער ארבייט.

ווי אזוי דאָס וועט זיך ווייטער אנטוויקלען? ווי אָרגאָנישעס אַנטוויקעלט זיך: פון זיך אליין! עס וועט אַרויסגעבען פון זיך די קרעפטען, וועלכע עס באַדאַרף טעגליך, און צוזאמען מיט די אויפגאבען וועט עס וואַקסען, נאָך אַמאָל וואַקסען און ווידער אַמאָל וואַקסען. מיר, יוריסטען, וועלכע שטעהען היינט בראש, וועלען צו די טעכניקער, אין וועלכע מען וועט מאָרגען זיך נויטיגען די פיהרונג טיילווייז אָדער אינגאנצען איבערגעבען. דאָרט ביים ריגעל פון דעם מיטעל־ים, וועלכער איז איצט א שטערונג פאר דעם פאַרקעהר צווישען איראָפּא און אַזיען — זאָל א קולטור־ווערק געגרינדעט ווערען, דאַרפען נייע וועגען אויסגעטראָטען ווערען. פאַך

אונזער איצטיגער טעכנישער מאכט מיט איהר הערשאפט איבער די נאַטור־קרעפטען — לאָזט זיך אָט דאָס פּראָבלעם גאַנץ גוט דורכפיהרען. איך גלויב אין דעם קולטור־ווערק, און איך גלויב, אז עס וועט זיין פּרעכטיג.

ווען איך האָב צוגעגרייט מיין ערשטע פּובּליקאציאָן וועגען דער זאך און עס אפריהער געוויזען איניגע פון מיינע פריינד — האָבען זיי זיך זעהר דערשראָקען. ווייל זיי האָבען מורא געהאט, אז איך וועל מיך דורך דעם אין די אויגען פון אלע קלאָרע אויף אייביג אוועק׳הרג׳ענען. זעהענדיג, אז איך לאָז זיך ניט באאייג־פלוסען, האָבען זיי מיך געראָטען פאַרצוברענגען די אידעע וועגען־ניגסטענס אין א פארשטעלטער און אונטערהאלטענדער פאָרם פון א ראָמאן מיט ליעבעס־געשיכטען, איינצעלנע שיקזאלען פון מענ־שען און א מאלעריי וועגען די צוקונפטיגע צושטענדען אין אידען־לאַנד. דאָס איז אויך אייגענטליך מעהר אין איינקלאַנג געווען מיט מיין ביזהעריגער טעטיגקייט אלס פיעסען־שרייבער און פעלעטאָ־ניסט.

אמת, איך האָב איינגעזעהן, אז דאָס וואָלט געווען א גוטער פּראָפּאַגאנדא מיטעל פאר דער אידעע, און אויך וואָלט עס מיר די געפאהר פארשפּאָרט מאוס דורכצופאלען. אבער דאמאָלט וואָלט קיין פּראַקטישעס דערפון ניט ארויסגעקומען. מען וואָלט דערפון געווען גערעדט אין די סאלאָנען און אייזענבאהן־קופּעס. פיעלע וואָלטען אָט דעם קאפּריזנעם איינפאל געווען אויסגעלאכט, אנדע־רע וואָלטען אפשר שטילערהייט ארייגעוויינט אין דאָס בוך. וואָס אָבער וואָלט דערמיט דערגרייכט געוואָרען? נאָך א מעשה׳לע אין טויזענט און איין נאכט פון לײדען. ניין, עס האָט געדארפט ליכ־טיג און א פאקט ווערען. אויפטרייסלען האָבען מיר געמוזט דאָס אידישע פאָלק אנשטאט עס איינצושלעפערען. און ווירקליך, עס האָט זיך געלאָזט אויפטרייסלען, עס האָט זיינע גלידער אויסגע־צויגען, עס איז ארייגעטראָטען אין דער באוועגונג וועלכע ווערט

פון אונז לויט איהר ציל גערופען — ציוניזם. און איצט, גלויב איך, איז אויך די שעה געקומען איהם די מעשה׳לע פון די קומענדע צייטען צו דערצעהלען. עס וועט זיין אַ ראָמאַן און עס וועט זיך אָפּשפּיעלען פון איצט אין צוואנציג יאָהר ארום. איך מאָל דאָרט די געזעלשאַפט, די אינסטיטוציעס, וועלכע מיר קאָנען שאַפען — ניט מיט אזעלכע הילפסמיטלען, וועלכע דאַרפען ערשט ערפונדען ווערען, נאָר מיט אזעלכע וועלכע געהערען שוין היינט צו אונזער קולטור. מיר האלטען איצט ביים סוף פון דעם נייגצעהנטען יאהר־הונדערט נאָך קריסטוס געבורט. די מענשהייט באזיצט שוין פיעל ווערקצייג פון גליקזעליגקייט — אבער זיי ווערען אויך ניט רעכט גענוג אויסגענוצט. עס זאָל ווייזען, וויפיעל גערעכטיגקייט, גוטסקייט און שעהנקייט — עס קאָן נאָך אויף דער ערד געבראַכט ווערען — אויב עס ווערט נאָר ערענטליך פאַרלאַנגט.

וואָס פאַר אַן אומערוואַרטעטע צייטען זיינען זיי — די, אין וועלכע מיר לעבען! לייכט און פריי איז דער פאַרקעהר פון די פעלקער געוואָרען. די ענטפערנונגען זיינען כמעט אַפּגעשאַפען געוואָרען. די קריגס־מעכטען הויבען זיך אָן צו באַראַטען וועגען דעם אייביגען שלום. אלץ מעהר און מעהר אנגעלעגענהייטען ווערען אויף אינטערנאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונגען דיסקוטירט. עס עקסיסטירען מעהר קיינע גרעניצען ניט פאַר וויסענשאַפט און קונסט. די גרויסע דיכטער און פילאָזאָפען שאַפען זייערע ווערק פאַר דער גאַנצער וועלט. די עפענטליכע מיינונג איז ניט באשרענקט מעהר אויף איין וואָרט, איין שטאָדט אָדער איין לאַנד. אַן אומגליק וואָס געשעהט אין איין פּלאַץ קאָן אין א שעה ארום ביי די איינוואוינער פון דעם אנדערען עק וועלט באקאנט זיין, און וועט ביי זיי מיטלייד ארויסרופען. אַן ערפינדונג וועלכע נוצט דער מענשהייט ווערט פון הונדערט־טויזענטע פאַרשטעהער איבעראַל מיטגעטיילט. אַן אומרעכט וועלכעס ווערט וואו עס איז באגאנגען דאַרף נאָר סיגנאַליזירט ווערען, און עס רופט ארויס אין אלע וועלט־טיילען שטורמס פון פּראָטעסט. וואָס פאַר א מערקווירדיגע צייטען דאָס

זיינען! אין א נאך ניט ווייט צוריקגעלעגענער צייט וואלט מען דאס אלעס דערקלערט פאר אוממעגליך, און דעם וואס וואלט דאס געוואלט — אנגערופען נארישער בעל־חלומות. דאך גיט א קוק — דאס מיסטישע ווערט נאטירליך, גלייך ווי די אנגעזאגטע צייטען וואלטען זיך געוואלט פארווירקליכען.

און אט אזוי פאסירט עס, אז די מענשען הויבען עס פאמעליך אן צו באטראכטען פאר א נאטירליכע, נויטווענדיגע און אויס־פיהרבארע זאך. ווייל אין אומצעהליגע גאטעס־הייזער האבען די יאהרהונדערטע געבעטען נאך געבעטען צום הימעל ארויפגעשיקט: דאס צוריקקעהרען זיך פון די אידען!

.1899

# אויפ׳ן וועג.

אויב איך מאך קיין טעות ניט — איז אונזער ווערק מערק־ווירדיג. וואָלטען די פּראָפעסאָרען ניט געוועז אזעלכע פאַרטראַגענע מענשען, וואָס לאָזען תמיד שטעהען זייער רעגען־שירם ערגיץ אין אַלטערטום, וואָלטען זיי אונז אייגענטליך געדאַרפט נאָכקוקען, צי מיר שאַפען קלוג, אָדער נאַריש. אפילו פון אונזערע פעהלערען וואָלט מען געקאָנט עפּעס לערנען. אָבער די הערן פּראָפעסאָרען, וועלכע פאַרשטעהען קיינמאָל ניט דאָס וואָס האלט אין ווערען, קו־מען ערשט שפּעטער. דאַמאָלט, זעהט איהר, ווייסען זיי אַלעס בעסער פון אונז, און זיי דערקלערען אונז דאָס געוואָרענע.

דאָס איז די אורזאך פאַר וואָס וועגען אזעלכע באוועגונגען ווי אונזערע ווערט פאַר די שפּעטערדיגע דורות ניט פאַרבאַרייט קיין געטרייע פאַרשטעלונג. די, וואָס זיינען קאַלט און קאָנען זיין געטרוג „וויסענשאַפטליך" אום רוהיג צו באַטראַכטען — באַמערקען אין משך פון אַ לאַנגער צייט איבערהויפּט גאַר ניט און זעהען ניט, אַז עס געהט עפּעס וויכטיגעס פאָר. די ווייעדער, וואָס טוען דער־פאַר, שטעהען צו נאָהענט צו דער ארבייט, אז זיי זאָלען קאָנען מאַ־כען צופערלעסיגע פעסטשטעלונגען, ווי שטאַרק זיי זאָלען ניט זיין באהערשט מיט דער שטרעבונג צום אמת.

עס וועט קומען אַ טאָג, ווען מיר וועלען דאָס ציל דערגריי־כען — מיר האָפען עס מיט דער גאַנצער קראַפט פון אונזער נשמה — און דאַמאָלט וועלען אפשר אַלע סטאַנציעס, אַלע צווישען־פאַ־לען פון דער רייזע, אַלע דערוואַרטונגען און באַזאָרגענישען וועלכע האָבען יאָהרענלאַנג אויסגעפילט אונזער לעבען, מיט איין קלאַפּ

פארגעסען זיין; און אין די נייע, גרויסע אויפגאַבען וואָס וועלען ערשט דאַמאָלט אויסוואַקסען, פארלאַנגענדיג אַזוי פיעל כח און מוט, וועט אפשר גאָר ניט זיין קיין פרייע צייט, אויף די פריהריגע פּאַסירונגען צוריק־צוקוקען.

איצט אבער זיינען מיר נאָך אויפ׳ן וועג, און כאָטש מיר איילען זיך פאַרוועגס ניט אפּרוהענדיג זיך — גיט עס דאָך נאָך מאָמענ־טען, ווען מיר קוקען צוריק אויף דאָס פארגאַנגענע, און טראַכטען זיך אַריין אין דאָס צוקונפטיגע און קודם כל וועגען די פעלדער, וועלכע ציהען זיך פארביי פאר אונזערע אויגען. עס איז ענהליך צו דער שטימונג, וועלכע מען קריגט אויף אַן אייזענבאַהן־צוג. אמת, מיר פאָהרען ניט אויף קיין פארבאַרייטע רעלסען. אונזער וועג איז ניט געפלאַסטערט. לאָמיר זיך דערפאַר באַדינגען מיט דעם זעהר אַלטען אבער נאָך תמיד נייעם פארגלייך מיט אַ שיף, און דאָס וועט אויך זיין ריכטיגער.

יאָ, מיט אונז איז גלייך ווי מיר וואָלטען זיך געפונען אויף אַ שיף און מיר זעגלען ארויס צו דעם אַלט־נייעם לאַנד. אויף אַ ים־רייזע גיט עס צייטען ווען מען זעהט ארום און ארום נאָר וואַ־סער און הימעל. ווער עס קאָן ניט די צייכענס פון די שיפער, דער קאָן גלויבען, אַז מען געהט איבערהויפּט ניט פאַרוועגס. דער ים־מענש אבער דאַרף נאָר אַ בליק טאָן אויף דעם מיילען־ווייזער, און ער ווייסט, ניט נאָר אַז דאָס שיף באַוועגט זיך, ניט נאָר וויפיעל מיילען עס האָט דורכגעמאַכט, נאָר אויך זיין גענויע גיכקייט, און אויב דער מאַן ביים רודער שלאָפט ניט, אויב ער קאָן זיין הימעל־ריכטונג — וועט שוין דער ברעג סוף־כל־סוף פון די כוואַליעס ארויסשטייגען.

און שרייבענדיג דאָס, שווימט מיר ארויף אין מיין זכרון ווירקליך מיטגעמאַכטע און ניט אַלעגאָרישע ים־רייזען. עס זיינען צווישען זיי אויך געווען רייזען אויף דעם מיטעל־לענדישען ים — דעם שעהנסטען וואָס איך קען. ער האָט ליעבליכע און וואונדער־

פּאַלע ברעגען. יעדער האפען איז א פּראַכט, אַלעס שפּיגעלט זיך אָפּ מאַלעריש אין דעם זונען־שיין, אזוי אז אפילו די אָרימסטע זע־הען מעהר ניט אויס אומגליקליך, ווייל די נאַטור ארום זיי איז אזוי רייך. איך מיין דערמיט איטאַליען, וועמענס פּראַכטפולע ברעגען פון איהר דרום, זיינען עהנליך צו די ברעגען פון פּאַלעס־טינא.

ווען דער מערב־אייראָפּייער לאָזט זיך נאָך דעם מאָרגען־לאַנד — שניידט ער דורך אָיטאַליען. ווענינגסטענס, פּאַסירט עס נאָך איצט אזוי, ווייל די באַגדאַד־באַהן האָלט ערשט אין ווערען. אין אייניגע יאָהר ארום וועט מעסאָפּאָטאַמיען — דאָס שעהנע, פרוכטבארע הינטערלאַנד פון פּאַלעסטינא, די אייגענטליכע אור־היים פון די אידען, דאָס לאַנד צווישען דעם טיגרוס און יעפראַ־טוס, די היים פון אברהם אבינו — אין אייניגע יאָהר ארום וועט מעסאָפּאָטאַמיען א דאנק דער באַגדאַד־באַהן געעפענט ווערען פאַר דעם וועלט־פאַרקעהר. אבער ביז אָט דער לאַנד־וועג איז פאַרטיג, איז פאַר די מערב־אייראָפּייער וואָס ווילען פאָהרען אין דאָס מאָר־גען־לאַנד, בלויז נאָר איין וועג אָפען — דער וועג פונ׳ם ים. ווען איינער, צום ביישפּיל, וויל פאָהרען פון ענגלאַנד נאָך עגיפּטען אָדער פּאַלעסטינא, נאָך אינדיען אָדער כינא — זעצט ער זיך אויפ׳ן שיף אין סאוטהעמפּטאָן, פאָהרט פאַרביי פראנקרייך, שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, ביז ער קומט אריין דורך דעם גיבראַלטאַר אין דעם מי־טעל־לענדישען ים. עס זיינען אָבער אויך פאַראַן מענשען, וועלכע פאָהרענדיג אין אָריענט, נעהמען ניט דאָס שיף שוין אין סאוטהאמפּ־טאָן, זיי שטייגען ערשט אויף אין אַן אנדער האפען. די אורזאַכען דערפאַר זיינען פאַרשידען. אייניגע פאַרטראַגען ניט קיין לאַנגע ים־רייזע, זיי האָבען מורא פאַר דאָס שאָקלען זיך פון דעם שיף אויפ׳ן אָפענעם ים. זיי מיינען, אז דאָס וואָס ער האָט ניט קיין באַלקענס, זיי קריגען שנעל די ים־קראַנקהייט. אנדערע האָבען אפילו פאַר דער ים־קראַנקהייט ניט מורא; זיי האָבען אָבער ניט גענוג צוטרויען צו דעם שיף, אָדער צו זיינע פיהרער.

זיי וואלטען פריהער געוואלט זעהן, צי עס וועט אויסשטעהן די פראבע, צי עס וועט ווי געהעריג גערודערט ווערען. אן אנדער גרופע וויעדער האט פארזאמט דעם אפגאנג פונ'ם שיף אין סאוטהאמפטאן, אדער זיי האבען בכלל ניט געוואוסט, אז ס'איז דא אן עהנליכע רייזע־געלעגענהייט. עס לאזען זיך נאך אנדערע פארשידענע גרונדען געפינען, פארוואס ניט אלע האבען זיך אויפגעזעצט אין סאוטהאמפטאן, כאטש זיי וועלען זיך דאך אלע סוף־כל־סוף צוזאמענטרעפען אויף דעם שיף וואס איילט זיך צום מזרח. אייניגע קומען נאך מיט דער באהן דורך פראנקרייך און באשטייגען דאס שיף אין מארסעל, אנדערע שטייגען ערשט איין אין גענוא אדער נאך דרום'דיגער אין נעאפאל...

און ווען איך זעה ווי עס קומען פאמעליך צו אלץ נייע מענשען, וועלכע שליסען זיך אונז אן — מענשען וועלכע האבען אין סאוטהמפטאן פון דעם ציוניזם נאך גאר ניט געוואלט וויסען וועגען אונזער גוטעם שיף — דערמאן איך זיך אין אט די האפענס פון דער אריענט־רייזע מיט זייערע פארשפעטיגטע פאסאזשירען. מיר באגריסען זיי אלעמען. פאר יעדען איינעם פון זיי איז פאראן פלאץ און ארבייט.

און עס איז באמת א פרייד, ווען מיר זעהען, ווי עס דערנעהנטערן זיך צו אונז מענער, וועלכע מיר האבען געמוזט אכטען אפילו אין זייער געגנערשאפט. נאך געהערען זיי צו אונז ניט אין גאנצען, זיי זיינען נאך ניטא אויפ'ן דעק פון אונזער שיף, אבער עס איז קלאר, אז זיי פאהרען אונז נאך, און אויב זיי וועלען דאס שיף ניט אניאגען מעהר אין מארסעל, אין גענוא אדער נעאפאל וועלען מיר זיך געוויס צוזאמענטרעפען. אזעלכע חברים זעהען מיר אין די חובבי־ציון פון דער עלטערער שול.

אבער עס זיינען פאראן נאך אנדערע ערשיינונגען פון אן עהנליך צופרידענשטעלענדען כאראקטער. צוויי פון ענגלאנדס בעסטע אידען — קלאוד מאנטעפיארע און אסוואלד דזשאן סימאן — וועלכע זיינען פריהער פיינדליך געגען אונז אויפגעטראטען, האבען

אין דער לעצטער צייט אָפּגעגעבען דערקלערונגען, וואָס זיינען דורך און דורך פאַרשידען פון דעם, וואָס זיי האָבען פריהער געזאָגט. דזשאָן סימאָן האָט זיך נאָך דעם דריטען באַזעלער קאָנגרעס אין אַ גרויסער ענגלישער צייטונג זעהר פריינדליך אָפּגערופען וועגען אונזער באַוועגונג. קלאָוד מאָנטעפיאָרע מיט וועלכען איך האָב לײדער אַ לאַנגע צייט געמוזט פיהרען אַ צייטונגס־פּאָלעמיק, האָט ערשט ניט לאַנג, אַלס פּרעזידענט פון דער אנגעזעהענער לאָנדאָנער געזעלשאַפט פאַר אידישער געשיכטע, באַשפּראָכען די פראַגע פון אידישען פּאָלקסטום אויף אַן אופן וואָס איז געווען זעהר סימפּאַטיש און ריהרענד. עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז קלאָוד מאָנטעפיאָרע, וועלכער באַטייליגט זיך אויך אין די גרעסטע ענגליש־אידישע הילפס־געזעלשאַפטען און האָט דורכדעם אַ פיעלפאַכע געלעגענהייט זיך צו באַקענען מיט אַלע מאָראַלישע און מאַטעריעלע נויט־לאַגען — וועט מיט דער צייט אַלץ מעהר און מעהר דערנעהנטערן זיך צו אונזער אויפפאַסונג. דער פּלאַץ פון אָט דעם פיין־דענקענדען מאַן איז ניט ביי די פּראָטעסט־ראַבינער. ער הויבט עס שוין אָן איינצוזעהן.

און וואָס האָבען דען אייגענטליך אויסגעווירקט די פּראָטעסט־לער, סאָציאַליסטען, אַסימילאַטאָרס, און ווי נאָך זיי הייסען דאָרט די געגנער פון אונזער פּאָליטישען ציוניזם — אין די יאָהרען פון אונזער פיעל־באַליידיגטער באַוועגונג? וועלכע לייזונג פון דער אידענפראַגע — אויפ'ן אָרט פון אונזערער — האָבען זיי דען דורכגעזעצט, אדער אפילו נאָר פאָרגעשלאָגען? זיי האָבען גאָר ניט געטאָן און גאָר ניט דערגרייכט. די ווידער וועלכע האָבען יאָ אַ שטיקעל הארץ פאַר זייערע אומגליקליכע ברידער, האָבען פּרובירט אַ וואוילטעטיגקייט, וועלכע איז דעמאָראַליזירענד און אין פּראָפּאָרציע צו דער הערשענדער נויט — לעכערליך ווייניג. אונזער קראַנקהייט קאָן אויף אַזאַ אופן ניט אויסגעהיילט ווערען. היינע האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז אַ גרויסע קראַנקהייט היילט מען האָבען מיט דעם אידענטום פּאַסירט שרעקליכע טראַגעדיעס. און

ניט מיט רוויזענאוויל אָדער חלב. גראד אין די לעצטע יאָהרען ווען אונזערע געגנער האָבען מיטגעלעבט אזעלכע פאסירונגען ווי די דרייפוס-געשיכטע, די אידען-העצערייען אין אלזשויר, די עלילת-דם פאגראָמען אין עסטרייך, דער איצטיגער שרעקליכער קריזיס אין רומעניען, וועלכער פארוואנדעלט טויזענדע אין בעטלער און וואנ־דערער — האָבען זיי דאָך וועניגסטענס זייערע אויגען געדאַרפט עפענען. און ווער איז מוטיג אָדער קורצזיכטיג גענוג, צו באהויפ־טען, אז די ליידענס-געשיכטע פון אונזער פאָלק איז צו ענד? ניין, מיר מוזען תמיד דערווארטען, אז די אידען-שנאה זאָל אויף נייע, אָדער אויף די אַלטע פונקטען ווי׳עדער אמאָל אויסברעכען, און אז די אומשטענדע וועלען נאָך ערגער ווערען. אבער אויף וויפיעל וויי־טער, האָבען מיר שוין איצט געקאָנט האלטען, ווען אלע אָפּפער־וויליגע אידען וואָלטען זיך אונז געווען אָנגעשלאָסען! וואָס גיכער זיי קומען צו אונז, אלץ שנעלער און ווירקזאמער קאָנען מיר געהן ווייטער ביז צום ציל.

און פונדעסטוועגען, ווי שמערצליך די אינערליכע געגנער־שאַפט זאָל אונז צייטענווייז ניט באריהרען, מיר מוזען זיך דאָך זאָגען: גם זו לטובה! יאָ, עס איז צום גוטען, וואָס עס געהט אין דער ציוניסטישער באוועגונג ניט גאנץ גלאט אָפּ, וואָס די בוימער וואקסען ניט גלייך אין הימעל אַריין, און די געבראָטענע טויבען פליהען אונז ניט אין מויל אריין. אין משך פון דער צייט, וואָס מיר מוזען ווארטען, וועלען מיר זיך דיסציפּלינירען, און אָנפיהרען דאָס ווערק פון דער נאַציאָנאַלער ערציהונג. עס איז אויך ניט שלעכט וואָס פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער און די וואָס ווילען זיך ארויפארבייטען, האלטען זיך פון דער ווייטען פון אונזער באווע־גונג. דערמיט וואָס מען שווערט זיך, אז מען איז איבערצייגט, קאָן מען דאָ גאר ניט קריגען און גאָר ניט געווינען. איינער פון אונזערע פריינד אין קעלן, פלעגט ענטפערן די בעטלער, וואָס האָ־בען זיך איהם פאָרגעשטעלט אלס ציוניסטען, ווי פאָלגט: „אזוי? איהר זייט א ציוניסט, טאָ גיט זייט מוחל עפּעס פאר דער באַ־

וועגונג. מיר קאָנען נאָר געברויכען אזעלכע מענשען, וועלכע זיי־
נען באַרייט צו ברייגנען קרבנות".

אין דער באַמערקונג ליגט אַן אַנגרייפענדער הומאָר, אבער
אויך דער פולער אמת. און דאָס איז צום גוטען. פאַר די, וואָס
וועלען אמאָל האָבען צו פאַרוואַלטען די אַנגעלעגענהייטען פון דעם
אידישען עפענטליכען לעבען — איז אַן עקזאמען־צייט זעהר נוי־
טיג. און אַ דאַנק דעם וואָס די עקזאַמען־צייט איז פון אומבאַ־
שטימטער דויער, וועלען נאָר נאָך טיכטיגערע כאַראַקטערס זיך
אַנטוויקלען. ווען מיר וועלען האַלטען ביים ציל — וועלען זיין צו
לייזען אומענדליך פיעל אויפגאַבען. מען וועט זיך אויך ענט־
שפּרעכענד נויטיגען אין פיעל מענשען. פון די ערשטע פיהרער
פון דער באַוועגונג וועלען זיך ביז דאַמאָלט פיעלע האָבען אָפּגענוצט.
אַנדערע וויעדער — און דאָס זיינען אפשר ניט די ערגסטע—וועלען
זיך צוריקציהען, אַזוי שנעל ווי די גרעסטע אַרבייט וועט זיין אָפּ־
געטאָן. פאַרקעהרט וועט עס דאַמאָלט, ווען דאָס שווערסטע וועט
גליקליך איבערוואונדען זיין — האַלטען אין איין ווימלען מיט
„פאָלקס־רעטער". דאָס פאָלק אבער וועט וויסען, וואו עס האָט
זיינע אמת'ע פריינד צו זוכען: צווישען יענע, וועלכע האָבען אין
דער ציוניסטישער באַוועגונג ניט געוואָלט באַפרידיגען קיין פּער־
זענליכע אינטערעסען. צווישען יענע וועלכע האָבען געקעמפט און גע־
ליטען אין אַ צייט ווען מען האָט דערפאַר ניט געקראָגען קיין כבודים.
זאָנדערן באַשימפּונגען, אין אַ צייט ווען מען האָט דערפאַר ניט
געהאַט קיין פאָרטיילען, נאָר געמוזט ברייגנען קרבנות. די, וואָס
קאָנען נאָכווייזען — און זיי זיינען גליקליכערווייזע גענוג — אַז
זיי זיינען געוועזען אויף דעם ערשטען שיף — וועלען מיט זיך פאָר־
שטעלען די בעסטע גאַראַנטיע פאַר דער צוקונפט. ערשט ווען די
לאַנדונג איז געזיכערט וועלען פיעל שיפען נאָכקומען.

5טען יאַנואַר, 1900.

# ראָטשילד׳ס קאָלאָניעס.

אַן אונטערהאַנדלונג, וועלכע איז שוין זייט אַ לאַנגער צייט אָנגעפיהרט געוואָרען, איז ענדליך צום אַפּשלוס געקומען: באַראָן עדמונד ראָטשילד האָט די פּאַרוואַלטונג פון זיינע פּאַלעסטינער קאָלאָניעס איבערגעגעבען דער „דזשואיזש קאָלאָניזיישאָן אַסאָציאיישאָן" (יק״אַ).

אַט די פּאַסירונג איז גענוג אינטערעסאַנט, כדי ביי אונז אייניגע באַטראַכטונגען אַרויסצורופען. העד עדמונד פאָן ראָטשילד האָט — ווי עס איז באַקאַנט — אָנגעהויבען דאָס קאָלאָניזאַציאָנס־ווערק מיט גרויסער באַגייסטערונג. האָט זיך פאַראינטערעסירט אין דעם גורל פון די אָרימע, ניט ווי עס טוען עס געוועהנליך די אַנדערע רייכע אידען מיט זייער שטייגער פון הארצלאָזער וואוילטעטיגקייט. ער האָט זיך באַמיהט צו אונטערנעמען אַ גרעסער ווערק און צו צוגרייטען אַ דויערנדע הילף. איצט האָט ער, אַ מידער און קראַנקער, די ווייטערדיגע פיהרונג פון זיין ווערק פאַרטרויט צו אַ קערפּערשאַפט, וואָס איז די רעכטליכע יורש׳טע פון די גוטע אַפּזיכטען פון באַראָן הירש און וואָס ווערט באַצייכענט נאָך די אותיות מיט וועלכע איהר פירמע הויבט זיך אָן — מיט דעם נאָמען: יק״אַ.

דאָס אויפטרעטען פון די צוויי אידישע קאָלאָניזאַציאָנס־באַראָנען — הירש און עדמונד ראָטשילד — איז געוועזען אַ מערקווירדיגע און דערפרייליכע ערשיינונג פון אונזער צייט. דער אידעאַלער שטריך אין דעם ווירקען פוןביידע מענער איז קלאָר און דייטליך. מיר, וועלכע האָבען זיך אין דער קריטיק וועגען דער

פאַרוואַלטונג פון די קאָלאָניזירונגען פאַר גאָר ניט אָפּגעשטעלט און די באַגאַנגענע שווערע פעלערן אָהן רחמנות געטאַדעלט. מיר, וועלכע האָבען אָפט געגוג פּראָקלאַמירט אונזער פעסטע מיינונג, אַז אַ גרויסע פאָלקס־זאַך קאָן נאָר אויפ'ן באַזיס פון גרויסע פאָלקס געזיכטספונקטען געלייזט ווערען. מיר דאַרפען אויך אין דעם אויגענבליק אָהן שום פאָראורטיילען ריהמען דאָס, וואָס פאַרדינט געריסט צו ווערען. קיינער וועט אונז ניט פאַרבייטען מיט די חנופיניקעס און לאָקייען פון די רייכע לייט. און דערפאַר זאָל אצינט, ווען עדמונד ראָטשילד ציהט זיך צוריק פון זיין גוט געמיינטער טעטיגקייט אויך דאָס גוטע ניט פאַרשוויגען ווערען, וואָס מיר דענקען וועגען זיין ניט־געניגענדער אונטערנעמונג. זעלטען ווען איז אַ גרויסאַרטיגע הילפס־אַקציאָן פאַר אומגליקליכע אין אַ מעהר באַשיידענעם אויפן, אויף אַ מעהר רוהיגען און שטילען וועג אונטערנומען געוואָרען, ווי די פּאַלעסטינער ארבייט פון עדמונד ראָטשילד. ער האָט גאָר ניט געוואָלט, אַז מען זאָל וויסען, אַז דאָס שטעהט ער הינטער דער ארבייט. אין משך פון לאַנגע יאָהרען האָט ער זיך געהאַלטען באַהאַלטען און ווען מען האָט שוין יאָ אין דער שטיל אָנגעהויבען ריידען וועגען דער ווירקענדער פּערזאָן — האָט די רעדע געדאַרפט געפיהרט ווערען נאָר וועגען דעם „נדיב“. און אין דעם איז אויך אויסגעדריקט דער פּאַרצוג און די פעלערען פון זיינע שטרעבונגען. עס איז נאַריש צו גלויבען, אַז מען קאָן מיליאָנען מענשען אויפ'ן וועג פון דער אַזוי־גערופענער וואוילטעטיגקייט העלפען, ווען אפילו מען איז ראָטשילד. עס איז דער טעות פון אַ גוטהערציגען אָבער ניט זעהר ווייט־בליקענדען מענשען. תמיד האָט ער גוטעס געטאָן — אפשר מעהר צו זיין אייגענעם הויז ווי צו די אָרימע אידען. ווייל אָט דאָס הויז ראָטשילד — וואָס האָט דורך דעם פּשוט'ן פאַקט פון זיין רייכטום אַזוי פיעל שנאה געגען דאָס גאַנצע אידענטום ארויסגערופען, האָט זיך דאַ וועניגסטענס, דורך איינעם פון זיינע מיטגלידער ארויסגעוויזען צו זיין באַזאָרגט אויך פאַר די ליידען פון כלל.

אפילו זייגע מיהזאמע קאלאניעס, אפילו זיינע 470 פאמיליעס ניט באגליקען, א פשיטא שוין אז ער קאן די אידענפראגע ניט לייזען.

אין אמת'ן, וואס האט הער עדמונד פאן ראטשילד מיט זיין גאנצען פארטרעפליכען ווילען און דעם אויסגעבען פון פיעל מי־ליאנען — געקאנט אויפטאן? ציפערען וועלכע זיינען מיטגע־טיילט געווארען פאריגע וואך אויף א פארזאמלונג פון דער „אנ־גלא־דזשואיזש־אסאסיאיישאן" גיבען אויף דעם אן ענטפער. עס איז עדמונד ראטשילד'ן געלונגען 470 פאמיליעס — רעדט עס ארויס: פיער הונדערט זיעבציג אידישע פאמיליעס — אין פא־לעסטינא צו קאלאניזירען! די בערג האבען זיך אין באוועגונג גע־זעצט און האבען א מויז געבארען. 470 פאמיליעס! אין אן איינציגער גאס פון קראקוי אדער וויען, אדער בוקארעשט, אדער ווארשא, אדער אויף דער איסטענד פון לאנדאן, אדער ניו יארק וואוינען מעהר הילפ־באדירפיגע פאמיליעס וועלכע זיינען קראנק אט אויף דער אידען־נויט. און ניט אפילו אט די 470 פאמיליעס וועלכע זיינען פון עדמונד ראטשילד פארפלאנצט געווארען, איז ער אימשטאנד געווען צו העלפען. ווייל די הילף וואלט ערשט דאן מאלט פאלשטענדיג געווען, ווען די קאלאניסטען זאלען ווערן זעל־בשטענדיג. און וואס דערווייסען מיר זיך אצינד? פאקטיש האַ־בען מיר עס שוין פון לאנג געוואוסט, אבער אפיציעל דערווייסען מיר זיך עס ערשט איצט: אז די אומאפהענגיגע קאלאניעס זייי־נען נאך אלץ אנגעוויזען אויף דער הילף פון באראן. זיי ליגען איהם שווער אין דער קעשענע און ער וויל אויך צו זיינע קרבנות א גרענעץ אוועקשטעלען, דערמיט וואס ער גיט זיי איבער צו דער פארוואלטונג פון דער יק"א. יעדענפאלס האט ער זיך פארפליכ־טעט אויף נאך איניגע יאהר פאר א טיילווייזער סובסידירונג, אבער די קאלאניסטען זאלען וויסען, אז זיי קאנען דערנאך אויף איהם מעהר ניט רעכענען. די זאך איז גאנץ פיין פארשלייערט, אבער דאס איז דער קערן. מיט איין ווארט: עדמונד ראטשילד זעהט איין, אז מיט דער „וואוילטעטיגער" מעטאדע קאן ער ניט

פאַר אונז איז עס ניט קיין נייעס. אונז איבעראַשט עס ניט. מיר, פּאַליטישע ציוניסטען, האָבען דאָס די גאַנצע צייט אויף אונזערע פאַרזאַמלונגען, קאָנגרעסען, אין אונזערע צייטונגס-אַרטיקלען, בראָשורען און בריף דייטליך אַרויסגעזאָגט. איך אַליין האָב אויך מיט ביידע קאָלאָניזאַציאָנס-באַראָנען אונטעררעדונגען געהאַט און איך האָב זיי די קומענדע אַנטוויקלונג נאָך פריהער מיט יאָהרען פּינקט אַזוי געמאָלען, ווי זי איז איצט ווירקליך געשעהן. צום באַראָן הירש האָב איך געזאָגט, אַז זיין אַרגענטינישער פּאַרזוך שטעלט מיט זיך פאַר ניט מעהר ווי אַ מין מצבה פון אַ קעניג. ער האָט זיך אַ דענקמאָל אויפגעשטעלט אין דער פאָרם פון אידישע דערפער אין דרום-אַמעריקא, אָבער די לייזונג פון דער אידען-פראַגע איז עס ניט. ראָטשילד'ן האָב איך געזאָגט, אַז אויך ער וועט מיט זיין קליין-קאָלאָניזאַציע גאָרניט אויפטאָן. גרויסע זאַכען קאָן מען ניט קליינליך אונטערנעמען. דאָס-זעלבע וואָס טראָגט אין זיך אַלס אַ פאַלקס-זאַך, די גאַראַנטיע פאַר אַן ערפאָלג איז האָפנונגסלאָז ווען עס ווערט אויף אַזאַ קליינעם פילאַנטראָפּישען אופן אונטערגענומען.

עטליכע יאָהר זיינען פאַרגאַנגען. די פאָראויסזאָגונג האָט זיך בוכשטעבליך פאַרווירקליכט. דער אַרגענטינישער פּאַרזוך פון'ם באַראָן הירש איז שוין אַלס אומדורכפיהרבאַר אַנערקענט, איז שוין פון דער יק'א אַליין אַלס האָפנונגלאָז איינגעזעהן געוואָרען. און די איינוואוינער פון באַראָן הירש'ס אַרגענטינישע דערפער זיינען פלייסיגע ציוניסטען! און עדמונד ראָטשילד איז געצוואונגען אַיבערצוגעבען די ווייטער-פיהרונג פון זיינע קאָלאָניעס אין אַנדערע הענט. עס דאַרף ניט ערשט דערמאָנט ווערען, אַז אויך אין זיינע קאָלאָניעס זיינען אונזערע אידעען די הערשענדע.

צו זיינען די אַנדערע הענט, וועלכע וועלען איצט האָבען די דירעקטע אויפזיכט איבער דעם עקאָנאָמישען גורל פון ראָטשילד'ס קאָלאָניסטען — צו זיינען אָט די הענט די ריכטיגע — דאָס קאָנען מיר נאָך היינט ניט פעסטשטעלען. יעדענפאַלס ווינשען מיר זיי

דעם בעסטען ערפאלג, און מיר וועלען זיי גערן, אויף ווי ווייט מיר וועלען נאר קאנען, אין זייער ווירקזאמקייט אונטערשטיצען. דאס געזונט־מאכען און די עקסיסטענץ פון די קאלאניעס איז פונקט ווי דער צושטאנד פון אלע אנדערע פאלעסטינער קאלאניעס א זאך, וועלכע מוז יעדען אמת'ן ציוניסט טיף אינטערעסירען. דער אפזאץ פון די פראדוקטען, וועלכע די בראווע אקער־פיאנערען פון אידישען פאלק בריינגען ארויס פון דעם אידישען באדען, קאן דורך אונזער גרויסער, איבעראל דערגרייכענדער פראפאגאנדא דערלייכטערט ווערען. ווען מיר העלפען צו פארוואנדלען אין א ווערט די פרוכטען פון דעם פלייס, העלפען מיר אויך דערמיט, אז אונזערע בראווע פאלעסטינער פויערים זאלען זיך די זעלבשטענדיגקייט פארשאפען, וועלכע זיי מוזען האבען, אויב זיי זאלען קערפערליך און מאראליש ווערן פרייע מענשען. דער אופן ווי אזוי די פילאנטראפישע קאלאניעס זיינען אנטשטאנען, האט מיט זיך געבראכט, אז מען זאל די פויערים א ביסעל פון אויבען אראפ באטראכטען. אבער עס מוז דאך באטאנט ווערען, אז מען דארף אויף ארבייטענדע מענשען קוקען ניט ווי אויף בעטלער. ווען אזא קאלאניזאציאנס־בוראו איז אהן צווייפעל אין זיין ארבייט געפיהרט געווארען פון אידעאלע מאטיוועו, איז עס געוויס דער קאלאניסט אויך אזוי געוועז. די לייט וועלכע האבען דעם פארוויסטעטען באדען מיט באגייסטערטער ארבייט פרוכטבאר געמאכט, מיט זומפען און פיבערס געקעמפט, קרבנות פון לייב און לעבען געבראכט און ענדליך באוויזען אז א איד קאן זיין א פויער און וויל עס זיין אין פאלעסטינא — די לייט דארפען געוויס אלס קאלאניסטען ניט וועניגער הויך געשאצט ווערען, ווי די מיליאנערען, וועלכע האבען זעהר פיעל געלט געאפפערט און ווען אפילו מען האט דעם קאלאניסט אין זיין קאלאניזירען זיך געהאלפען — אונטערשיידעט ער זיך דאך זעהר פון דעם וואס נעמט נדבות און נעמליך דורך דעם זיטליכען צייכען פון ארבייט.

און זעהר מאדנע מוז דערפאר ווירקען דער טאן, מיט וועל־

כען עטליכע פּערזאָנען האָבען גערעדט אויף א פאַרזאַמלונג פון דער אַנגלאָ־דזשואיש אסאָסיאיישאָן, ווען מען האָט פאַרהאַנדעלט די בראַגע וועגען איבערגעבען ראָטשילד׳ס קאָלאָניעס. די אסאָסי־איישאָן איז אַ קערפּערשאַפט אין לאָנדאָן, וועלכע באַזיצט אַ טייל פון די יק׳א־אַקציעס, און זי איז דערפאר אין דער לאַגע געווען וועגען די ראָטשילד־קאָלאָניעס אַ מיינונג ארויסצוזאָגען. דער־פּרעזידענט מר. קלאָוד מאָנטעפיארע האָט ערשט ניט לאַנג אַ פיעל באַמערקטע רעדע געהאַלטען, וועלכע מען האָט אויסגעטייטשט אַלס דייטליכע דערנעהנטערונג צום ציוניזם.

אַנדערע מיטגלידער אָבער פון דער פאַראיינינונג זיינען נאָך אַלץ פאַרביטערט געגען אונזערע שטרעבונגען, און זיי האָבען מורא געהאַט אַז דאָס איבערנעהמען פון פאַלעסטינער קאָלאָניעס קאָן באַטראַכט ווערען אַלס אַ קאַפּיטולאַציע פאר דעם ציוניזם. עס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאר אונזערע אָפּאָנענטען, וואָס דאַמאַלט ווען זיי געהן אין די פון אונז פאַרגעשלאָגענע וועגען, האַלטען זיי אין איין קאַטעגאָרישען אָפּלייקענען, אַז דאָס זיינען אונזערע וועגען. פאר אונז אָבער איז גענוג ווען מיר זעהן אַז דער ריכטיגער וועג איז איינגעשלאָגען. עגאָיזם אָדער באַשטעהן דאַרויף אַז מיר זיינען גערעכט וואָלט ביי אַזאַ זאַך ניט געווען אם פּלאַץ. מיר ווילען דערפאר נאָר פאַרביינגעהענדיג אונזער באַדויערן אויסדריי־קען, וואָס ביי דער געלעגענהייט האָט מען אין דער „אַנגלאָ־דזשו איש אסאָסיאיישאָן“ גאַנץ אָפען געמאַכט אומריכטיגע באַהויפּ־טונגען און נעמליך: אַז דער ציוניזם האָט געשאַדט די אידען פון רוסלאַנד און גאַליציען. יעדער איינער ווייסט, אַז דאָס איז ניט אמת. גראַד דער הפך איז ריכטיג, ס׳איז אמת, אַז דער ציוניזם האָט נאָך אין ערגיץ די מאַטעריעלע זייט פון דער אידען־לאַגע ניט פאַרבעסערט — און דערמיט איז ער עהנליך צו די אין זייער כאַראַקטער פאַרשידענע שטרעבונגען פון אונזערע געגנער — אָבער מיר זיינען דאָך נאָך ניט ביים ציל; מיר זיינען ערשט אויפ׳ן וועג. די מאַטעריעלע פאַרבעסערונג קאָן מען ערשט דער־

וואַרטען, ווען דער ציוניזם וועט דאָס לאַנד באַטרעטען. און דער־בּיי קאָן מען ניט פאַרלייקענען אַז אין מאָראַלישער באַציהונג האָט ער שוין איצט אויסגעאיבט אַ זעהר גוטע ווירקונג אויף אונזערע מאַסען. דער ציוניזם באַדייט שוין היינט דאָס אויפגעריכט ווער־רען. אַ האָפענונג פון באַלעבענדער קראַפט. און ווירקליך, ווער עס איז פעהיג דאָס שיקזאַל פון דעם שווער־געפּרואווטען אידענטום מיט אַ גרעסערען, פרייערען בליק צו באַטראַכטען, דער קאָן ניט באַהויפטען, אַז די אידען דאַרפען זיך שעהמען מיט דעם ציוניזם, אָדער אַז ער האָט שאָדען געבּראַכט.

גיכער קאָן מען עפּעס אַנדערש אויסגעפינען, אַז דער טאָן, וועלכען עטליכע רעדנער אין דער „אַנגלאָ־דזשואיזש אַסאָסיאַיי־שאָן" האָבען גענומען, מוז דאָס אידישע געפיהל באַליידיגען און איז כלל ניט פּאַסיג צו העכערען דעם כבוד פון די אידען אין די אויגען פון דער אויסען־וועלט. אַ געוויסער הערמאַן לאַנדוי האָט שרעקליך אָפּשטויסענד געראַדט וועגען פּאַלעסטינאַ אַלס „דאָס לאַנד פון די בעטלער" און דער טשיעף־ראַבּבי אַדלער האָט זיך זעהר טיף פאַרבּויגען פאַר דעם „אַלמעכטיגען נאָמען ראָטשילד". דאָס וואָרט „אַלמעכטיג" אין פאַרבּינדונג מיט געלט מעג אפילו בדרך משל ·געבּרויכט ווערען, אָבער אין מויל פון אַ נשמות־פּאַר־זאָרגער פון אַזאַ ראַנג מאַכט עס גיכער אַ פּיינליכען איינדרוק.

דערווייל ליגט אויך אַ שטיק גוטעס אין דעם, וואָס אונזערע געגנער שטעלען זיך פאַר דורך זייערע אייגענע ווערטער. דאָס פאָלק פאַרשטעהט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך. בעטלער מוזען אַפשר אַזאַ טאָן ארונטערשלינגען; עהרליך ־ אַרבּייטענדע און שטרעבּענדע מענשען אָבער — מוזען עס ניט. דער גאַנצער הע־בּרעער זינען פון דעם קאָלאָניזאַציאָנס־ווערק וואָלט דאָך קאַטעגאָ־ריש פאַרלאָרען געגאַנגען, ווען אונזערע פּויערים זאָלען קריגען די אונטערשטיצונג אין זייער אַרבּייט פאַר דעם פּרייז פון דערנידע־רונגען. עס עקסיסטירען אין פּאַלעסטינאַ נאָך אַנדערע אידישע קאָלאָניעס אויסער די פון ראָטשילד. זיי האָבען ווייניגער געקאָסט

און דאַך זיינען זיי פריהער זעלבסטשטענדיג געוואָרען, און אין אַט די פרייע קאָלאָניעס אַנטוויקלען זיך מוטיגערע מענשען. אלסביישפיעל קאָן מען אַנרופען די קאָלאָניע רחובות, וועלכע מוז פון יעדען איינעם ווער ס׳האָט זי געזעהען, העכער אָפּגעשאַצט ווערען. איידער צום ביישפּיל דאָס זעהר טייער אָפּגעקאָסטע ראשון־לציון.

אוים די ערפאַהרונגען, וועלכע זיינען געמאכט געוואָרען אין די קאָלאָניעס פון די מיליאָנערען קאָן מען עפּעס לערנען. מען האָט פיעל געלט אויף אַ צוועקלאָזען אופן אויסגעגעבען. געלט וואָס וואָלט ביי אַ קלוגען געברויך דער אַלגעמיינער זאַך גאָר אַנדערש געווען גענוצט. ס׳איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט גערעדט וועגען אַ קאָלאָניזאַציאָנס־קאָנקורענץ צווישען הירש און ראָטשילד. דאָס שטרעבען צו אונטערנעמען אַזאַ מין ווערט איז געווים איידלער, ווי ווען זיי וואָלטען האָבען פּרובירט איבערצוויאָגען איינער דעם אַנדערן אין רייטען אויף פערד, אָדער אין אַנדערע לוקסוס־אויסגאָבען. אָבער קליגער וואָלט עס געווען, ווען זיי וואָלטען פון׳ם אָנהויב אָן געגאַנגען האַנט־אין־האַנט און פאַראייניגט אַלע מיטלען פאַר אַ פּלאַנמעסיגער אונטערנעמונג. אַ שאָד נאָר אויף דער פאַרלאָרענער צייט. אצינד איז די פאַראייניגונג דורכגעגאַנגען דורך דער קראַפט פון די אומשטענדען. ראָטשילד׳ס ווערק לייזט זיך אויף אין באַראָן הירש׳ס ירושה. דאָס איז אָבער אין קיין פאַל ניט דער סוף. דאָס איז עפּעס אַן אָנהויב. אַלע אידישע קאָלאָניזאַציאָנס־צוועקען מוזען זיך צונויפטרעפען. דאָס ליגט אין דער נאַטור פון דער זאַך, און דערפאַר וועט עס געשעהען. אַלע ווערק מוזען איין ווערק ווערען און דאַמאָלט וועט עס געלינגען.

19טען יאַנואַר, 1900.

# רעדע אין וויען*)

איך גלויב, אז פיעל פון אייך ווייסען נאר ניט וועגען וואס עס האנדעלט זיך אין דער באוועגונג, אין וועלכער מיר אלע זיינען סאל־דאטען. איהר האט מסתמא געהערט אייניגע אומבאשטימטע באַ־מערקונגען, מייסטענס ווארשיינליך פון א הומאריסטישען כאראק־טער, וועגען די באמיהונגען פון איינצעלנע מענשען, וואס ווילען עפּעס טאָן פאר די אידען, און ווי נאר איך בין אהער היינט אויף דער נאכט געקומען, און אויף א ווייל א טראכט געטאָן וועגען דעם קרייז פאר וועלכען איך וויל היינט אנטוויקלען די אידעען פון ציוניזם, און וועגען דעם ווי אזוי מיין ערשט ווארט וועט אויפגע־נומען ווערען, האָב איך זיך באלד דערמאָנט אן דער געשיכטע וואָס א בערלינער שריפטשטעלער האט מיר אמאל דערציילט. פאר־שטעהט מיך נאר! איך וויל אייך ניט פארגלייכען מיט די פּרע־מיערבאזוכער, איך וויל אייך בלויז מיט אָט דעם אנעקדאָט כאַ־ראקטעריזירען די שטימונג, וואס איך האָב אפּט פעסטגעשטעלט ביי דעם מיטעל שטאנד. אָט דער שריפטשטעלער האט מיר דער־צעהלט וועגען א פאָרשטעלונג אין וועלכער, ווען דער פאָרהאנג הויבט זיך אויף, קומט איינער ארויף אויף דער בינע און פרעגט די דינסטמיידעל: „איז די גנעדיגע פרוי אין דער היים?" אויף דעם ענטפערט איינער פון דעם פארטער: „עס טויג שוין אויף כפרות!"

---

*) געהאלטען געוואָרען אין פריהלינג פון 1900 אויף א פארזאמ־לונג פון סוחרים און באנקירען.

כמעט אזוי האָט דאָס די ערשטע צייט פּאַסירט מיט מיר און מיט אונז אלע, וועלכע שטעהען אין דער באוועגונג. איך האָב פריהער מיט עטליכע יאָהר פאַרעפענטליכט א בראָשורע מיט׳ן נאָמען דער אידענשטאַט. זעהר ווייניג מענשען האָבען אָט דאָס בוך געלעזען, וועניגער פון אלע יענע, וואָס האָבען באַלד אויסגערופען: „עס טויג שוין אויף כּפּרות“. ווען א איד, און דערצו נאָך א מאָדערנער איד, וועלכער האָט די בעסטע צייט פון זיין לעבען אנטייל גענומען אין די אייראָפּעאישע קולטור שטרעבונגען — ווען אָט אזא איד זאָל זיך גאָר פּלוצלונג אנהויבען זאָרגען וועגען אידישע אנגעלעגענהייטען, וואָס האָבען ניט צו טאָן, ניט מיט א חברה קדישא אָדער מיט אַ גבאות אין א קהלה, ניט מיט תפילין לייגען אָדער ציצית קושען — דאָס האָט אזא מאָדנעם איינדרוק געמאכט, אז איך פאַרשטעה אייגענטליך דעם אויפרוף „עס טויג שוין אויף כּפּרות“, וואָס איך האָב געהערט פון אלע זייטען. איך האָב פאַרשידענע גרונדען, וואָס בארעכטיגען מיך אַנצונעמען, אז מען האָט אָט דאָס בוך ניט געלעזען. איך זאָג דאָס צום ערשטען מאָל אויף אן עפענטליכער פאַרזאמלונג. אין אָט דעם בוך געפינט זיך א קאַפּיטעל, דער איינציגער אין וועלכען עס שטעהט א ניי וואָרט, וואָס האָט יעדענפאלס פאַר די יוריסטען געמוזט זיין פון א געוויסען אינטערעס, ווען אפילו נאָר אלס פאַלשער פאַרזוך, ווען אפילו נאָר אלס אַ ניט דורכגעפיהרטער געדאנק. ווייל אָט דער פאַרזוך שטעלט מיט זיך פאָר א געגענזאַץ צו דער היינט־צו־טאָג הערשענדער טעאָריע; ווייל ער איז געגען די מיינונג וואָס הערשט איצט אויף די אוניווערזיטעטען אין שטאַט־רעכט מכח פאַרנונפט־נויטוועגדיגקייט. וואָס שטעהט פון איהר זייט אלס געגענזאַץ צו דער אלטער טעאָריע פון רוסאָ. אָט די פּראָבע צו דערקלערען דעם רעכט־גרונד פון שטאַט איז ביז איצטער אין קיינער פון די פיעל טויזענטע באַשפּרעכונגען און באשימפּונגען, אונטער וועלכער דאָס בוך איז אונטערוואָרפען געוואָרען — אפילו מיט איין וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרען. דאָס איז פאַר מיר דער באוויז, אז זעהר פיעל מענ־

שען האָבען אָפּגעגעבען זייער אורטייל וועגען דעם „אידענשטאַט“. ניט נעמענדיג זיך די מיה איהם צו קענען.

איך וויל זיך אבער אויף דעם ניט אָפּשטעלען. וייל אונזער איצטיגע באוועגונג איז דאָך ניט באשרענקט אויף די באמערקונ־גען, וואָס אַן איינזאמער שריפטשטעלער אין פּאריז האָט דאמאָלט אויפגעצייכענט. וייל ער האָט זיך אריינגענומען אין קאָפּ אריין, אַז דאָס איז די איינציגע מעגליכקייט ווי אזוי צו לייזען די שווע־ריגקייטען פון דער אידען־פראַגע.

גלויבט מיר, אַז אויף יעדען פּלאַץ פון דעם ערד־קוגעל וואָלט עס געווען מעגליך, איינצורופען א פארזאמלונג ווי די איצטיגע דאָ; און עס וואָלטען זיך געווים געפונען מענשען, וועלכע וואָלטען דורך א וואָסער ס'איז טיפען ווארצעל אין זייער נשמה, אָדער דורך וועלכע ס'איז באַציהונגען פון זייער פארשטאַנד זיך געפיהלט פאַרבונדען מיט אָט דער באוועגונג, וועלכע מען האלט שוין היינט ניט מעהר פאר אזוי משוגע, ווי אין דער ערשטער צייט.

אין דער ערשטער צייט וועלכע איז געווען אַם שווערסטען דורכצופיהרען, איז דאָס פּשוט דערקלערט געוואָרען אַלס משוגעת. איך וויל אייך זאָגען, וואס די זאַך, דער ציוניזם, איז, וואָס ער וויל, וואוהין ער שטרעבט, מיט וועלכע מיטלען ער וויל דאָס אויס־פיהרען, און איהר וועט אויסגעפינען, אַז אויב דער ציוניזם איז א משוגעת, אנטהאלט ער אין זיך וועניגסטענס מעטאָדע. און איהר ווייסט דאָך אַלע, אַז זאכען פון פארשטאַנד קאָנען אָנגענומען ווערען פון דער מאיאָריטעט. ווען א משוגע'נע געשיכטע געווינט פאר זיך די מערהייט — איז זי ריכטיג. און אויף וויפיעל מעהר נאָך איז אַ זאַך ריכטיג ווען זי געווינט די מעהרהייט, און צו דער זעל־בער צייט ווידערשפּרעכט זי ניט די געזעצען פון שכל. איך וויל דאָס אייך דערקלערען אויף אַן אופן, וואָס איהר אליין ווענדט אַן אויף אַלע פאסירונגען פון געוועהנליכען און העכערען לעבען, וועל־כע באציהען זיך אויף אייער פאַמיליע, אייער פארגאַנגענהייט און צוקונפט, אייער פארגענגער און אייערע קינדער.

כדי דעם ציוניזם צו פאַרשטעהן וועלען מיר איהם איינטיי־לען אין פיער טיילען: דער צושטאַנד פון די אידען, די אידעע וואָס אָט דער צושטאַנד מוז ביי אונז ארויסרופען, די מיטלען צו פאַר־ווירקליכען די אידעע, און די אויספיהרונג, דעם געברויך, וואָס מיר ווילען מאַכען פון אָט די מיטלען.

דער צושטאַנד פון די אידען איז ווייט ניט קיין פרעהליכער, איך וועל זיך אבער דאַרויף נאָר קורץ אָפּשטעלען. מען דערצעהלט אַז אין אַ געמיינדע פון מעהרען האָט זיך אַמאָל אָפּגעשטעלט אַ מגיד, וועלכער האָט צונויפגערופען די אידען און פאַר זיי גע־דרש'נט וועגען זייערע שיקזאַלען און צושטענדען. ווען די פאַר־זאַמלונג האָט זיך געענדיגט, זיינען צוויי אידען צוזאַמען אוועקגע־גאַנגען, און איינער פון זיי האָט אָנגעהויבען וויינען — פאַרוואָס וויינסטו? האָט איהם זיין פריינד געפרעגט. און יענער האָט גע־ענטפערט: „איך האָב ערשט איצט זיך דערוואוסט ווי שלעכט עס געהט מיר.“

אין דעם קלאַס פון דעם פאָלק, צו וועלכען איך רייד היינט, וואָלט מען ווירקליך געדאַרפט אָנווענדען אַ ספּעציעלע איינריי־ד'ונגס־קונסט, אום אייך צו זאָגען ווי שלעכט עס געהט אייך, אויב מען באַשרענקט דאָס שלעכט געהן אויף דאָס מאַטעריעלע. ווען מיר זאָלען זיך אָפּשטעלען אויף וועלכען עס איז אָרט אין מזרח־אייראָפּאַ, אָדער אפילו נאָר אין אַ באַצירק פון וויען, צום ביישפּיעל אין בריגיטענאַו נאָך די ענקלאַווען, וואו די אידען געפינען זיך אין שרעקליכע באַדינגונגען — דאָרט, גלויב איך, וואָלט מען ניט געדאַרפט פיעל דערצעהלען, אום די לייט צו איבערצייגען, אַז עס געהט זיי שלעכט. יאָ, עס געהט זיי שלעכט. געהט עס זיי שלעכט אַזוי ווי אַנדערע פּראָלעטאַריער? מיר ווייסען, אַז עס געהט אַן אַ גרויסע באַוועגונג, וואָס וויל פאַרמיידען דעם טרויעריגען שיקזאַל פון אַלע פּראָלעטאַריער; אַ באַוועגונג, וועלכע מיר פאַרפאָלגען מיט סימפּאַטיע, און ניט ווי עס וואַרפען אונז פאָר אינזערע סאָציאַל־

דעמאקראטישע געגנער. בלויז וואס מיר זוכען אין דעם אלגעמיי־נעם עלענד פון די פראלעטאריער דאס, וואס איז ספעציפיש אי־דיש, דאס, וואס שטאמט א דאנק דעם אידישען מהות פון אט די פראלעטאריער — דעם באזונדערען דרוק, ניט דעם אלגעמיינעם.

און פון דאנען געהען מיר ווייטער, און מיר געפינען אט די ערשיינונג איבעראל, אין אלע שיכטען, אויך צווישען אייערע.

ווען איהר זייט דירעקט פארבונדען מיט'ן געשעפט־לעבען, ווען איהר זייט טעטיג אויףביידע בערזעס אין וויען — ווערט איהר זיך אויף אן אידען פארפאלגונג ניט אנשטויסען. ווען אבער איהר געהט ארויס פון דער בערזע, ווען איהר הערט זיך צו, וואס מען זאגט הינטער אייך, ווערט איהר אויסגעפינען, אז מען זאגט נאך אייער ערליכער טעטיגקייט פאר דעם שטאט, פאלקס ווירטשאפט און אינדוסטריע דאס ערגסטע, און אז מען באטאנט, אז דאס איז א אידיש געשעפט. און כאטש פראבעם פטור צו ווערען פון אט דעם אידישען געשעפט זיינען מאוס דורכגעפאלען, און כאטש עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז פאר דעם אויסגלייך פון די פינאנציע־לע שטאטס־באדערפענישען — אום נאר איין טייל אנצורופען — פאר דער באשטענדיגער אנהאלטונג לעבעדיג דעם האנדעל אלס גאנ־צען דארף מען אט די פראפעסיעס זעהר נויטיג האבען — ווערט איהר פונדעסטוועגען גאנץ גוט וויסען, אז א פאראורטייל, וועלכען איהר קאנט ניט אוועקמאכען, באגעגענט אייך איבעראל, אזוי שנעל ווי איהר געהט אריבער די גרעניצען פון אייערע געוועהנליכע טע־טיגקייטען און טרעט אריין אין לעבען.

אין פארגלייך מיט אייערע אויפטואונגען פאר דאס פאלק, צווישען וועלכען איהר לעבט, געהט אלזא אויך אייך שלעכט. ווען איהר האט אבער זיהן, און איהר ווילט זיי, ווי עס פיהרט זיך געוועהנליך ביי אידען, לאזען שטודירען, אדער פארבארייטען זיי פאר וועלכען עס איז אנדערן צווייג פון טעטיגקייט, צו וועלכער ניט יעדער ווארפט זיך — טא ווערט איהר באלד באמערקען, אז

עס געהט אייערע זיהן זעהר שלעכט. איהר וועט זעהן, אז אט די לויבענסווערטע פּראבעס פון שטרעבען צו פריירע פּראָפעסיעס, וואָס זיינען ניט אויף אזוי פיעל באזירט אויף מאַטעריעלער ער־ווערבונג ווי דאָקטוירים, אדוואָקאטען, טעכניקער — שטויסען זיך אָן אויף א גרויסער אומצופריעדענקייט. און נאָך דעם, ווי מען האָט פאַרגעווארפען די פאטערס, אז זיי פאראידישען די בערזע, ווארפט מען פאר זייערע קינדער, אז זיי פאראידישען די אדוואָ־קאטור, די דאָקטוירים־פּראקטיק, די פרעסע און דאָס טעאטער.

איך וויל עס גאָר ניט ווייטער פאַרטזעצען. די פאַרהעלטע־נישען זיינען דאָך אייך אלעמען באקאנט. דער פאַקט איז דער, אז ווען א מענש האָט דעם מהות פון א אידען — פאַרפאָלגען זיין לעבען, זיין אנטוויקלונג און זיין ערע־געפיהל שטענדיגע און אומ־אויפהערליכע שווערינקייטען. און מיר אנטדעקען דאָך ניט ערשט אָט די צושטענדען. איהר ווייסט וויפיעל יאָהרהונדערטען עס ציהט זיך שוין אזוי, און פון לויב ריידנער פון אונזער צייט וועט איהר הערען, אז עס איז דאָך שוין איצט פיעל בעסער, ווי עס איז געווען אין מיטעל־עלטער און ביז אין אָט דעם יאָהרהונדערט אריין, ווען די אידען האָבען געמוזט האָבען געוויסע פאַספאָרטס, כדי זיך צו באַ־זעצען אין א שטאָט. איך מוז אייך זאָגען, אז אָט די לעצטע באַ־הויפּטונג איז ניט ריכטיג, ווייל אין פאַרהעלטעניש צו דעם אלגע־מיינעם קולטור־צושטאַנד פון יענע צייטען זיינען אויך די אונטער־דריקונגען ניט געווען ערגער ווי אין דער איצטיגער צייט. באַ־טראַכט נאָר אויף א מינוט וואָס דאָס מיטעל־אלטער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט. ווי אזוי עס איז געווען פול מיט בלוט און גרוי־זאמקייט, ווי איינג דאָס לעבען איז געווען, ווי אומזיכער דער גאַנצער פאַרקער! ביי אזא צושטאַנד האָט פאר די אידען דאָס געטאָ ניט פאַרגעשטעלט מיט זיך אזא שרעקליך געפערליכע ער־שיינונג, און אויב עס האָט פאסירט אז מען האָט די אידען ארויס־געטריבען — טאָ זיינען דאָך אויך פאַרפאָלגט געוואָרען די פּראָ־טעסטאַנטען אין דייטשלאַנד און די גוגענאָטען אין פראַנקרייך.

האבען דאך די פון ענגלאנד פארטריבענע פוריטאנער געשאפען
דאס מאדערנע אמעריקא! וואס עס פאסירט איצט מיט די אידען
איז דערפאר אזוי פיינליך, ווייל עס געשעהט אין א צושטאנד פון
פארלייכטערונג, ווייל עס קומט פאר הונדערט יאהר נאך דער רע־
ויאלוציע, פופציג יאהר נאך דעם איבערקעהרעניש פון אכט און
פיערציג, אין וועלכער די אידען האבען גענומען א גרויסען אנטייל.
די איצטיגע אונטערדריקונג פון די אידען איז א גאנץ מערקווירדיגע
און שמרעצליך איז זי גראד פאר די, וועלכע מען האט ארויסגעטרי־
בען פון געטא, אום זיי צו פייניגען.

און וואס פאר א הילפס־קוואלען האט מען אונז פארגעשלאגען
אום צו ענדערען את דעם צושטאנד? די פארבעסערונג פון דעם
אידען־צושטאנד דארף מען דערווארטען פון אן אלגעמיינער
פאלקס־אויפקלערונג, פון דעם וואס דער אלגעמיינער קולטור צו־
שטאנד וועט געהעכערט ווערען. מיר מוזען זארגען פאר די גרעס־
טע פרייהייטען, מיר מוזען אוועקגעבען אונזער בעסטעס פאר די
באוועגונגען וואס מוזען פריהער דורכגעשטורעמט ווערען. דעם
צושטאנד, אין וועלכען עס וועט הערשען די אלגעמיינע ברידער־
ליעבע האלט איך פאר אומענדליך ווייט. ניט נאר ווייט וואס אנ־
באלאנגט צווישען פאלק און פאלק, נאר אפילו צווישען די איינ־
צעלנע אין איין פאלק און אויך צווישען די איינצעלנע אין אונזער
פאלק. און אויב עס ווערט איצט פארגעשלאגען א לייזונג, וואס
פארלאנגט ניט די ענדערונגען פון דער מענשליכער נאטור, נאר
אן ענדערונג פון די צושטענדען, וואס מיר זיינען בכח דורכצופירען
מיט אונזערע מיטלען — טא שיינט עס מיר, אז וועניגסטענס מוז
מען דאריבער ערנסט דיסקוטירען. איך זאג ניט, אז מיר ווילען
בעסער מאכען די מענשען, ניט אפילו אונז אליין ווילען מיר אויס־
בעסערען. מיר זאגען נאר, אז מיר וואלטען וועלען שאפען געוויסע
פאקטישע צושטענדען, ביי וועלכע עס זאל אוועקפאלען דער אומ־
נויטיגער דרוק וואס ליגט אויף די אידען. און ווען מען קומט און
מען לייקענט פשוט די אידען־פראגע, ווען מען קומט און מען זאגט,

אַז עס עקסיסטירט איבערהויפּט ניט קיין אידען־פראַגע, נאָר אַ מענשען־פראַגע — טאָ איז עס אפשר אַ געשפּרעך, מיט וועלכען מען קאָן זיך, ווי מיט אַנדערע טאָג־אונמערהאַלטונגען, צעשטרייען. איך דענק אבער, אַז עס איז ווייט ניט גענוג פאַר אַט אַזאַ דרינ־גענדען נויטשטאַנד. און מיר דענקען איצט נאָך אויף וואָס פאַר אַן אופן מען וואָלט געקאָנט אַרויסהעלפען פון אַט דעם נויטצושטאַנד. אַז אַ שווער געפּרואווטער פּראָלעטאַריאַט וואָס וואוינט אין אַ שרעק־ליכער איינגעשאפּט אין אומצעליגע שטעדטלאך פון מזרח, דער־שלאָגען און פאַרטרויערט, אַנטוויקעלט אין זיך קראַנקהייטען, געהט צו גרונט, אָדער הויבט זיך פּלוצלינג אויף, נעהמט דעם וואַנדער־שטעקען און לאָזט זיך אַוועק נאָך אַנדערע שטעט און לענ־דער, אַ געפאַהר פאַר די אַנדערע פעלקער — ווי אַזוי וואָלט מען געקאָנט ענדערען אַט דעם צושטאַנד פון מאַטעריעלער נויט און אַלעם אַנדערע וואָס מיר רופען מאָראַלישע נויט? מיר דענקען, אַז עס וואָלט געוועזען מעגליך צו העלפען מיט דעם זעלבען מיטעל וואָס אַלע פעלקער טוען מיט דעם איבערפלוס פון זייער פאָלקס־קראַפט, מיט דעם איבערפלוס, וואָס ווערט געפעהרליך, ווען ער האָט קיין אפּפלוס ניט, נעמליך דורך אַ קאָלאָניזאַציע.

די קאָלאָניזאַציע, דאָס הייסט די קאָלאָניזירונג פון די שטאַם־מיטגלידער אין אַן אַנדער לאַנד — איז אַ געדאַנק פון דער נייער צייט, און אין דער נייער צייט האָבען זיך מיט איהם באַנוצט נאָר די פאָרגעשריטענע נאַציאָנען, אַזוי אַז אַ געשיכטע־פילאָזאָף קאָן זאָגען: „די יונגע נאַציאָנען געהט פאָרוועָרטס און צייגט זיך פאַר אַ מאָדערנע, וועלכע אַנטוויקעלט קאָלאָניזאַציאָנס געדאַנקען.” דער נייער, גרויסער כאַראַקטער שטריך פון דער דייטשער פּאָליטיק, וואָס איז צו פאַרדאַנקען דעם געניאַלען, לײדער פיעל־צו־ווייניג געקענ־טען דייטשען קייזער — איז די קאָלאָניזירונג פון אַפריקאַ און מזרח־אזיע. עס האָט אבער שוין נאָך פריהער — אפּגעזעהן פון דער גרויסער צייט פון די שפּאַניער, פּאָרטוגעזיער און האָלענדער — עקסיסטירט אַ צייט פון קלאַסישער קאָלאָניזאַציע, איך מיין

דאס די קאלאניזאציע פון די ענגלענדער. די ענגלענדער, וועלכע מיר מוזען היינט באטראכטען פאר דאס ערשטע פאלק אויף דער ערד, זיינען שוין ביי דער אנטשטעהונג פון די נייע פארקערס־מיטעל, וואס זיינען ערשט אלט פיער און זעכציג יאהר — געוועזן די ערשטע, וואס האבען אט דעם געדאנק פארשטאנען און דורך איהם אנטוויקעלט זייער מאכט. מיט די נייע פארקערס־מיטלען האט זיך אין דער געשיכטע אנגעהויבען א נייע פעריאדע, וועלכע איז שעהנער פון אלע פריהערדיגע, און וועלכע הויבט זיך אן מיט יענעם טאג, ווען סטיוועסאנ'ס ערשטע דאמף־מאשין האט אנגע־הויבען לויפען. דאמאלט האט זיך אנגעהויבען די נייע צייט, די צייט, וואס איז פאר אונז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט ביי דער לייזונג פון אלטע פראגען. פריהער זיינען אזעלכע פראבעס, ווי מיר שלאגען פאר און וועלען דורכפיהרען, ניט געוועזן דענקבאר. און אויב אונזער באוועגונג ווערט אין בייזוויליגע ארטיקלען געשטעלט אויף איין שטופע מיט וועלכע ס'איז פאלשע משיח־באוועגונגען, צייגט עס נאר ארויס די טיפע לעבענס־אומוויסענהייט פון דעם מענשען. מיר האלטען אין מיטען פון אונזער צייט, און קומען דערצו יעדענפאלס ערשט זעכציג יאהר נאך די ענגלענדער. אבער וואס מיר זאגען און האבען אין זינען איז עפעס אזוינס וואס איז גאנץ ניי, עפעס אזוינס וואס איז פריהער קיינמאל ניט געוועזן מעגליך. די ענגלענדער האבען די ערשטע דערקענט דעם מאמענט, ווען עס האט זיך אנגעהויבען א נייע טיילונג פון דער ערד. א דאנק דער גרויסער פאליטישער ערציהונג פון זייער פאלק האבען זיי באלד אויסגענוצט דאס מיטעל וואס האט זיך זיי אנגעבאטען. דאמף־שיפען און באנען האבען געבראכט דערצו, אז עס איז גע־שאפען געווארען אן אנדער קלאסיפיצירונג און צוזאמענשטעלונג פון דער געזעלשאפט. די ווייטקייט און איהר באוועלטיגונג איז נויטווענדיג צוזאמענגעבונדען מיט לײדען; און דאס איז דאס לײדען פון דער ענגשאפט. די אידען־פראגע איז א לײדען פון ענגשאפט, פון צוזאמענגעפאקטקייט. אין דעם אויגענבליק, ווען

די ווייטקייט קאָן איבערוועלטיגט ווערען, איז ניטאָ מעהר קיין מורא צו ליידען. איהר אלע האָט אָט די ערפארונג. ווען אייער געזונט פארלאנגט אז איהר זאָלט פארלאָזען אייער שטאָט־וואוי־נונג, קאָנט איהר נאָך אין דעם זעלבען טאָג זיין אין אישל אָדער אבאציא. דאָס זעלבע וואס איז אייך מעגליך צו טאָן פאר אייער געזונטהייט — מוזען אויך מיר אונטערנעמען פאר אונזערע מאַ־סען, און דערמיט באזייטיגען מיר אויך אונזערע ליידען. מיר האָ־בען דערפון אויסגעארבייט א פּראגראם, און עס האנדעלט זיך ווע־גען דעם, אז דער אפּפלוס פון אונזערע מאסען זאָל קאָנען אָפּ־געצויגען ווערען אין אַן אנדער געגענד. דאָס איז אנערקענט און אויסגעפירט געוואָרען נאָך פאר דעם ציוניזם אין זיין הייגטיגער פאָרם, פון זעהר רייכע מענער מיט א גרויס הארץ און א ווייטען בליק, נעמליך: פון באַראָן הירש און באַראָן ראָטשילד. דער אופן אבער ווי אזוי עס איז דורכגעפיהרט געוואָרען איז געווען פאלש. אָט די מענשען האָבען גענומען אידען, האבען זיי געגעבען געלט, ווערקצייג, אָדער א שטיק לאנד, כדי זיי זאָלען זיך ערגעץ וואו קאָ־לאָניזירען און כדי זיי זאָלען אויפהערען ארומצוהאנדלען מיט שווע־בעלער. ווען מען ציהט אין אנבאַטראכט וואָס מען האָט געוואָלט פארמיידען און ווי אזוי מען האָט דאָס דורכגעפיהרט, זעהט עס אויס זעהר קאָמיש, דער גרונט־געדאנק אבער איז געווען א ריכ־טיגער.

אָט די אידען וואָלט מען געמוזט געבען א באשעפטיגונג אויפ'ן פרייען פעלד. קיין מענש אבער איז ניט רייך גענוג צו דע־קען דעם טראנספּאָרט פון די מאסען. דאָס קאָן נאָר דאמאָלט פּאַ־סירען ווען מען ברענגט אריין אָט דעם געדאנק צווישען די מאַ־סען, ווען מען באוועגט דעם מענשען, אז ער זאָל זיך אליין העל־פען. עס איז כמעט אזוי, ווי מען וויל אויפהויבען אַן עלעפאנט. מען וואָלט דערצו געדארפט א שרעקליך גרויסען אַפּאראַט. די עלעפאנט־טרעגער אבער קיצלען איהם מיט א שטאכעל, און באַ־וועגען איהם דערמיט אהין, וואו זיי ווילען איהם האָבען. אָט דער

שטאכעל מיט וועלכען מיר ווילען ברענגען די מאסען צו א בע־
סערען פונקט — איז די נאציאנאלע אידעע. זי מוז ווידער אמאל
אריינגעבראכט ווערען אין דעם באוואוסטזיין פון פאלק, וואס האט
אונטער די שווערסטע אומשטאנדען ניט אויפגעהערט צו שיצען
זיי פאלקס־געפיהל. יא, זי מוז זאגאר אויפגעהויבען ווערען איבער
דעם שוועל פון זיין פאלקס־באוואוסטזיין. זיי וועלען דערפאר
דאנקבאר זיין. זיי וועלען אין דעם תיכף געפינען א טרייסט און
א האפענונג. זיי וועלען זיך דורך דעם קאנען אויפריכטען און זיך
לאזען ברענגען אויפ'ן וועג וואס איז פאר זיי נוצליך. דאס האבען
מיר אלזא געטאן. מיר האבען אונזערע יונגע לייט און זיך אליין,
די עלטערע שווערמער, אויפגעטרייסעלט, און מיר האבען די אידען
ווידער אמאל דערצעהלט דאס וואס זיי האבען שוין פארגעסען.
נעמליך, אז זיי האבען א גרויסע פארגאנגענהייט, אז זיי זיינען
פון אט דער פארגאנגענהייט ניט אפגעטיילט, אז זיי דארפען זיך
פון איהר ניט אפטרייסלען, און אז זיי וועלען אין איהר געפינען די
קראפט צו זייער ווידער־אויפלעבונג. מיר האבען דערמיט אויך
דער רעליגיאן קיין שלעכטס ניט געטאן. און געטאן האבען מיר
עס ניט פארגלאצענדיג דערביי די אויגען. מיר האבען עס דער־
גרייכט נאר דערמיט וואס מיר האבען אנגעוויזען אויף אונזער אל־
טער צוזאמענגעהעריגקייט. און אזוי האט מען געקאנט זעהן, אז
לייט, וועלכע האבען אויף א האר ניט פארלייקענט זייער מאדער־
נעם און פריי־גייסטיגען שטאנדפונקט האבען זיך צוזאמענגעטרא־
פען מיט די קאנסערוואטיווסטע עלעמענטען פון דעם אידענטום,
א דאנק דער אויפריכטיגקייט, א דאנק דעם וואס זיי האבען וויע־
דער ארויסגענומען דאס, וואס עס איז געווארען א מאדע צו פאר־
לייקענען, א דאנק דעם וואס זיי האבען זיך ניט געשעמט צו זאגען
אז זיי זיינען אידען, און דורך דעם וואס זיי האבען דאס ניט גע־
טאן פארבארגענערהייט, נאר אפען פאר דער גאנצער וועלט. אבער
דענקט אייך צו וואס פאר א שטופע דאס אידנעטום איז דערגאנ־
גען, אז יענע לייט וואס זיינען אידען לויט זייער פראפעסיע, נעמ־

ליך די וואָס זיינען די וואָכערניקעס איבער דער געמיינדע — אַז פונקט אַט די לייט האָבען געציטערט מיט מורא, ווי פאַר אַ שאַנדע אָדער געפאַר: זיי האָבען מורא געהאַט מודה צו זיין, אַז זיי באַ־לאַנגען צום אידענטום. מיר האָבען אין דער הינזיכט געשאַפען אַן ענדערונג און גראַדע אונזערע גרעסטע געגנער זיינען אונז שולדיג דעם גרעסטען דאַנק. ווען אַ געוויסע צאָהל פון מענשען, געלערנטע אָדער ניט געלערנטע אין תלמוד, האָבען זיך צונויפגענומען און אַרויסגעלאָזט אַ דערקלערונג געגען דעם ציוניזם — טאָ איז עס געווען די ערשטע פאָסירונג אין זייער אָפּיציעלער טעטיגקייט, ווען מען האָט זיך צו זיי צוגעהערט. מיר ווידער האָבען אַנערקענט, אַז די אַנטוויקלונג און דאָס אויפוועקען פון דעם אידישען פאָלקס־באַוואוסטזיין איז אַ סטאַנציע אויף אונזער וועג. פון אַט דעם באַוואוסטזיין קומט אַרויס דאָס געפיהל פון סאָלידאַריטעט, און איהר ווייסט, אַז אין די אידען פיינדליכע בלעטער האָלט מען אין איין באַהויפּטען אַז די סאָלידאַריטעט פון די אידען איז אַ זאַך וואָס האָלט תמיד אָן, און זיי ציהען דערפון אַלע ניט גינסטיגע שלוסען, וואָס איז נאָר מעגליך. מיר באַזיצען אַלע איהרע שאָטען־זייטען, ניט האָבענדיג קיין איינציגען פון איהרע פאָרטיילען. די געגנער האָבען אונז באַהאַנדעלט גלייך ווי מיר וואָלטען באַזעסען אַ שטאַרקען זיך־צוזאַמענהאַלטען, גלייך ווי מיר וואָלטען זיך איי־נער פאַר דעם אַנדערען אָנגענומען און איינער דעם אַנדערען גע־שיצט. דער אמת אבער איז, אַז דאָס האָט קיינמאָל ניט פּאַ־סירט. אמת, מען האָט דורכגעפיהרט פאַרשידענע צדקה־אונטערנע־מונגען. ווער אבער עס פאַרשטעהט אביסעל די פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסען, וועט קיינמאָל ניט צווייפלען אין זייער דעמאָראַליזירענדע ווירקונג.

אַ לאַנגע צייט האָט מען פּראָפּאַגאַנדירט קרעמיע'ס געדאַנק וועגען אַן אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל. עס איז געווען איינע פון די נאָרישסטע אונטערנעמונגען וואָס מען האָט ווען עס איז גע־מאַכט. צווישען אַט די מענשען האָבען זיך געווים געפונען אויסגע־

צייכענטע מענער. דער געדאנק אבער צו גרינדען אן אליאנס איז־ ראעליט אוניווערסעל, א באנד וואס זאל צוזאמענהאלטען אלע אידען — איז געווען געגען דעם שכל. אייניגע פראנצויזישע שו־ לען אויף דעם אריענט און דאס אויסטיילען פון קליינע סומען געלט פאר דורכרייזענדע אידען — דאס איז אלעם וואס זיי האַ־ בען אויפגעטאן.

פארקערט, זיי האבען פארשטארקט די לעגנדע וועגען דער סאלידאריטעט פון די אידען. אט די סאלידאריטעט האט צווי־ שען אונז עקסיסטירט אויך אויף'ן אנדערען אופן. ווען איינער האט עפעס אפגעטאן א געמיינהייט צו איין אידען, האט ער שוין צו דער זעלבער צייט געבעטען אום פארצייהונג אויך צוליעב דעם, כדי די עפענטליכקייט זאל זיך וועגען אט דער געמיינהייט ניט דערוויסען, ווייל עס קאן נאך שאטען אלע אידען. מיר האבען ביז אהער געהאט אלע חסרונות פון דער סאלידאריטעט; די השערה פון די געגנער, דער אינערליכער רוף, די שיינבארע פארפליכטונג צו פארשווייגען נידערטרעכטיגקייט, — די אמת'ע קראפט אבער פון דער סאלידאריטעט האבען מיר ניט געהאט. איצט טרעט אויף די ציוניסטישע באוועגונג מיט דעם וואונש אויפצושטעלען א סאָ־ לידאריטעט וואס זאל ניט קאנען באקעמפט ווערען, וואס זאל בא־ טראכט ווערען אלס לאיאל פון יעדען גערעכטען מענשען, פון יע־ דען גערעכטען ניט־אידען. — מיר ווילען אויפשטעלען א סאלידא־ ריטעט פאר א נאציאנאלען צוועק, נעמליך, פאר דער דערלייכטע־ רונג פון דעם נויטשטאנד פון די וואס ליידען אם שווערסטען. און עס איז גאנץ לאגיש ווען מיר, וואס לעבען ווי מענשען אונטער די געגענווארטיגע באדינגונגען, ווילען עס דורכפירען אונטער די באדינגונגען פון דער געגענווארט. און אז מיר ווילען זיך דערצו באדינען מיט די מיטלען פון פארזאמלונגען, קאנגרעסען, צייטונ־ גען; אז מיר ווילען מיט אונזער וואונש אויפטרעטען דארט, וואו ער קאן ערפילט ווערען, אז מיר ווילען זיך ווענדען צו די רעגירונ־ גען אום צו קריגען זייער פאליטישע צושטימונג, און אז מיר ווי־

לען דאָס לאַנד, אין וועלכען מיר נויטיגען זיך, ערוועריבען פון זיין איצטיגען פעלקער־רעכטליכען בעל הבית — דאָס אַלעס איז זעלבסטפאַרשטענדליך. דאָס לאַנד איז פּאַלעסטינא. דאָס זעלבע לאַנד, וועלכעס אונזערע געגנער רופען אַלע טאָג „ציון“, פּאַרגלאַ־צענדיג דערביי די אויגען. אָט דאָס לאַנד עקסיסטירט. עס זיינען פאַראַן לייט, וואָס זיינען דאָרט געווען, און זיי קאָנען אייך זאָגען, אַז עס איז אַ לאַנד וואו מען קאָן וואוינען, אַז עס איז אַ לאַנד ניט נאָר מיט אַ פאַרגאַנגענהייט נאָר אויך מיט אַ צוקונפט. דאָס לאַנד, וואָס באַזיצט אַן אידעאַלע אַנציהונגס־קראַפט פאַר די מאַסען, און וואָס איז געוואָרען אַ זעהר וויכטיגער פּונקט, אַ דאַנק די איצטיגע פּאָליטישע צושטענדען. אָט דאָס לאַנד איז אַצינד אין אַ צושטאַנד פון טיפסטער פאַרנאַכלעסיגונג. עס איז געוואָרען ווערטלאָז און צ:ואר דורך אַ געגען זינען פון דער געשיכטע: ווייל עס איז אַמאָל אַזוי ווערטפול געווען. עס האָט געריצט די אַפּעטיטען פון אַזוי פיעל פעלקער און הערשער, אַז דאָרט זיינען פאָרגעקומען די גרעס־טע מלחמות, און אָט דורך דעם איז דאָס לאַנד פאַרוויסט געוואָ־רען. אָט דאָס לאַנד, דאָס עלענדע און דאָס פאָלק דאָס עלענדע, ווען צוזאַמענגעפירט, וועלען זיי ביידע געהאָלפען ווערען. די קאָלאָני־זאַציע אין אָט דעם לאַנד איז מעגליך. און דערפאַר זיינען די פּראָ־בעס פון אַ באַראָן ראָטשילד און פון די פאַרשידענע קאָלאָניזאַ־ציאָנס געזעלשאַפטען געווען פון גרויס נוצען. זיי האָבען נעמליך געוויזען אַז אָט דער באָדען האָט יעדענפאַלס די איי:ענשאַפט, אַז מענשען הענט קאָנען איהם מאַכען פרוכטבאַר, דערצו נאָך דאָרט פיעל שעהנער ווי ערגעץ אַנדערש וואו. איינער פון אונזערע פריינד האָט זיך וועגען דער דאָרטיגער לאַגע זעהר שעהן אויסגעדריקט: „די ערד לאַכט דאָרט ווען דער אַראַבער קיצעלט זי מיט זיין אַקער“. ווען מען זאָל אָננעמען אַלס מאָס די מעטאָדען פון די אייראָפּעישע קולטור־לענדער, קאָן מען וועגען דער דאָרטיגער לאַנדווירטשאַפט אַפילו ניט ריידען. היות, אַבער ווי די פאַרהעלטענישען זיינען שלעכט, פעהלט די טרייב־קראַפט צו אַ ראַציאָנעלער ווירטשאַפט,

די לייט קרענקען צו און טוען גארניט, ווייל זיי האבען מורא, אז ניט זיי וועלען קריגען די פרוכטען פון זייער ארבייט. דארט אבער וואו עס ווירטשאפטען די אידען און די דייטשע קאלאניסטען, דארט זעהט מען די איבעראשענדע רעזולטאטען. אלץ וואקסט, ווייל דער באדען איז דארט פיעל פרוכטבארער ווי ערגעץ אנדערש וואו.

ארום יפו ווערט אנגעפירט די מאראנצען־קולטור. די רעזולטאטען נאך א זעקס־יעהריגער קולטור זיינען יעהרליך אויף יעדען העקטאר פון 5.000 פראנק און מעהר. עהנליכע ציפערען ווייזט אויך די וויין־קולטור. עס ווערען פראדוצירט פארשידענע מינים פון וויין, וועלכע מען טרינקט שוין, און מען וואלט אויך געקאנט פארפלאנצען אלע אנדערע קולטורען. דאס אלעס איז באוויזען געווארען דורך די קאלאניזאציאנס־פראבען. דער הומאריסט פון דעם מאנטאג־בלאט וואלט נאטירליך חוזק געמאכט, ער וואלט עס אוועקגעשטעלט אזוי, אז עס וואלט אויסגעקומען, אז די הערן כהן און זילבערפינגער, אנשטאט צו פאהרען פון באזעל קיין וויען און ווידער צוריק, וואלטען זיי זיך אוועקגעשטעלט אויף אן אקער און איהם באוואויגען אהין און צוריק. נאטירליך וואלטען מיר ביי דער אנפירונג פון א גרויסער קאלאניזאציע ניט געקאנט תיכף דענקען וועגען דעם אנצוהויבען פון א העכערער שיכטע, און צוקומען צו די נידריגערע. עס פאסירט פונקט דער היפך: די צוציהונג וועט עקסיסטירען נאר פאר יענעם, וואס וועט פאר זיך דארט געפינען א בעסערע לאגע. אין די איצטיגע פארנאכלעסיגטע צושטענדען באזירט זיך די וואנדערונג אויף דעם, אז צום אנהויב וואלטען געגאנגען יענע, וועלכע געפינען זיך אין עלענדע נעסטען פון מזרח און פון רומעניען. און פאר אט זיי וואלט עס שוין איצט געווען א באדייטענדע דערלייכטערונג, ווען מען וואלט זיי געבראכט אונטער אט דעם שעהנעם הימעל, און זיי געגעבען א געלעגענהייט צו עסען א טרוקען שטיקעל ברויט, וואס זיי זיינען בארייט צו פארדינען מיט דעם שווייס פון זייער פנים.

און עס איז קיין פראגע ניט, אז מיט דעם ארייננצוג פון די

ערשטע נידעריגע שיכטען וואָלט געמאכט געוואָרען פּלאַץ פאר די קומענדע, און אז דאמאָלט וועט שוין יענע שיכט האָבען אונטער זיך א ווירטשאַפטליכע אונטערלאַגע, און זיך ווייטער אנטוויקלען. און עס וועט קומען דער טאָג, ווען אויך הער כהן און הער באכ־שטיינער וועלען זיך זעצען אין באוועגונג, וויילֿ, פון אַט די לאנד־אויסגעפינער און לאנד־נעהמער, וועלכע זיינען אהין געגאַנגען מיט ליידיגע הענט האָבען זיך אנטוויקעלט פארמעגליכע פּויערים און לאנד־בעלי־בתים. איך אַליין האָב געזעהן ביי דער קאָלאָניע מוצא א מענשען אין עלטער פון 24 יאָהר, וועלכער איז פריהער מיט זעקס יאָהר געקומען אהין ווי א בעטלער, האָט אָנגעהויבען אר־בייטען אויף א פעלד מיט שטיינער, און נאָך צוויי יאָהר האָט ער געפונען א געלעגענהייט צו פארגרעסערען זיין בעל־הבית׳ישקייט און אָנצושטעלען צוויי אראַבישע ארויסהעלפער.

אבער דאָס קאָן אויך דינען אלס א דערלייכטערונג פאר די געבילדעטסטע עלעמענטען. פאר די, וואָס קאָנען ניט זיין קיין דאָקטוירים, וועלכע מען שטויסט ארויס און מען לאָזט ניט אריין — פאר זיי וואָלט זיך אנטפּלעקט א באלדיגער גרויסער אפּפלוס. עס וואָלט זיך פאר זיי געעפענט א מעגליכקייט אָנצוואווענדען זייער טעטיגקייט, פונקט ווי עס טוען די איינגערע זיהן פון ענגלאַנד, וועלכע געהען קיין אינדיען און אפריקא.

און יעדער קאָן זיך פאָרשטעלען, וואָס פאר׳ע רעזולטאַטען עס וואָלטען ארויסגעקומען, ווען עס זאָל אָנגעפירט ווערען אַט אזא געזונטער אפּפלוס. אין דעם אויגענבליק, ווען די קאָנקורענץ וואָלט געוואָרען שוואכער, וואָלט אַט דער קליינער האַס, וואָס באשטעהט אין די ווירטשאפטליכע גרופּען, געוואָרען קלענער. וואָס וויינינגער ניט־קאָנקורירענדע אידען עס וואָלטען געווען, אלץ וויינינגער וואָלט מען געפיהלט דעם אידען־דרוק. מיר האָבען אויך אן איבער־פּראָ־דוקציע אין אינטעליגענץ. דאָס איז אונזער גרויס אומגליק זינט דעם מיטעל־אלטער. פאר אַט דעם איבערפלוס ווערט תיכף געשאַ־

פען אז אפפלוס, און מיר וועלען עס זעהר שנעל זעהן, ווי אזוי אונזערע יונגע לייט וועלכע מוזען נאך צו דרייסיג יאהר קעמפען פאר זייער עקסיסטענץ, וועלען שוין פריהצייטיג עפּעס דערוואר־ בען און ווערען עקאנאמיש קרעפטיגער.

און וואס פאר'ע מיטלען ווילען מיר אנווענדען? אויך אויף אט דעם געביט זיינען מיר ניט געזעסען מיט פארלייגטע הענט. וועקענדיג דאס באוואוסטזיין אין פאלק און שטרעבענדיג צו דער־ גרייכען א פארשטענדיגונג מיט די פאליטישע מאכט־פאקטארען אין אייראפא — האבען מיר גלייכצייטיג זיך באמיהט צו שאפען די מיטלען. און דאס איז דער אומגעוויינטסטער פונקט פאר דעם אידענטום אין אונזער באוועגונג. איינצעלנע פון אונז זיינען אפילו אנגעפאלען מיט אויפרעגונג אויף די יעניגע אידען וואס פארהאל־ טען זיך נעגאטיוו צו אונזער באוועגונג. מען מוז זיך אבער באמיהען איינער דעם אנדערן צו פארשטעהן. ווען מען זיצט אין א ווא־ רעם צימער מוז מען זיין א דיכטער, כדי צו קאנען זיך פארשטעלען פראסט — בלאטערס. און ווען אין דעם ווארעמען צימער האבען זיך ניט געפונען פיעל דיכטערס — טו שטעהען מיר פאר דעם אל־ טען פאקט אז די מייסטע דיכטער פארברייגנען אין קאלטע צימער. דער פאקט איז, אז מיר האבען מיט אונזער וואונש צו שאפען די מיטלען ניט געפונען צו פיעל סימפאטיע גראד ביי יענע, וועלכע האבען זיך דערצו אם בעסטען געפאסט. מען האט אין דער לעצ־ טער צייט געמאכט פארשידענע פראבעס, אז די, וועלכע מען בא־ צייכענט אין דער פאראלטערטער קהילה מיט דעם טיטול „די גרוי־ סע פון ישראל" זאלען זיך פאראינטערעסירען מיט דער לאגע פון „די קליינע פון ישראל". און איך מוז אייך זאגען, אז אונזער סא־ לידאריטעט, לויט ווי זי ווערט באהויפטעט פון אונזערע שונאים, האלט ביים אויסגערונען ווערען. אפשר וועט מען צווישען די ציוי־ ניסטען פון דער רייכסטער פראבע קאנען געפינען אזעלכע, וועלכע זיינען זעהר שטארק צופרידען פון אט דער ווירקונג פון דער בא־ וועגונג, וועלכע פרעהען זיך אם מייסטען דאריבער, וואס עס ווערט

פאר דער גאנצער וועלט פעסטגעשטעלט, אז מיר זיינען דורכאוים ניט סאלידאריש מיט געוויסע לייט, וועלכע זיינען הויפּטזעכליך שולדיג פאר דעם שלעכטען נאָמען פון אידענטום. עס זיינען אפשר פאראן ציוניסטען, וועלכע דענקען, אז ווען אפילו מיר האָבען ניט מעהר דערגרייכט ווי דאָס וואס מיר האָבען פעסט געשטעלט, אז ניט אלע אידען זיינען פאראנטוואָרטליך פאר די גרויסע שווינדלערייען וואס ווערען דורכגעפירט, ארויסרופענדיג דעם צאָרן פון דער וועלט — וואָלטען מיר אויך שוין געקאָנט זאגען דינו. איך מוז אייך אבער זאָגען, אז איך באלאנג צו דער מעסיגער גרופּע. איך וואָלט געוואָלט, אז אזעלכע פיינדליכע אנגריפען זאָלען צוריקגעהאלטען ווערען אזוי לאנג ווי נאָר מעגליך. איך בין פאר דעם בוי־ציוניזם. איך וואָלט ניט וועלען, אז מיר זאָלען צופיעל קעמפּען מיט אידען. איך וואָלט וועלען, אז מיט אידען זאָלען מיר בויען, אז מיר זאָלען זיי איבערצייגען, אז די אידעע וואָס מיר פארטרעטען איז ריכטיג, און אז עס איז זייער זיטליכע און נאַציאָנאלע פליכט אונז מיטצוהעלפען. אן אומאנגענעמער אומשטאנד האָט מיך אוועקגעשטעלט אָן דער שפּיץ פון דער באוועגונג. איך האָב אפּטמאָל געפּרואווט צו פארבינדען דאָס אנגענעמע מיט דעם נוצליכען, און איך האָב געזאָגט צו געוויסע הערן: „איך וויל ניט זיין קיין שטערונג. איך ציה זיך גערן צוריק, אויב איהר וועט די זאך ווייטער אנפירען. דאָס אנגענעמע דערביי וואָלט געווען, אז איך וואָלט זיך דאָס הארץ ניט אָפּגעגעסען, און פון דער אנדערער זייט וואָלטען זיך די גרויסע פינאנץ־מענער געשטעלט צו אייער דינסט.“ די גרויסע אבער צווישען די אידען האָבען עס ניט געוואָלט.

מיר זיינען אלזאָ ווייטער געגאנגען, אָט ווי די ארמעען פון דער גרויסער רעוואָלוציע, ווי די סאנקולאָטען, אָהן שיך און זאָקען. אמת, עס איז פיעל מאלערישער, עס איז אבער פיעל מעהר אנשטרענגענד. מיר מוזען אלזאָ אצינד, אנגעהענדיג מיט אונזער שטרעבונג צו געפינען די נויטיגע מיטלען, פארלאָזען זיך אויף אונ־

זערע צעהן פינגער, מיט וועלכע מיר ווילען אבער ניט אריינקריכען אין פרעמדע קעשענעס. און מיר האבען געמאכט דעם נייעם פארזוך, פונקט ווי דאס מייסטע אין אונזער באוועגונג איז ניי, זיך צו פארשאפען א גרויסראט אהן פאפסטען, ווייל די לעצטע האבען זיך געקוויינקעלט. און איהר האט מסתמא אלע געהערט, אז איצט האלט ביים געגרינדעט ווערען אן אינסטיטוט, וועלכער דארף זיין דער ערשטער מיטעל דורכצופירען אונזער אידעע. איך מיין דאס די אידישע קאלאניאל באנק אין לאנדאן.

קודם כל האבען מיר זיך, אזוי צו זאגען, אנגעטאן רעק אהן קעשענעס, און האבען געמאכט אוממעגליך, אז מיר זאלען קאנען האבען וואסער עס איז פארטייל. ווען מיר וואלטען ניט געמאכט אלע פארשידענע געלט־אפער, אהן אויסזיכטען פאר געווינס, האבען מיר נאך געקאנט זיין אוועקגעשטעלט אונטער פארשידענע אומאנגענעמע פארדעכטיגונגען. שפעטער צו האבען מיר מוטיג אנגעהויבען צו געהן אויף אט דעם נייעם געביט. די סובסקריפציאן וואס קומט איצט אריין פון אלע זייטען געפינט זיך אין דעם סטאדיום פון באיקאט. ווען איך בין אין אקטאבער געוועזן אין לאנדאן, און פארהאנדעלט מיט פארשידענע גדולים, האט עס זיי ניט געפאסט אז א באנק זאל גערופען ווערען די „אידישע". ווען אפילו זיי וואלטען אייך צוגעגעבען, אז לויט איהר כאראקטער קאן זי זיין אידיש. אין אט די פארהאנדלונגען האט מיר מיין אפאנענט ענדליך דערקלערט: „ווייסט איהר וואס, מיר ווען אייך באיקאטירען". היות, אבער ווי עס האט זיך ניט געהאנדעלט וועגען א פערזענליכער אדער פריוואטער אונטערנעמונג, האט אויף מיר אט דער סטראשונאק וויניג וואס געווירקט, און איך האב איהם געזאגט: „פאסט נאר אויף, אויב איהר באיקאטירט אונז און עס געלינגט אייך ניט אונז צו דערשטיקען, דאמאלט וועלען מיר שפעטער אייך באיקאטירען." ניט קוקענדיג אויף אט דעם סטרושונאק האבען מיר זיך דאך גענומען צו דער זאך, און איך קאן אייך זאגען, אז מיר זיינען אצינד באיקאטירט פון די מעכטיגע. פון דעסטוועגען, קא־

נען מיר קוקען מיט פּאַרטרויען אין דער צוקונפט, ווייל שוין לויט די מעלדונגען, וועלכע מיר האָבען ביז איצט, קאָן איך פעסטשטע־לען, אז דער באַיקאַט איז דורכגעפאַלען. מיר האָבען געקעמפט מיט לעבערליכע שוועריגקייטען, מען האָט אונז געלעגט אויפ'ן וועג אַלע מעגליכע שטערונגען; מען טוט אַלעס אז עס זאָל אונז אַנקומען שווער די באַשטעלונגען פון אַנמעלדונגען, די סובסקריפּציאָן, וואס ווערט דורכגעמאכט איז דעם געוויינליכען באַנק־געשעפט.

איין זאך האָבען מיר יאָ געקאָנט קאָנסטאטירען: פּונקט ווי די אידעע פון ציוניזם איז געשטויגען פון אונטען אַרויף, אַט אזוי געהט דאָס אויך מיט דעם אַריינקריגען פון די אויספירונגס־מיטלען. זיי שטייגען פון אונטען אַרויף, ווי אַלץ וואס איז געזונט. דאָס איז די אַנטוויקלונג. פון אונטען אויס דער ערד־ממשלה. אַט אזוי וואַקסען די גרויסע זאכען. ווען איך טראַג זיך איבער אין דעם געדאַנקען־קרייז פון א פינאַנץ־געשעפטסמאַן, זעה איך, אז אונטער אַן אַקציע פון דעם אידישען קאָלאָניאַל באַנק, שטעלט ער זיך פאַר עפּעס אזוינס, וואָס איז אין מיטען צווישען א מיטגליד־קאַרטע פון א פאַראיין געגען אַרימקייט און בעטלעריי, און צווישען אן אַקציע פון גאָלד־גרובען אויף דעם סאַטורן. די אידישע קאָלאָניאַל־באַנק אָבער האָט גאר ניט צו טאָן מיט ענליכע זאכען. זי איז דער אָנ־הויב פון אַן אידישער געטשאַרטערטער קאָמפּאַניע. איהר ווייסט, אז אין דער מאָדערנער צייט איז קאָלאָניזאַציאָן גענומען געוואָרען דורך פּריוואַטע לאַנד־געזעלשאַפטען. עס וואָלט געווען נאַטירליך ווען אַט אַזעלכע לאַנד־געזעלשאַפטען ווערען צוגעגרייט. מיר האָ־בען געזאָגט צו די ענגלישע באַנקירען: „מיר נעהמען זיך דערצו צו גרינדען א גרויסע געזעלשאַפט, דורך וועלכער מיר וועלען קאָנען דורכפירען אונזער באַזעלער שטאַנדפּונקט. מיר וועלען אָנגעהן מיט אונזערע אַרבייטען, אבער ווי זעהר זיי זאָלען זיך אונז ניט איינ־געבען, און וויפיעל עס זאָל ניט זיין שוין אונטערנומען — אויב איהר מאַכט אונז פאַרטיג אַט די לאַנדגעזעלשאַפט, איידער מען

פאַרעפענטליכט דעם פּראָספּעקט, זיינען מיר באַריכט אויפצוגע־
בען די קאָלאָניאַל־באַנק."

אָט די הערן אָבער האָבען זיך ווייניג וואָס גענומען צום
האַרצען, אַז זיי זאָלען די זאַך אַזוי שנעל דורכפירען. זיי האָבען
גאָר אפשר געוואָלט אָפּוואַרטען ביז אונזער באַוועגונג וועט צו־
זאַמענברעכען, כדי דאַמאָלט אויפצוטרעטען אַלס די רעטער אין דער
נויט. היות אָבער ווי די געזעלשאַפט איז ביז צו דער אָפּגערעד־
טער צייט ניט אָרגאַניזירט געוואָרען — זיינען מיר ווייטער גע־
גאַנגען און האָבען פאַרעפענטליכט דעם פּראָספּעקט. וואָס וויל
אַלזאָ אָט די באַנק? די באַנק וויל צונויפזאַמלען די קרעפטען, וויל
מיר נויטיגען זיך אין א פּונקט, אויף וועלכען מיר זאָלען קאָנען
אָנשפּאַרען דעם הייב־שטאַנג. די סאָלידאַריטעט עקסיסטירט ניט.
אויב מיר האָבען געמיינשאַפטליכע אינטערעסען, האָבען מיר ניט
געוואוסט זיי אַרויסצוואַווייזען. די באַנק וועט מיט זיך פאַרשטעלען
דעם פּונקט, אויף וועלכען מען וועט זיך קאָנען אָנשפּאַרען. זי וועט
פאַרבאַרייטען איהר באָדען, און וועט דערביי קאָנען אַרבייטען
אויף דער פאַרגרעסערונג פון איהר קאַפּיטאַל. זי וועט אַוועקשטע־
לען אַן אָרגאַניזאַציע אויף דער גאַנצער וועלט, און וועט מיט דער
טערקישער רעגירונג אַריינטרעטען אין פאַרהאַנדלונגען. וואָס ווע־
לען האָבען דעם צוועק אַרויסצוקריגען א גרויסע קאָנצעסיע מיט
אַלע יענע סוּווערעניטעט־רעכטען, וואָס ווערען איבערגעגעבען צו
דער געטשאַרטערטער קאָמפּאַניע. אויפ'ן גרונט פון אָט דער קאָנ־
צעסיע וועט די באַנק אַליין אונטערנעמען מיט נאָך א פיעל גרע־
סערען קאַפּיטאַל די אָרגאַניזירונג פון דער לאַנד געזעלשאַפט.

און אויב אונזערע גדולים זאָלען אויך נאָך אָט דער קראַפט־פּראָבע
פאַרבלייבען ביי זייער פיינדליכען שטאַנדפּונקט — דאַמאָלט וועט
די אידישע קאָלאָניאַל באַנק דורכפירען דאָסזעלבע שוישפּיעל ווי
עס האָט געטאָן די פּאָליטישע ציוניסטישע באַוועגונג. מיר האָ־
בען זעהר פיעל קריסטליכע פריינד. אויך די אידישע קאָלאָניאַל־
באַנק וועט האָבען קריסטליכע פריינד. עס זיינען פאַראַן פיעל

גרויסע ביינק, ספּעציעל אין דייטשלאַנד, וועלכע האָבען אונז שוין פאַרזיכערט זייער סימפּאַטיע. און איינער פון אונזערע פריינד האָט עס אויסגעדריקט מיט דעם ביבלישען וואָרט: היות, יעקב וויל ניט העלפען האָט עשיו צוגעזאָגט זיין הילף. עס וועט זיין די אויפגאַבע פון אַט דער באַנק צו שאַפען א נייעם מיטעל־פּונקט, און זי וועט זוכען איהרע פריינד וואו נאָר זי קאָן זיי געפינען. און אויב עס וועט קומען צו א קאַמף — און סיי פּאָליטיש און סיי טעאָרעטיש זיינען שוין א דאַנק דעם ציוניזם, צווישען די אידען פאַרגעקומען גענוג קעמפע — דאמאָלט וועט דאָס בלוט, וואָס וועט פאַרגאָסען ווערען אין אַט דעם קאַמף, פאַלען אויף די קעפּ פון יענע, וואָס האָבען איהם אַרויסגערופען. ווען דער פראַנצויזישער שטאַט־חוב האָט דערגרייכט דעם ערשטען מיליאַרד, האָט דער פראַנצויזישער פּאָליטיקער טיער זיך אויסגעדריקט ווי פאָלגט: „באַגריסט אַט דעם מיליאַרד, ווייל איהר וועט איהם קיינמאָל מעהר ניט זעהן.“ ער האָט דערמיט געמיינט צו זאָגען, אז דער שטאַט־חוב האָט א נאַטירליכע טענדענץ צו וואַקסען. דאָס איז א זעהר ברייטער בליק. היות אבער ווי איך בין צו אומוויסענד, באַטראַכט איך אַ הלואה, א שטאַט־הלואה ניט ווי א פינאַנץ מאַן, נאָר פון א געשיכט־פילאָזאָפישען שטאַנדפּונקט, און מיר שיינט, אז אַ הלואה איז די וויכטיגסטע פאַראויסזעצונג פון א פאָלקס־באַוואוסט־זיין. נאָר א פאָלק, וואָס גלויבט אין זיך וועט אויסצאָלען א הלואה, אבער געבען א הלואה וועט מען אויך נאָר צו א פאָלק, וואָס גלויבט אין זיך. ווייל וואָס אייגענטליך איז אַזוינס א הלואה? עס איז דאָס קריגען פון מיטלען פאַר אנשטאַלטען און איינריכטונגען, וואָס וועלען דאַרפען געצאָלט ווערען ניט נאָר פון די וואָס לעבען אצינד, נאָר אויך פון די, וואָס וועלען קומען נאָך זיי, פון דעם גאַנצען פאָלק אלס איינהייט. די הלואה, וואָס וועט פון די זיהן און איי־ניקלאך דערקלערט ווערען פאַר ניט גילטיג, ווערט אויך אוועקגע־שטעלט אויף אייער חשבון. און מיר זעהען פאַר אונזערע אויגען, ווי אזוי קליינע פעלקער, אַהן א פאַרגאַנגענהייט, אַהן וועלכער עס

איז געשיכטליכער באדייטונג שטעלען זיך מוטיג אויף דעם פּלאַץ פון די הלוואות און זיי קריגען זיי אויך, און נעמליך פון די, וועלכע זיינען אזוי קליינליך צו באפרידיגען די פאָלקס באדירפנישען, וואָס שטעהען זיי אם נאָהענטסטען. איך וויים, איהר וועט זאָגען, אז פאר א הלוואה דארף מען דאָך האָבען קרעדיט! יאָ, אָבער פון וואס שטעלט זיך דען צוזאמען די קרעדיט־פעהיגקייט פון א הויז? פון זיין פארגאנגענהייט, פון זיין דערפילונג פון די פאר־פליכטונגען, וועלכע עס האָט איבערגענומען, פון זיין געגענוואר־טיגער לייסטונגס־פעהיגקייט, פון דער צוקונפט, וואס מען דער־ווארט פון איהם — אָט אויף דעם גרונט פון אָט די אלע זאכען בארגט מען איהם.

איצט וועט זיך עס האנדלען וועגען דעם, פעסטצושטעלען און צו באווייזען די קרעדיט פעהיגקייט פון דעם אידישען פאָלק. דאָס קאָן געטאָן ווערען קודם כל דורך דעם, וואס מיר אליין וועלען גלויבען אין זיך, וואָס מיר וועלען ווייזען צו אנדערע דעם גוטען ביישפּיל, אז מיר אליין גלויבען אין אונזער צוקונפט און ניט נאָר אין געשעפטליכע אונטערנעמונגען. און נאָך דעם, ווי מיר וועלען האָבען דאָס באוויזען, דאמאָלט וועלען מיר דאָך אויך קאָנען אָנ־ווייזען אויף דער פארגאנגענהייט פון אָט דעם הויז. און וואו זיי־נען די אנדערע, וואס זיינען מיט אונז אויפגעטראָטען אין דער געשיכטע? זיי זיינען פארשוואונדען! אבער איין הויז עקסיסטירט נאָך, און אָט דעם איינעם ווילען מיר ארויסהעלפען אין זיין קרע־דיט — דעם בית־ישראל!

# דער פערטער ציוניסטישער קאָנגרעס.

דער פערטער ציוניסטען־קאָנגרעס איז איינבארופען געוואָרען נאָך לאָנדאָן. דריי יאָהר נאָכאַנאַנד זיינען אונזערע באראַטונגען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין באזעל, און ווען אויך מיר זיינען זעהר דאַנקבאר דער שעהנער, פרייער שטאָט, אין וועלכער מיר זיינען פון די אָפיציעלע פאָרשטעהער און פון דער באַפעלקערונג אזוי פריינדליך אויפגענומען געוואָרען, האָבען די פיהרער פון דער באוועגונג דאָך געגלויבט, אז היי־יאָהר דאַרף מען געהן נאָך לאָנדאָן.

די אַנטייל־נעהמער פון די קאָנגרעסען האָבען אין דריי יאָהר באמערקט די פרעהליכע ערשיינונג, אז די וואָס זיינען אויף אונזערע באראַטונגען אַנוועזענד געווען — סיי קריסטען, סיי אידען — זיינען כמעט אָהן אויסנאַמע געוואונען געוואָרען פאר אונזער זאַך. ווער עס באַקענט זיך מיט דעם ציוניזם, דירעקט, פון אייגענער באָאָבאַכטונג, דער ווערט פון איהם געפאַנגען. דאָס איז א פאַקט, וועלכער איז פעסטגעשטעלט געוואָרען דורך פיעל ביישפּילען. אויף די קאָנגרעסען זעהט מען און מען הערט, אז מיר שטרעבען צו עפּעס גוטעס, גערעכטעס און גרויסעס. עס ווירקט אויף אַלע עהרליכע לייט מיט א צוציהונגס־קראַפט, וועלכע זיי קאָנען ניט בייקומען. עס האָט אויך אָפט פּאַסירט, אז געגענער פון דער באוועגונג, וועלכע זיינען געקומען קיין באזעל מיט דער אַבזיכט צו שפּאָטען, געגען אונז נייע ארגומענטען צו קריגען, זיינען דאָרט,

אויפ׳ן ארט, באקעהרט געווארען און זיינען צוריק־געפארען אלס פייעריגע אנהענגער פון דעם אידישען פאלקס־אידעאל.

אונטער אזעלכע אומשטענדען איז עס געווען וויכטיג, אנצוא־ווענדען די צוציהונגס־קראפט פון׳ם קאנגרעס אויף א גרעסערן פעלד, ווי ביז אהער. לאנדאן, די פינף־מיליאן שטאדט, איז אן אימגעהויערער מיטעלפונקט פון גייסטיגע, פאליטישע און עקא־נאמישע שטרעמונגען. ווער עס רעדט צו לאנדאן, רעדט צו דער גאנצער ענגלישער קולטור־וועלט. די רעדען האבען א גאנץ אנ־דער אפקלאנג, ווי אין א שטאדט פון דער שווייץ. די לאנדאנער פרעסע האט א געוואלטיגען לעזע־קרייז אויף דער גאנצער וועלט. און ווען מיר דערמאנען זיך היינט מיט טיפער דאנקבארקייט, וואס פאר א פריינדליכקייט און אויסגעצייכענטע זאכליכקייט אונזער׳ע קאנגרעסען האבען געקראגען פון די באזעלער צייטונגען, איז אפשר די האפענונג ניט אומבאגרינדעט, אז אויך די לאנדאנער גרויסע צייטונגען, וועלען אונז — אונטער דעם איינדרוק פון די קאנגרעס־באסירונגען — אויף אן ענליכען אויפן באגעגנען. דערמיט וואלט פאר דער וועלט־ווייטער עפענטליכקייט פון אונזער באוועגונג זעהר פיעל געוואונען געווארען. אזוי ווי מיר באצוועקען א גערעכטע זאך, האבען מיר דאך פאר דער עפענטליכקייט ניט מורא, פאר־קעהרט מיר זוכען זי אויף.

מיר האבען שוין פעסטשטעלען אן אינטערעסאנטען צייכען. איינע פון די פיהרענדע אנטי־ציוניסטישע צייטונגען, דער „דזשו־איזש קראניקל" אין לאנדאן, באגריסט אין א דורכאוים פריינדלי־כען ארטיקעל די ידיעה, אז דער פערטער קאנגרעס געהט דארט אפגעהאלטען ווערען. מיר זיינען ווייט פון יענע צייטען, ווען אין דער אידישער קהלה פון מינכען האט זיך אויפגעהויבען א שטורם, דערפאר וואס מיר האבען דארט געוואלט צונויפרופען דעם ערשטען ציוניסטען־קאנגרעס. די אידען פון בייערן האבען דעם קאנגרעס פארטריבען פון בייערן.

מיר האָבען דאַמאַלס אין דער זעלבער צייטונג געשריבען ווי פאָלגט: „מיר זייען טיף איבערצייגט אז דער פארלויף פון דעם קאָנגרעס וועט ארויסרופען די סימפּאַטיע פון דער עפענטליכער מיינונג פאר אינזער זאך. עס איז דאך ניט נאָר די אנגעלעגענהייט פון די אידען, וועז רוהיגע מענער פארנעהמען זיך צו לייזען די אידענפראַגע אויף א פרידליכען און עהרענהאַפטען אופן און פארלאַנגען אָפען די מיטווירקונג פון אַלע פּאָליטישע פאַקטאָרס. און אויך האָפען מיר, אז דער קאָנגרעס, וועלכען מען האט פארטריבען פון מינכען, וועט שפּעטער פארעכענט ווערען אלס א היסטאָרישער כבוד פאר יעדער שטאָדט, וואו ער וועט אפּגעהאַלטען ווערען“.

און אָט אזוי זעהען מיר איצט ווי א צייטונג, וואָס האט אונז ציוניסטען קיינמאָל ניט געשאָנעוועט, וואָס האט צום באַדויערען צייטענווייז געגעבען פּלאַץ פאר אונזערע געגענער וואָס האָבען די פאַקטען ניט ריכטיג פעסטגעשטעלט — וואהרשיינליך ניט ווייסענדיג אז דאָס זיינען אומריכטיגקייטען — אָט אזא צייטונג באַגריסט דאָס אָפּהאַלטען פון דעם ציוניסטען־קאָנגרעס אין לאָנדאָן. דאָס איז א סימפּטאָם, וועלכען מען טאָר ניט אונטערשעצען. און מיר פארצייכנען עס מיט א געפיהל פון ברודערליכער באַרייטקייט ארויסצוהעלפען, א געפיהל, וועלכעס מיר האָבען אָנגעהאַלטען אפילו אין די טעג פון דעם היציגען קאַמף פאר אונזערע געגנער. וואָס מוזען בעסער אינפאָרמירט ווערען. דער „כראָניקל“ גלויבט אויך אַז די באַריהרונג וואָס וועט א דאַנק דעם קאָנגרעס פאָרקומען צווישען די ענגלישע אידען מיט זייערע ניט־ענגלישע ברידער, וועט זיין פארביידע צדדים פון גרויסען נוצען. מיר שליסען זיך אָן אין דער דערוואַרטונג מיט א פולען הארצען. מיר געהען זאָגאר ווייטער און גלויבען, אז די ניט־ענגלישע אידען וועלען פון אָט דער צוזאַמענקונפט ארויסקריגען א גרעסערען געווינס. זיי וועלען האָבען א געלעגענהייט צו זעהען דאָס גוטע ענגלישע באַנעהמען זיך, די לאָיאַליטעט פון אַלע דיסקוסיעס, די פּאַרטייען פון

אַ פאָלקאַמענער, הויכער קולטור. און זיי ווען דאָס אַלעס קאַ־
נען אפּהיטען אלס א ווערטפולע ערואינערונג.

די ענגלישע אידען האבען זיך נאך לאַנג פאר דעם איצטיגען ציוניזם אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס זיי האָבען מיט לייב און לעבען און מיט אלע מעגליכע מיטלען פּרובירט צו פארבעסערן דאָס שיקזאַל פון זייערע ווייטע און ווייטעסטע ברידער. ווי גרויס־אַרטיג דער מיין פון אַט די אומצעהליגע הילפס־אַקציאָנען האָט ניט געמעגט זיין — זיי האבען פארטיליגט די סימפּטאָמען, און דערצו גאַר א זעהר קליינע צאָהל פון די סימפּטאָמען. די גרויסע קראַנקהייט אָבער אלס גאַנצעס האבען זיי ניט אויסקורירט. די גרויסע קראַנק־הייט האַלט נאָך אלץ אַן, זי איז זאָגאר אין די לעצטע צוואַנציג יאָהר פיעל ערגער געוואָרען. אונזער ציוניזם אָבער וויל דעם גאַנצען קראַנקען אָרגאַניזם אויסהיילען, און ניט מיט געהיימע מיט־לען, נאָר מיט אַזעלכע וואָס זיינען עפענטליך, קאָנטראָלירבאר און שטאַמען ארויס פון מאָדערנע באגריפען. ועל כולם קאָנען זיך צו דעם ניט פארהאַלטען נעגאַטיוו אויך די, וואָס האָבען אין דער ער־שטער אויפרעגונג פון די מיינונגען זיך דערקלערט פאר „אַנטי־ציוניסטען.“ זיי ווען אונז אין לאָנדאָן בעסער זעהן און הע־רען ווי ביז אהער. די מיינונגען ווען זיך לייטערן, מיר ווען זיך דורכריידען, און מיר האָבען די בעסטע האָפענונג אויף גוטע רעזולטאַטען.

עס דאַרף אָבער אויך ניט פארגעסען ווערען, אַז אין דער הילפ־אַקציאָן פאר אונזערע אָרימע, פלעגען אחוץ די רייכע אידען אויפ־טרעטען אויך אָנגעזעהענע, גרויסמוטיגע קריסטען. אין דעם בי־בעל־שטאַרקען ענגלאַנד איז „גאָטס אַלט פאָלק“ ניט פארהאַסט. אויף די פּלאַטפאָרמעס, וואָס זיינען ביי געלעגענהייטען אויפגע־שטעלט געוואָרען אין ענגלאַנד צו גונסטען פון אומגליקליכע אי־דען, זיינען זעהר אָפט געוועזען פארטראַטען קריסטען פון באַדייטענ־דען איינפלוס. לויט ווי עס האַלט אַצינד קאָן מען פון אַט די קרייזען דערוואַרטען פאר דעם ציוניזם נאָך א מעהר הערצליכען אינטערעס.

ווייל די מורא, וואָס פּאַראַליזירט די טעטיגקייט, אַז מען קאָן נאָך חלילה געהאַלטען ווערען פאַר „אומפּאַטריאָטיש" דערמיט וואָס מען וויל העלפען די אידען צו קריגען אַ געזיכערטע היים, פאַלט דאָך ביי זיי גאַנץ נאַטירליך אוועק.

דער פּאָליטישער ציוניזם געהט אַלזאָ נאָך לאָנדאָן כדי זיך אָפיציעל פאָרצושטעלען פאַר דער ענגלישער וועלט און כדי צו בעטען איהר אונטערשטיצונג. לאָמיר געדיינקען: נאָר די מאָראַלישע און פּאָליטישע אונטערשטיצונג. די אויספיהרונג פון אונזער גרויסען ווערק קאָנען און דאַרפען מיר באַשטענדיג דערוואַרטען נאָר פון דער אייגענער קראַפט פון אידישען פאָלק.

עס איז אַ וויכטיגער מאָמענט. אין לאָנדאָן ריידען מיר פאַר אַ גרעסערע עפענטליכקייט ווי אין באַזעל. אַ דאַנק דעם אומשטאַנד מוז ער מיט זיך פאָרשטעלען אַ נאָך פיעל אימפּאָזאַנטערע דעמאָנסטראַציע ווי דער באַזעלער קאָנגרעס, כאָטש דער טאָן, דער ערנסט און די ווירדע פון אונזערע פאַרהאַנדלונגען, דאַרפען ניט אַנדערש זיין, ווי זיי זיינען שוין געוועזען אין באַזעל. דער פאַרנעם אָבער מוז טראָגען — ווי עס פּאַסט זיך פאַר אָט דעם אָרט — אַ מעכטיגערען כאַראַקטער. עס מוז דורכגעפיהרט ווערען אויף אַזאַ אויפן, אַז אויך די פון דרויסען־שטעהענדע זאָלען איינזעהען אַז דער ציוניסטען־קאָנגרעס איז אַ פאַרטרעטערשאַפט פון דעם אידישען פאָלק, און ניט בלויז אַ באַדייטונגסלאָזער געשפּרעך־צוזאַמענפאָהר פון אַ פּאָר לייט. נאָר אַ פאָלקס־פאַרטרעטונג פון אַ גרויסען פאַרנעם מעג דערוואַרטען די אויפמערקזאַמקייט פון דער בריטישער הויפּט־שטאָט.

נאָר ווען די מאַכט פון אונזער באַוועגונג וועט זיך דייטליך אַנטפּלעקען, קאָן אָפענהערציג ווי פאַר גאָט אַנגעקלאָגט ווערן די נויט־לאַגע פון אונזערע מאַסען און די ערליכקייט פון אונזערע אָפּזיכטען — און נאָר דאַמאַלט קאָנען מיר האָפען צו געווינען דאָס גרויסע ענגלאַנד פאַר דעם ציוניזם.

דאס אלעס איז אזוי קלאר, אז מען דארף זיך קוים לאנג אפשטעלען דארויף. פונדעסטוועגען זאל עס געזאגט ווערען, און יעדער ציוניסט זאל זיך עס גוט מערקען. אין די וואכען, וואס טיילען אונז נאך אפ פון דעם לאנדאנער קאנגרעס מוזען אנגעשטרענגט ווערען אלע כחות כדי דורכצופיהרען די איינדרוקספאלסטע מאניפעסטאציע. די דעלעגאטען מוזען געוויילט ווערען אין צייט און קומען צום קאנגרעס אין פולער צאהל. א שוואך באזוכטער קאנגרעס קאן נאך אויף דער עפענטליכקייט מאכען דעם איינדרוק, אז דער ציוניזם האלט ביים צוריקפאלען און דאס איז דאך, ווי אלע פארטרויענס־מענער ווייסען, ניט דער פאל. ניין. עס מוז דעמאנסטרירט ווערען, אז דאס פיעל אויסגעפרואווטע אידישע פאלק האלט זיך פעסט, מוטיג און טריי אן דער ציוניסטישער פאהן. מיר וואקלען זיך ניט און טרעטען ניט צוריק. מיר געהען פארווערטס!

דער קאנגרעס האט אויסער אזעלכע מאניפעסטאציעס נאך פיעל אנדערעס צו טאן. די פארטזעצונג פון אונזערע פאליטישע ארבייטען, די שטארקונג פון אונזער איצינד געזיכערטען פינאנציעלען אינסטרומענט, די אידישע קאלאניאל־באנק, דער אויסבוי פון אונזער ארגאניזאציע, און ניט אמווייניגסטען די קערפערליכע, גייסטיגע און ווירטשאפטליכע העכערונג פון דעם אידישען פאלק — דאס זיינען הויך־וויכטיגע פונקטען פון אונזער טאגעס־ארדנונג. מיר גלויבען אז נאך קיינמאל איז אין די מאדערנע צייטען ניט געארבייט געווארען מיט אזא ציל־באוואוסטען ערנסט, וויעדער אמאל אויפצוריכטען אונזער פאלק, ווי עס געשעהט איצינד.

אויך היי־יאהר איז די אידען־לאגע וויעדער אמאל געווען שרעקליך. שוין ניט ריידענדיג וועגען קלענערע, אויף דער גאנצער וועלט צושפרייטע קאטאסטראפען, האבען היינטיגעס יאהר אונזערע רומענישע ברידער דעם טרויעריגען פארצוג, וואס זייער לאגע שרייט העכער פון אלע אנדערע נאך הילף. עס איז געווען א צייט, ווען מען האט אין די מייסטע פארלאמענטען געפונען מענשען, וועלכע

האָבען אויפגעהויבען זייער שטים צו גונסטען פון די פארפאָלגטע אידען. היינט עקסיסטירט ניט מעהר אזא פארלאמענט. די אי־דען־פריינד פון אונזערע ברידער לאָזען זיך ניט הערען פון קיין מריבונע. דערפאר מוזען מיר זיך באַדינען מיט אונזער אייגענער טריבונע. און עבטער און ווירקזאמער ווי פון ערגיץ אַנדערש וואו וועלען זיך פון דאָנען פארנאנדערטראָגען אונזערע קלאָגעס און אונזערע באַשיידענע וואונשען איבער דער גאַנצער וועלט.

ציוניסטען, זעהט אז דער לאַנדאָנער קאָנגרעס זאָל גרויסאַרטיג דורכגעפיהרט ווערען. עס הענגט דערפון אַפּ פיעל מעהר, ווי עס לאָזט זיך זאָגען אין א צייטונגס־ארטיקעל. די וואס האָבען איז זינען די טובה פון דער באוועגונג, וועלען אויך די קורצע אַנדייטונ־גען פארשטעהן און וועלען זיך נעמען צו דער ארבייט מיט פרישען מוט. פאָרווערטס!

8טען יוני, 1900.

# פערטע קאָנגרעס־רעדע.

(געהאַלטען אין לאָנדאָן, דעם 13טען אויגוסט, 1900)

געערטע קאָנגרעס־מיטגלידער !

די בּאַרעכטיגונג פאַר רופען דעם פערטען קאָנגרעס אין לאָנדאָן ליגט פון אויבען אויף. ענגלאַנד איז איינע פון די לעצטע מקום־מנוחה'ס וואו דער אידענהאַס האָט זיך נאָך ניט איינגעוואָרצעלט. אָט דאָס אַליין, אַן אמת לכל הדעות, רעדט שוין גענוג פאַר די טרויעריגע איצטיגע לאַגע פון אידישען פאָלק. אין דער גרויסער וועלט מוז מען זוכען אַ פונקט, וואו גאָט'ס אַלט פאָלק ווערט ניט פאַרשאָלטען און פאַרפאָלגט.

זאָל אָבער קיינער ניט מאַכען קיין אומריכטיגען שלוס דערפון, וואָס די אידען אין שענעם ענגלאַנד געניסען פולע פרייהייט און מענשענרעכטען. דער וואָס וועט ראַטען אידען צו לויפען אַהער, וועט זיין אַ שלעכטער פריינד פון די היגע אַזוי גוט ווי פון די פאַרפאָלגטע אידען. די שמחה פון אונזערע היגע ברידער מיט זייער גליקליכער לאַגע וואָלט געווען אַ פאַרשטערטע, ווען די לאַגע זאָל צוציהען אונזערע פאַרצווייפעלטע. אַזאַ איינוואַנדערונג וואָלט געווען אַ געפאַר פאַר די איינגעזעסענע און אויך פאַר די אָנגעקומענע, ווייל זיי וואָלטען, אַליין ניט וויסענדיג, אימפּאָרטירט אין זייערע אָרימע פעקלעך דאָס פון וואָס זיי אַנטלויפען — איך מיין דעם אנטיסעמיטיזם. דאָך וועט עס אונז דערלויבט זיין דאָ אויפצושטעלען אויף עטליכע טעג דאָס וואַנדער־געצעלט פאַר אונזערע

פאַרהאַנדלונגען, ווייל מיר ווילען עפענטליך אַרומרײדען די לײזונג פון דער אידענפראַגע.

צווישען איין קאָנגרעס און דעם אַנדערען באַמיהען זיך אונ־זערע געגנער מיט גרויס חשק אַרײנצולײגען פאַלשע פּשטים אין אונזערע אַפּזיכטען, אַזוי אַז יעדעס מאָל ווען מיר קומען צוזאַמען מוז זיין אונזער ערשטע אויפגאַבע מיט אַ פּאָר שטאַרקע קלעפּ אַראָפּצואוואַרפען פון אונזער בוים אַלץ, וואָס מען האָט אויף איהם אַרויפגעלײגט. דאַביי האָבען מיר דעם נחת צו זעהן, אַז אונזער בוים איז געזונט און אַז ער וואַקסט.

דער ציוניזם וויל אַ עפענטליך־רעכטליך געזיכערטע היים פאַר׳ן אידישען פאָלק אין פּאַלעסטינאַ! אַט דעם פּראָגראַם האָ־בען מיר אויפגעשטעלט פאַר דריי יאָהרען, אויף תמיד. דערמיט האָבען מיר בלי ספק צוגעטראָפען אַ גרויסע הצטרכות, אַ זעהר אַלטע בײנקעניש פון אונזער פאָלק. אַנדערש קאָן מען ניט דער־קלערען פאַר וואָס דאָס האָט אַזוי געווירקט. עס איז ניט נויטיג איך זאָל אייך הײנט אויסרעכענען די ווירקונגען. יעדער ווייסט זיי, יעדער זעהט און הערט זיי. פאַר פיער יאָהרען האָט אײנער געקאָנט מורא האָבען, אַז ער מאַכט זיך לעכערליך ווען ער רעדט פון אַ אידיש פאָלק. הײנט מאַכט זיך יענער לעכערליך, וועלכער עס לייקענט די עקסיסטענץ פון אידישען פאָלק. איין בליק אין דעם זאַל, וואו אונזער פאָלק איז פאַרטראָטען דורך דעלעגירטע פון דער גאַנצער וועלט, איז גענוג אלס באַווייז.

דער פאַקט האָט אַ באַדייטונג ניט נאָר פאַר אונז, נאָר אייך פאַר אַנדערע. פאַר די אײנצעלנע לענדער ליגט דאַרין אַ מענש־ליכער, אַנשטענדיגער ענטפער אויף די שווערע אידישע פראַגע, און צו גלײכער צייט ליגען דאַרין גרויסע אויסזיכטען פאַר דעם מזרח. אונזער צוריקקומען אין לאַנד פון אונזערע עלטערען, פאַר־אויסגעזאָגט אין אונזערע הייליגע שריפטען, באַזונגען פון דיכטער, אויסגעוויינט פון אָרימען פאָלק, און אויסגעלאַכט פון עלענדע לצים — אונזער צוריקקערונג איז אויך אַ זאַך פון ממשות׳דיגען פאַ־

ליטישען אינטערעס פאר די מענשען וואס האבען וואס צו זוכען אין אזיען.

ערלויבט מיר נאר צו ברייגנען עטליכע ווערטער פון דער ערעפענונגס־רעדע צום צווייטען קאנגרעס. אין יאהר 1898 איז געזאגט געוואָרען אין באזעל: „פאלעסטינא איז ניט נאר די היים פון די העכסטע אידעען און פון אומגליקליכסטען פאלק. דורך איהר געאגראפישער לאגע איז זי אויך פון גרויסער וויכטיגקייט פאר גאנץ אייראָפּא. אין א צייט וואס קאן ניט זיין ווייט אוועק, וועט דא ווערען א קולטור־ און האנדעלס־טראקט נאך אזיען. אזיען איז דאס דיפּלאָמאטישע פּראָבלעם פון דעם קומענדען צעהנדליג יאהר.“

די ווערטער פון 1898 זיינען דורך די פּאסירונגען פון די לעצטע חדשים אזוי שטארק באשטעטיגט געוואָרען, אז זיי קלינגען שוין היינט ווי אן אלט־באקאנטע זאך. דאס אזיאטישע פּראָבלעם ווערט ערנסטער פון טאג צו טאג און וועט אויך ווערען, האב איך מורא, רעכט בלוטיג פאר א לאנגע צייט. דערמיט וואקסט אבער אויך דער אינטערעס פון די קולטור־פעלקער, אז אויף דעם וועג נאך אזיען, אויף דעם קירצעסטען וועג נאך אזיען, זאל געשאפען ווערען א קולטור־סטאנציע, וועלכע וועט זיין ניצליך פאר אלע ציווילייזירטע מענשען. די סטאנציע איז פּאלעסטינא, און די קולטור־טרעגער, וועלכע ווילען דארויף איינשטעלען פּארמעגען און לעבען, זיינען מיר. אלע פּאליטישע קעפּ דארפען באגרייפען שנעל ווי א בליץ, אז דא ווערט זיי געבאָטען א טייערע געלעגענהייט צו קומען געהנטער צו אזיען. קיין איינציגע מאכט דארף ניט זיין באזארגט וועגען דער קולטור־סטאציע. וואס וואלט גיך אויפגעבויט געוואָרען פון דעם מאכטלאָזען אידישען פאלק אונטער דער אויבער־הערשאפט פון זיין מאיעסטעט דעם סולטאן. פאר די אידען וואלט דאס געוועזען א ישועה, אבער אויך פאר די אנדערע, און דעם גרעס־טען געווינס וואלט דערפון געהאט די טערקיי.

ענגלאַנד, דאָס גרויסע ענגלאַנד, דאָס פרייע, וואָס איהר בליק געהט איבער אַלע ימים, וועט אונז און אונזערע שטרעבונגען פאַר־שטעהן. פון דאַנען וועט די ציוניסטישע אידעע פליהען נאָך ווייטער און העכער. אין דעם קאָנען מיר זיין זיכער.

איצט וועלען זיכער קומען די פּראַקטישע לייט, די קלוגע, און וועלען פרעגען: וואָס האָבען מיר דאָ אַזעלכעס געוואונען? מיר קאָנען שוין די לייט. מיר געדענקען אַלע די שטיינער וואָס זיי האָבען געקייקעלט אויף אונזער וועג, אַלע עגמת נפש וואָס זיי האָ־בען אונז פאַרשאַפט און געוואָלט פאַרשאַפען. דאָס זיינען דיזעלבע לייט וואָס קאָנען זיך ניט זאַט אָנפרעגען: וואָס האָבען מיר איי־גענטליך אויפגעטאָן, וואו האַלטען מיר שוין, ווען וועלען מיר שוין אַמאָל קומען צום ציל? ווען זיי וואָלטען אונז געהאָלפען מיט אַלע כחות, אַנשטאָט מיט אַלע כחות צו שטערען, וואָלטען זיי ניט גע־קאָנט זיך מיט מעהר אינטערעס נאָכפרעגען. פון די וואָס בויען מיט אונז, פונ׳ם ערשטען ביז׳ן לעצטען פון די בוי־מייסטער אין אויסהעלפער, ביז צו די באַשיידענע, געטרייע ציגעל־טרעגער, פרעגט ניט קיינער אַזוי פיעל. מיר ווייסען נאָר איינס, אַז מיר מוזען אַרבייטען, און מיר טוען עס זיך ניט באַקלאָגענדיג, פול מיט האָ־פענונג און באַגייסטערונג. מיר בויען און בויען, און אונזער בנין וואַקסט. צו פאַרשטעהן אַ האַלבע אַרבייט איז ניט איטליכען באַ־שערט. אָבער אַז די אידען וואָס שטעהען אַן אַ זייט מיט אַ בייזען שמייכעל און מיט די הענט אין די הויזען־קעשענעס, וועלען אויך וועלען וואוינען אין אונזער שענעם הויז, וועגען דעם בין איך גאַנץ רוהיג.

איין באַשטימטע פראַגע איז פאַראַן, וועלכע מיר ווילען בשום אופן ניט אויסמייכען. האָבען מיר שוין ערהאַלטען דעם טשאַרטער צו באַזעצען פּאַלעסטינאַ? אויף דעם ענטפערען מיר גאַנץ הויך און דייטליך: ניין! עס איז אַן אַנדער פראַגע, אויב מיר דאַרפען נאָך אַלץ ווייטער האָפען, ווייטער שטרעבען, ווייטער אַרבייטען. אום איהם צו קריגען? אויף דעם ענטפערען מיר גראַד אַזוי הויך

און דייטליך: יאָ! וואָס גרעסער אונזער צאָהל און וואָס שטאַר־קער אונזערע כחות ווערען, אַלץ מעהר אויסזיכט איז דאָ פאַר אונ־זערע פאָדערונגען. מיר קאָנען שוין היינט צופרידען זיין מיט דער אויפנאַמע וואָס אונזערע שטרעבונגען האָבען געקראָגען אין די קרייזען פון די מעכטיגסטע אין דער וועלט.

פאַרלאַנגט ניט מעהר ווי דעם וואונק פון אייער אַקציאָנס־קאָמיטעט, אין ווען איהר מוזט האָבען אמונה שלמה אין דער באַציהונג. אין אַלע אַנדערע פונקטען קאָנט איהר קריגען דין וחשבון. אונזער ארבייט און איהר גאַנג קאָנען מיר ארויסגעבען אין איין וואָרט: מיר אָרגאַניזירען די אידען פאַר זייער קומענדען שיקזאַל.

איצט אבער ווילען מיר אויך אַמאָל פרעגען. און פרעגען ווי־לען מיר טאַקע אונזערע אידישע געגנער: וואָס האָבען זיי גע־טאָן אין אָט די יאָהרען צו פאַרגרינגערען די גוואַלטיג ביטערע לאַגע פון אונזערע ברידער? וואו זיינען זייערע רעזולטאַטען? וואָס האָבען זיי דערגרייכט? וועלכע פּראַקטישע זאַך האָבען זיי געשאַ־פען? מיר הערען תמיד פון קאָמיטעטען, פון גרויסע זאַמלונגען און פאָנדען. ווייזט אונז דעם פועל יוצא! ווייזט אייערע אויפטואונגען! מיר וואָלטען זעהר געוואָלט זיי באַוואונדערען און אייך דאַנקען אין נאָמען פון די ליידענדע.

און דאָס איז ניט אַ להכעיס־פראַגע, נאָר אַ שרעקליך ערנסטע. זי נעהמט זיך פון דער אימה'דיגער, אייך אַלעמען באַוואוסטער רומעניש־אידישער וואַנדערונג, וועלכע האָט זיך געצויגען ווי אַ בלוטיגער צייכען דורך גאַנץ אייראָפּאַ. וואו איז דאָ געווען אונ־זער אַפּיציעלעס אידענטום, וואו זיינען געוועזען די פאַרמאַלנע אי־דישע גדולים, די זיילען פון די קהלות? איהר דערקענט זיי דורך זייערע מעשים. מיט אַכצען און קרעכצען האָט מען אריבערגעפּע־קעלט אַ פּאָר טויזענט וואַנדערער, — און שוין ערקלערט מען זיך ניט בכח צו טאָן עפּעס מעהר. די ווייטערדיגע האָט מען צוזאַ־

מענגעטריבען הונדערטערווייז דורך באוואפענטע מאכט און איז עקסטרא־צוגען האָט מען זיי צוריקגעוואָרפען צו דער גרענעץ אי־בער וועלכע זיי זיינען אנטלאָפען אין אנגסטען. אָט די עקסטרא־צוגען זיינען געווען דער לעצטער אויפטו פון דער בארמהערציג־קייט.

איינע פון אונזערע שטאַרקסטע טענות פאַר דעם ציוניזם איז ביז איצט געוועזען דער באנקראָט פון דער אסימילאַציע. איצט האָבען מיר צוגעקראָגען א נייע זאַך: דעם באנקראָט פון די בעלי־צדקה. נאָך וואס פאַר א באנקראָט! געוויס, ווען די רייכע לייט הערען אויף צו צאָהלען, איז דער פאַרלוסט זעהר גרויס.

זיי זיינען ניט געווען צוגעגרייט פאַר'ן אומגליק, זאָגען די צדקה חברות. דאָס איז זייער שולד. זיי האָבען נאָר געדאַרפט זיין אזוי גוט און זיך צוהערען צו די פארהאנדלונגען פון אונזערע קאָנגרעסען. אויף דעם ערשטען באזעלער קאָנגרעס, אין יאָהר 1897, איז פאָרגעבראַכט געוואָרען א בקשה פון פופציג טויזענט רומעניש[e] אידען. אין גרעסטער דחקות האָבען זיי געבעטען הילף. זיי האָבען מעהר ניט געקאָנט אויסהאלטען. און זיי האָבען עס אויס־געהאלטען נאָך דריי יאָהר, דריי יאָהר פון גרויסער נויט, וואָס איהר שרעקליכקייט קאָן מען היינט זיך פאָרשטעלען, ווען מען זעהט זיי ענדליך וואנדערען.

אין אונזערע פארהאנדלונגען וועט איהר הערען נאָך מעהר דערפון.

מען קאָן מיינען, אז דאָס אלץ, די גראָבע נויט, דאָס ניט קאָ־נען געפינען א מקום מנוחה פאַר די אנטלאָפענע, דער דורכפאל פון אלע פריהעריגע הילפס־פּלענער דאַרף איבערצייגען אפילו אונ־זערע פאַרביסענסטע געגנער, אז מיר, ציוניסטען אליין, באזיצען דעם איינציגען, דעם אמת'ען הילפס־געדאַנק. ניין! אונז טאָר מען קיין רעכט ניט געבען. אומגעקעהרט, מיר ווערען באשולדיגט אין אנמאכען די צרה'דיגע וואנדערונג, כדי מיר זאָלען האָבען שטאָף צום אגיטירען.

מיר דערקלערען דאָס דאָ פאַר ניט אמת. מיר האָבען קיינ־מאָל און ערגעץ ניט אויפגעריהרט אָדער צוגערעדט צו אַזאַ פּלאַנלאָזער וואַנדערונג. אויף די אַנפראַגען אַהן שיעור וועגען אויסוואַנדערען האָבען מיר תמיד געענטפערט מיט אַן התראה צו זיין געדולדיג. מיר האָבען מתרה געווען געגען דער סכנה פון אַ גרויסען אומגליק, ווען מענשען הויבען זיך אויף אָהן אַ פּלאַן, אָהן אַ ציל און אָהן מיטלען. ליידער האָבען מיר דאָס געקאָנט פאָראויסזעהן. ווען אונזער אָפּרעדען האָט ניט געהאָלפען, און די פון דער נויט געטריבענע האָבען אָנגעהויבען צו וואַנדערען, האָבען מיר נאַטירליך זיך פונדעסטוועגען אָנגענומען פאַר זיי מיט אַלע כחות.

ליידער האָבען מיר ניט געקאָנט טאָן פיעל, ווייל מיר זיינען דאָך ניט צוגעגרייט פאַר צדקה־אַרבייט. אבער די קאַטאַסטראָפע, וועלכע איז מסתמא ניט די לעצטע און וועלכע האַלט נאָך אָן, דאַרף זיין אַן ערנסטע וואָרנונג אויך פאַר אונז ציוניסטען. מיר דאַרפען זיך ניט באַגנוגען דערמיט, וואָס מיר וועלען זיך דאַרויף באַרופען אַלס אַ באַווייז פאַר די ריכטיגקייט פון אונזערע טעאָריעס. מיר מוזען דערפון אַרויסציהען אויך עטוואָס פּראַקטישעס. אין דער צוקונפט זאָלען אַזעלכע פאַרצווייפעלטע אויסוואַנדערער ניט דאַרפען זיין אָנגעוויזען אויף די אומזיכערע חסדים פון בעל־צדקה'ס. זאָל דער קאָנגרעס עס באַטראַכטען פאַר איינע פון זיינע אויפגאַבען איינצופיהרען אַזעלכע ווירטשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, דורך וועלכע אונזערע ציוניסטען זאָלען מיט דער צייט זיך פאַרזיכערען אַ געוויסען גראַד פון געגענזייטיגער הילף אין נויטפאַלען. דורך קליינע אָפּפער וואָס יעדער יחיד לייגט אויף זיך אַרויף, קאָן ער שטאַרקען דעם כלל, וועלכער קאָן פיליכט אַמאָל נוצען איהם אַליין. אַזוי דערוואַרבט מען זיך אַ רעכט אויף הילף און מען דאַרף דאַן קיין חסידים ניט מעהר.

שווער איז אמת אונזער וועג און יסורים'דיג, אבער דאָס ברייננט נאָר שטאַרקער אַרויס אונזער מוט און אונזער טרייקייט. די וואָס יאָגען זיך נאָך באַלדיגע גליקען זאָלען זיך נאָר אַרויס־

רוקען פון אונזער מחנה. און אויב דער ענדליכער ערפאָלג וועט נאָך לאַזען א צייט וואַרטען אויף זיך, וועלען מיר אין מיטען פון דער מאַטעריעלער נויט פון אונזער פאָלק פאַרצייכענען לכל הפחות א מאָראַלישען געווינס. עס וועט באַוויזען ווערען, אז דאָס אידענ־טום ברייננגט נאָך אַרויס אַן אידעאַליזם וואָס בויגט זיך ניט פאַר סכנות, האַלט אוים דחקות און האָט די גרויסע געדולד מיט וועל־כער מען קומט צום גרויסען ציל.

# די פרויען און דער ציוניזם.

אין דער פראנצויזישער רעוואָלוציע האָט פיגורירט א זעהר גייסטרייכער רעוואָלוציאָנער מיט'ן נאָמען סעי, וועלכער האָט אויך שפּעטער געשפּילט א גרויסע ראָלע. מען דערציילט פון איהם א זעהר שעהן וואָרט; ווען מען האָט איהם געפרעגט: „וואָס האָט איהר געטאָן אין משך פון דער שרעקענ'ס צייט?" האָט ער געענט־פערט: „איך האָב געלעבט". דער מאָן האָט נאָך פריהער פאר־פאסט אן אויפרוף, וועלכער איז זעהר בארימט געוואָרען. אין יענעם אויפרוף האָט ער זיך אויסגעדריקט וועגען דעם דריטען שטאנד, יועלכער איז נאָך דאמאָלט ניט געווען באפרייט, ווי פאָלגט: „וואָס איז ער? — גאָרניט. וואָס דארף ער זיין? — אלעס." אָט דאָס וואָרט פון אבע סיי וואָלט איך געוואָלט אָנווענדען אויך אויף די פרויען. וואָס זיינען די פרויען פאר דעם ציוניזם? איך וויל ניט זאָגען: גאָרניט. וואָס וואָלטען זיי געקאָנט, וואָס וואָלטען זיי געדארפט זיין? אפשר אלעס. און ווען אונזער אגיטאציע וועט די ריכטיגע וועגען געפינען וועט עס אויך מוזען קומען דערצו.

ווען מיר באטראכטען די איצטיגע לאגע פון דער אידישער פרוי, קאָנען מיר פארשטעהן, פארוואָס זי איז ביז איצינד געשטאַ־נען אזוי גלייכגילטיג און ווייט פון אונז. איך וואָלט דערביי גע־וואָלט ציהען א ליניע, וואָס זאָל אפּטיילען צווישען די פרויען וואָס האָבען דורכגעמאכט די הארטקייט פון לעבען און צווישען די אנ־דערע. די פרויען, וואָס ווערען אריינגעוואָרפען אין דעם לעבענס־קאמף זיינען אויך ביי די אידען די אָרימסטע. זיי האָבען מסתמא ניט קיין מאָן אָדער קיין אַנדער פאַרזאָרגער, וואָס זאָל זיי פאר־

שפּאָרען אליין צו ארבייטען, און ביי די אידען טרעפט דאס נאר ביי די אָרימסטע שיכטען.

אז פון אזעלכע פרויען קאָן אן אונטערשטיצונג און באגייס־טערונג ניט קומען — איז זעלבסט־פאַשטענדליך. זיי קומען גע־וויינליך — ווען זיי שטאַמען פון רומעניען ,גאליציען, רוסלאנד — און בעטען אז מען זאָל זיי מיט זייערע פּעקלאך ווייטער טראנס־פּאָרטירען. זיי וואָלטען אפשר געווען גוטע ציוניסטקעס, זיי וואָל־טען זיך דערצו געקאָנט אנטוויקלען, ווען זיי וואָלטען דורך די אומ־שטאַנדען פון זייער שיקזאל אוועקגעשו־יעלט געוואָרען אין א בע־סערער לאַגע. אָבער פון די פרויען קאָנען מיר ניט דערוואַרטען אדער פארלאנגען אז זיי זאָלען אונז מיטהעלפען אין דער ציוניס־טישער אגיטאַציע. די פרויען, וועלכע מיר מוזען געווינען זיינען די, וואָס זיינען ווי דורך א מויער אָפּגעשלאָסען פון אלץ וואס עס שטעלט מיט זיך פאָר די אידען נויט, די שלעכטע לאַגע און די נויטווענדיגקייט דורכצופיהרען א פארבעסערונג.

א דאַנק אן אלטער טראַדיציע, וועלכע געהערט צו דעם בעס־טען אין אידענטום, לעבט די פרוי אין טיפער אָפּגעשלאָסענקייט, אין איהר הויז, ווי עס ווערט אזוי שטאַרק געריהמט אין דער שעה־נער פאָעמע „די פּרינצעסין שבת". זי לעבט דאָרט גאנץ ווייט פון די אומאנגענעמליכקייטען, שטורמס און הארטקייטען פון לעבען. וויינינגסטענס די אידישע טאָכטער פון אלטען סטיל, וועלכע געפינט זיך נאָך, כאָטש ניט אין זעהר א גרויסע צאָל, אין די פארמעגליכע קרייזען. דאס איז די פרוי פאר וועלכער איך האָב דעם גרעסטען רעס־פּעקט, וויייל אין איהר האָבען זיך אויפ'ן ריינסטען און שעהנסטען אופן אויפגעהאלטען אלע שעהנע אייגענשאַפטען, אלץ וואס איז גרויס און אייביג, און איז באזונדערס ווערטפול געווען אין די פינס־טערע צייטען. מיר מוזען זיך אבער רעכענען מיט די אידישע טעכטער פון דעם נייעם סטיל, וועלכע מיר האָבען פארלאָרען אין משך פון דער צייט, ווען עס איז די אידען גוט געגאַנגען. זיי

אונטערשיידען זיך פון דער אידישער טאַכטער פון אַלטען סטיל דערמיט, וואָס ניט זיי פייערען דעם ערב שבת, ניט זיי מאַכען דורך די פּראַצעדור פון שבת, אין וועלכען עס ליגט דאָך אַזוי פיעל אידישע פּאָעזיע. מיט דער אידישער טאַכטער פון דעם אַלטען סטיל אָבער זיינען זיי גלייך דערמיט, וואָס אויך זיי קומען ניט אין באַרירונג מיט'ן לעבען. עס איז דער מאַן, וועלכער פאַרשפּאַרט עס פאַלקאָמען זיין פרוי זיך צו באַקענען מיט די אומאַנגענעמליכקייטען פון פּרנסה. אַט אַזוי זיינען אַט די מאָדערנע טעכטער אונזערע, איבער וועמענס גלייכגילטיגקייט מיר באַקלאָגען זיך אַזוי ביטער, אויך אין אַ געשיצטער לאַגע, און פּונקט ווי אַ מאַן, וואָס פאָהרט פאַרביי אין זיין קאַרעטע קאָן אבסאָלוט ניט פיהלען דאָס, וואָס עס פיהלט דער פרירענדער גאַסען־הענדלער, וואָס זוכט זיין שטיקעל ברויט, אַזוי האָט אויך די צופיעל געשיצטע פרוי גאַרניט זיך דערוואוסט וועגען דעם, וואָס עס איז אַזוינס די אידען נויט, אפילו ווען זי איז ניט צופיעל געפּעסטעט. די גוטע טראַדיציע פון דער אידישער פאַמיליע איז צו האַלטען זיך וואָס ווייטער פון די אויפרעגונגען און דעם רעש פון דער גאַס. דעם פּלאַץ פון אַט דער טראַדיציע וואָס איז אַ שטיק הייליגטום פאַרנעמט ביי איהר דער רייכטום. דאָס וואָס עס ווערט פאַר איהר געזאָרגט איז נאָך אַ צוגאָב צו איהר רייכטום און דערמיט דערקלערט זיך אויך די גלייכגילטיגקייט.

ווי אַזוי־זשע אָבער זאָל עס אנדערש ווערען? זאָלען מיר זיי ווינשען, אַז זיי זאָלען זיך באַקענען מיט די אומאַנגענעמליכקייטען פון דעם לעבען? זאָלען מיר אַט די צופיעל געשיצטע פרויען ווינשען, אַז זיי זאָלען פאַראָרימט און פאַרעלענט ווערען, כדי זיי זאָלען דורך דעם באַגרייפען דאָס גרויסע און דאָס נויטווענדיגע אין ציוניזם? אַזעלכע גראָבע מיטלען וואָלט איך ניט אָנגעווענדט אפילו ווען איך זאָל זי קאָנען דורכפירען. איבעריגענס, וואָלט דאַמאָלט די פרוי געווען אין דער לאַגע פון די, וועלכע פאַרשטעהען, אָבער קאָנען גאַר ניט טאָן. אַט אַזוי האָבען מיר פאַר אונז אין אַ גע־

וויסער פאָרם דעם פראַנצויזישען משל. איהר ווייסט ווי אזוי דער אלטער וויץ לויטעט:

„ווען די יוגענד זאָל וויסען,<br>ווען די עלטער זאָל קאָנען"<br>מיר מוזען דאָס אנדערש איבערזאָגען:<br>„ווען דאָס רייכטום זאָל וויסען...

אָט דאָס איז די פראַגע ביי וועלכער מיר האַלטען. די ארימע קאָנען ניט און די רייכע ווייסען ניט.

פאר אונזערע פרויען, וואָס ווייסען ניט פון קיין נויט וואָלט אלזא געווען נוצליך צו געפינען א זאך וואָס זאָל פארנעמען דעם פּלאַץ פון דער הארטער לעבענס־שול, די ערפאַרונגען אין דרויסען. און וואָס זאָל עפענען זייער זינען פאר דער ציוניסטישער באַוועגונג. איך גלויב אז אזא מיטעל וואָלט זיך געמוזט געפינען, איך גלויב אז מיר קאָנען באַגייסטערען די פרויען פאר דעם געדאַנק, וועלכען מיר האַלטען פאר זעהר מענשען־פריינדליך, ניט נאָר דורך זייער אייגענער נויט, זאָנדערען אויך אויף אַן אנדער אופן.

דאָס וואָלט געדאַרפט זיין דער וועג פון פּאָעזיע, פון קונסט, מיט איין וואָרט: פון שעהנקייט.

עס וואָלט געווען גוט און ווירקזאַם אויפמערקזאַם צו מאַכען די געשיצטע פרוי, אז דער ציוניזם אנטהאַלט אין זיך אַן עלעמענט פון גרויסער שעהנקייט, אז ווען נאָר די ציון'ס לידער האָבען זיך אין פארשידענע פארמען ארויסגעריסען פון אונזערע דיכטערס נשמות — האָבען זיי מיט זיך פאַרגעשטעלט אמת'ע פּערל פון דער אידישער פּאָעזיע. אָט אזוי וואָלט מען די פרויען געקאָנט ווייזען, אז אין דעם ציוניזם, וועלכער באַווייזט זיך היינט ווי א נייע מאָדע, איז פונדעסטוועגען אנטהאַלטען א שעהנקייט, וואָס איז אייביג און יונג.

איך גלויב, אז אָט די ארבייט וועט פאר אונז צום טייל טאָן

די דיכטער־קונסט; די דיכטער קונסט, וועלכע פאלגט נאך די שפו־רען פון ציוניזם שוין זייט א לאנגער צייט. פאר די וואס שטעהען פון דרויסען אנטפלעקט זיך אמאל נאך שנעלער די שעהנקייט פון דער אידעע, און אט אזוי זעהען מיר שוין קריסטליכע דיכטער, וועלכע באזינגען דעם ציוניזם. איינער פון די ערשטע איז געווען דער פראנצויזישער שריפטשטעלער, דע־בועליע, וועמעס פאעטישע סקיצע עס האט זיך פריהער מיט א צייט געדרוקט אין דער „וועלט". אין דעם געדיכט איז געווען א שטעל, וואו ער רעדט פון די ווייסע מויערען, וואס שפיגלען זיך אפ אין דעם מיטעל־ים, און וואו ער זעהט אן ערשיינונג פון א צוקונפטיגער קולטור. דער ציוניזם איז אויך דערמאנט געווארען אין א ראמאן פון פירשט ווערדע. ערשט ניט לאנג צוריק איז די שעהנקייט פון דער אידישער ווידערגעבורט אויך געריהמט געווארען אין א לידער־בוך פון בעריע, פרייהער פון מינכהויזען, וואס טראגט דעם נאמען „יודא" און איז אילוסטרירט פון משה ליליען. איך דענק דערפאר אז היות, ווי מיר לעבען איצט אין די יאהרען פון צוריקפאל, וועלכע מען רופט מערקווירדיגער־ווייזע די יאהרען פון עמאנסיפאציע, פון העכערונג; היות ווי מיר האבען אין די יאהרען אנגענומען די געוואוינהייט נאכצולויפען נאך דעם וואס אנדערע זאגען, — קאנען אזעלכע קינסטלערישע פאסי־רונגען האבען א ווירקונג. מיר שיינט עס איז ניט אויסגעשלאסען, אז דורך דער געזעלשאפט, אין וועלכער מען קומט אריין, אויב מען האלט דעם ציוניזם פאר שעהן און גוט און גרויס, קאן אויך ביי אונז אויף דעם וועג פון סנאביזם אונטערנומען ווערען א פראפא־גאנדא פאר ציוניזם.

יעדע פרוי איז דער מיטעלפונקט פון א קלענערען אדער גרע־סערען קרייז. זי קאן פיעל ווירקען אין דעם קליינעם קרייז. זי קאן ערציהען שילערינס, אגיטאטארקעס, וועלכע זאלען ווייטער, לויט אט דעם שניי־באל־סיסטעם ווערען מיטעלפונקטען פון נייע געזעל־שאפטס־קרייזען, וועלכע זאלען ווידער פון זייער זייט אנטוויקלען נייע קרייזען, אויסבילדען נייע שילערינס, צום אנהויב אנפאנגע־

רינס, און מיט דער צייט לעהרערינס פון דעם ציוניסטישען געדאנק. זיי וועלען דאמאָלט קאָנען דערציילען וואָס פאר א שעהנקייט דער ציוניזם האָט אין זיך אנטהאלטען נאָך צו דער צייט ווען דער געדאנק איז געוועזען אָרים און יונג, און האָט זיך נאר געשטיצט אויף די אָרימע און יונגע; און אויך וועלען זיי קאָנען אָנווייזען אז דאָס וויטערע בליהען אונטער גינסטיגערע באדינגונגען וועט נאָך פיעל מעהר בייטראגען צו דער פארשעהנערונג פון געדאנק, און דורך דאָס לעבען וואָס לאָזט זיך אלץ מעהר און מעהר פיהלען ארום דעם ציוניזם. וועלען זיי קאָנען אנווייזען אז פאר די פרייע שטונדען און אפילו פאר די ניט פרייע איז עס א פיעל שעהנערע באשעפטיגונג ווען מען באקענט זיך מיט דעם אידישען געדאנק, און מען ווירקט פאר איהם, איידער זיך געגענזייטיג צו באליידיגען אין די פוסטע קאפע־געזעלשאפטען; איידער צו פארלירען דאָס געלטביים קאָר־טען־שפיל, אדער אזוי אוועקצו׳הרג׳ענען די צייט ביי פארשידענע אומנוצליכע באשעפטיגונגען.

דאָס איז א פאָרמע פון זעלבסט־ערציהונג און זעלבסט־העכע־רונג, וועלכע אונטערשיידט זיך פון די פוסטע באשעפטיגונגען אויך דערמיט, וואָס זי איז נוצליך פאר די קינדער. ווייל א פרוי, וועלכע איז א גוטע ציוניסטקע איז אויך א זעהר אויפמערקזאמע און ווייט בליקענדע מוטער. איך זאָג ניט א גוטע, ווייל עס עקסיסטירט ניט קיין שלעכטע. די מוטער מוז פארשטעהן, אז ווען דער ציוניזם איז גרויס און וויכטיג, איז ער עס ספעציעל פאר די קינדער, ווייל זיי זיינען דאָך די בירגער פון דער צוקונפט, און יעדענפאלס פון דיזער צוקונפט, ווי גיך אָדער ווי שפעט זי זאָל ניט קומען. מיר האָבען די ערציהונג אויף אונז אליין געפיהלט, דערמיט וואס מיר האָבען זיך אין דעם געדאנק אלץ מעהר פארטיפט. א מוטער, וועלכע פארשטעהט דעם ציוניזם, וועט איהם אָנווענדען ניט נאָר פאר זיך, נאָר אויך פאר איהרע קינדער. עס איז אלזא א צייטפארטרייב, וועל־כער איז שעהן און נוצליך, אפילו ווען מען וויל דארויף פארווענ־דען די שטונדען וואָס זיינען געווידמעט פאר דער דערהאָלונג.

איבעריגענס ווייזען אַלע סמנים, אַז די ציוניסטישע באַוועגונג געפינט אַלץ מעהר אָפּקלאַנג, און אַז די וואָס קוקען תמיד נאָר אויף אַנדערע, שעהמען זיך אַלץ וועניגער זיך צו ערקלעהרען פאַר דער באַוועגונג, וועלכע מען האָט פריהער שלעכט פאַרשטאַנען און אַלס שעדליך באַטראַכט. און איך קאָן מיר גאַנץ גוט פאַרשטעלען ווי אַזוי, ווען מיר וועלען קאָנען אַנווייזען אויף פּראַקטישע ערפאָלגען וואָס לאָזען זיך זעהן און אָנטאַפּען — וועט פלוצלונג ווערן אַ עהרע וואָס מען איז געווען אַ ציוניסט און מען האָט פאַר'ן ציוניזם געאַרבייט. דאַמאָלס וועט מען מיט איהם אויך קאָנען מאַכען אַ קאַריערע. דאַמאָלס וועלען זיך אויך אין דער באַוועגונג אַנשליסען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל לייט אום צו קאָנען אַוואַנסירען. איך ווינש דאָס זעהר שטאַרק, ווייל ניט תמיד ווילען מיר דאָך זיך אַרומדרייען אויף וואַלקען־פעלדער, ווייל עס איז דאָך נויטווענדיג אַז נאָך תנאים זאָל אויך אַמאָל קומען די חתונה. איך גלויב אַבער אַז אַ לענגערער חתן־כלה צושטאַנד איז אַלס אַן עקזאַמען ניט שעדליך. און איהר ווייסט ווי לאַנג דאָס אידענטום האָט דורכגעמאַכט אַט דעם חתן־כלה צושטאַנד, איידער עס איז אַריינגעצויגען אין דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד. איהר ווייסט ווי לאַנג דער קליגסטער פון אַלע אידען האָט זיי געפיהרט דורך דעם מדבר, אום זיי דאָרט צו לייטערען און צו רייניגען.

12טען יאַנואַר, 1901.

# רעדע אין מכבי'ער קלוב (לאָנדאָן).

(14־טען יוני, 1901)

אויב ס'איז אמת, אַז גאָט האָט דעם מענשען געגעבען די שפּראַך, כּדי ער זאָל פאַרבאַרגען זיינע געדאַנקען — גילט דאָס אַצינד פאַר מיר, ספּעציעל פאַר מיין ענגלישער שפּראַך. די נאַטור האָט מיר אָנטזאָגט דאָס, וואָס מען מוז באַזיצען, כּדי צו האַלטען אין דער עפענטליכקייט אַ רעדע אין ענגליש, און נעמליך דעם אַקצענט. און איך געהער ניט צו די גליקליכע מענשען, וואָס ווייסען ניט, ווי שלעכט זייער אויסשפּראַך איז. ליידער ווייס איך עס יאָ.

איך וויל אָבער רעדענדיג צו אייך דורכאויס ניט פאַרבאַרגען מיינע געדאַנקען, כאָטש עס גיט אויך אומשטאַנדען, ווען מען קאָן — אין דעם אינטערעס פון דער זאַך — ניט אַלעס אַרויסזאָגען. זאַכען האָבען אַ מאָס, און אַט אויף דעם מוז איך אויפפּאַסען, ספּעציעל דאָ, אויף אָט דעם פּלאַץ, ווייל ער איז אַ נייטראַלער. עס געפינען זיך דאָ אָנהענגער און געגנער פון מיינע אַנזיכטען, און איך פיהל פאַר מיין ערשטע פליכט ניט אָפּצושלאָגען פון קיינעם, וואָס ס'האָט זיך מיט מיר פריינדליך ביי איין טיש אוועקגעזעצט. און איך האָב אָנגענומען אייער איינלאַדונג מיט אַ באַזונדערס הערצליכען דאַנק, גראָד דערפאַר ווייל איך ווייס, אַז איך האָב געגנער אין דעם מכבי'ער קלוב, און אַז אַט די געגנערשאַפט איז אַן אידעען־געגנערשאַפט און האָט גאַר ניט וואָס צו טאָן מיט פּערזענליכקייטען.

פריהער מיט פינף יאהר ווען איהר האט מיר אנגעטאן די עהרע און מיך באשטימט פאר אן עהרען־מיטגליד — האב איך נאך א סך זאכען ניט געהאט געטאן, מיט וואס איהר זאלט דא־מאלט ניט געוועזן זיין איינפארשטאנען. איך וואלט דערפאר אצינד ניט געוואלט באגעהן די אומבאשיידענהייט צו באטראכטען אייער היינטיגע איינלאדונג אלס א שפעטערדיגע גוטהייסונג פון אלע מיינע רעדען און האנדלונגען. אבער אפשר געה איך ניט צו ווייט, ווען איך נעהם אן, אז איהר האלט מיך נאך אלץ פאר ווערט צו זיין אייער עהרען־מיטגליד.

ס'איז ניטא קיין זאך אויף וועלכער איך זאל קאנען זיין שטאל־צער, ווי ווען איך באטראכט דעם כאראקטער און צוועק פון אייער קלוב: „צו העכערן דעם מאראלישען און אינטעלעקטועלען מצב פון די אידען".

אין די לעצטע יאהרען האב איך אפט דורכגעלעבט דעם שמערץ באפאלען צו ווערען פון אידען, און אהן צווייפעל נאר דערפאר, ווייל איך האב זיך געזארגט פאר אידישע אנגעלעגענהייטען.

ווען איך וואלט מיך באשעפטיגט מיט כינעזישע אנגעלעגענ־הייטען — וואלטען מיך די כינעזער אנגעגריפען. יעדענפאלס בין איך אין די אידישע זאכען אביסעל מעהר באהאוונט. דאס אבער ווי ידוע, אינטערעסירט ווייניג־וועמען. און ווען אפילו איך פארשטעה שוין די אנפאלען, האב איך דאך אן אורזאך זיך צו וואונדערן איבער זייער שארפקייט און אומגערעכטיגקייט. און איך פיהל דאס באדערפניש צו באקלאגען זיך דאריבער פאר מיין־גליי־כען. דערמיט אבער פארענדיג איך שוין אט די באמערקונגען, ווייל איך האב ניט בדעה צו שטערען די שלום־שטימונג פון אונזער באנקעט, אפילו ניט דורך עראינערונג אן די רייסערייען פון די לעצטע יאהרען.

פארקערט, עס איז מיין עהרליכער וואונש, אז די שטריי־טיגקייטען צווישען אידען און אידען זאלען איצט און אויף תמיד פארענדיגט ווערען. כדי אט דאס צו קאנען דערקלערען, איז מיר

די געלעגענהייט אויפצוטרעטען אין מכבי׳ער קלוב געווען באַזונדערס אַנגענעם. די באַוועגונג פאַר וועלכער איך גיב אָפּ מיינע באַשיידענע קרעפטען איז ניט נאָר דאַרויף אָנגעוויזען אום צו געווינען די סימפּאַטיעס פון אַלע אידישע פאַראיינען, נאָר זי איז אויך דערצו אָם־בעסטען צוגעפּאַסט.

אין דער ניט־אידישער וועלט האָט ארויסגערופען גרויס באַוואונדערונג דער פאַקט, וואָס מיר האָבען צווישען די אידען איבערהויפּט געקאָנט געפינען געגנער — אַזוי נאַטירליך און זעלבסטפאַרשטענדליך איז זיי אויסגעקומען דאָס, וואָס מיר שלאָגען פאָר פאַר דער לייזונג פון דער אידען־פראַגע. איך וויל ביי אָט דער געלעגענהייט, גערן צוגעבען, אַז מיר האָבען ביי דער פאַרשטעלונג פון אונזער זאַך ניט איין שווערען פעהלער באַגאַנגען; אַז מיר זיינען געווען צו־אומדייטליך אין ריידען, צו־אומגעשיקט אין האַנדלען; אַז מיר האָבען די פאַרדינסטען פון די וואָס, זיינען פאַר אונז אָדער גלייכצייטיג מיט אונז געווען טעטיג פאַר די אינטערעסען פון דעם אידענטום — ניט גענוג דאַנקבאַר אַנערקענט.

אָט די אַלע מיספאַרשטענדנישען און מיינונגס פאַרשידענהייטען אָבער מוזען זעלבסט־פאַרשטענדליך אויפהערען תיכף ומדי, היות ווי מיר שטעהען אפשר ביי אַ ווענדונג אין דעם שיקזאַל פון דעם אידישען פאָלק.

מיינע געערטע פריינד און געגנער! איהר וועט אַליין פאַרשטעהן ווי שווער עס איז פאַר מיר צו ריידען גראַד איבער דעם פונקט, וועגען וועלכען איהר ערוואַרט אַז איך זאָל אַצינד אָפּגעבען גענויע ערקלערונגען. עס באַשטעהט אַ געפאַהר ווען איך וועל צו־פיעל זאָגען און אויך אַ געפאַהר ווען איך וועל צו־ווענינ זאָגען. איך האָב מיט די אויסטייטשונגען פון מיינע ווערטער געהאַט פיעל ניט־גינסטיגע ערפאַרונגען. מיין געוויסען איז גאַנץ פריי דערפון, אַז איך זאָל האָבען דערוועקט באַטריגערישע האָפענונגען ביי די מאַסען פון אונזערע אַנהענגער — און פונדעסטוועגען האָט מען מיר אויך דאָס פאָרגעוואָרפען. איך האָב קיינמאָל ניט פאַר־

שפּראַכען קיין וואונדער, איך האָב בלויז אָנגעוויזען, אַז נאָר די זעלבסט־הילף איז דער וועג צו דער דערלייזונג.

איך האָב געזאָגט : „פאַרלאָזט אייך ניט אויף פרעמדע הילף, פאַרלאָזט אייך אויך ניט אויף די וואויל־טעטער אָדער אויף דעם, אַז די שטיינער זאָלען ווייך ווערען, ווייל די פילאַנטראָפּען גיבען העכסטענס נדבות וואָס באַליידיגען און די שטיינער ווערען ניט ווייך. א פאָלק, וואָס וויל זיך אין גאַנצען פאַרלאָזען נאָר אויף זיך אליין קאָן געהאָלפען ווערען.“

אָט אויף דעם אויפ'ן האָבען מיר, ווי באַקאַנט, אָנגעהויבען אונזער שווערען וועג. מיר האָבען געהאַט שלעכטע און גוטע מאָמענטען, אויגענבליקען אין וועלכע מען פאַרצווייפעלט, און אויגענבליקען אין וועלכע מען האָפט ווידער. עס איז געווען אין אָט אַזאַ גוטען מאָמענט, אין הערבסט פון 1898, ווען איך האָב דאָ אין לאָנדאָן געזאָגט צו מיינע ברידער אין דעם איסטענד, אַז די פאַרווירקליכונג פון אונזערע האָפנונגען האַלט זעהר נאָהענט. איך האָב דאָס ניט געווען גערדאַרפט זאָגען. מען איז אויף מיר ארויפגעפאַלען, ווי אויף א שאַרלאַטאַן. דעם אורטהייל אָבער וועט אָפּגעבען א שפּעטערדיגע צייט, וואָס וועט פאר זיך האָבען אלע באַווייזען. דאַמאָלט וועט מען זעהן, ווי אמת איך בין געווען, ווען איך האָב מיינע באַהויפּטונגען געמאַכט, און וואָס פאר א נייע אומשטאַנדען עס זיינען דערווייל אריינגעטראָטען.

אָבער די אורטיילען וואָס מען וועט אָפּגעבען איבער אונז אין דרייסיג אָדער פערציג יאָהר ארום טרייסטען אונז וועניג־וואָס, א דאַנק די אומאָנגענעמליכקייטען פון דעם אויגענבליק. און די קומענדע דורות באַזיצען דעם גרויסען פעהלער, וואָס מיר קאָנען זיי ניט געניסען, אפילו ווען זיי זיינען פאר אונז ניט אומאָנגענעם.

און דערפאר האָב איך מיך דאַמאָלט פעסט פאַרנומען, קיינמאָל מעהר ניט צו דערוועקען קיין האָפענונג אפילו ווען איך האָב דער־צו די בעסטע און שטאַרקסטע גרונדען.

איבעריגענס, גיב איך צו, אַז די געגנער פון די פאַרפיהרטע

מיטיילונגען האָבען דאָך אין א געוויסער מאָס אויך רעכט. עס איז בעסער, אז די אָרימע לייט זאָלען א ביסעל לענגער ווארטען, איידער זיי זאָלען זיך צו־פריה לאָזען אין וועג אריין. אין אָט די אַלע זאַכען ליגען דאָך גרויסע פאראַנטוואָרטליכקייטען, און וואָס ערנסטער מיינע פריינד און איך מיינען עס — אַלץ פאָרזיכטיגער מוזען מיר זיין. און איך געה נאָך ווייטער. ווען איך זאָל — דורך מיינע ערפארונגען פאָרזיכטיג געוואָרען — אפילו איין האַל־בע שעה פאר דעם דערוואַרטעטען קץ ניט זאָגען: „דערגרייכט", קאָן עס אויך דורך נוטצליכקייט־גרונדען פאַסירען, אז מיר זאָלען אפילו איין האַלבע שעה נאָך דעם קץ נאָך אַלץ גאָרניט פארעפענט־ליכען.

ווי איהר זעהט, מיינע הערן, זיינען פאר מיר די געפאַרען פון צופיעל־זאָגען גאַנץ קלאָר געוואָרען. עס איז אָבער אויך פאראַן א געפאַר אין דעם צו־ווייניג זאָגען. און זי באַשטעהט נעמליך אין דעם, וואָס מען קאָן גלויבען, אז עס איז איבערהויפּט ניטאָ וואָס צו זאָגען, באַזונדערס נאָך ביי א געלעגענהייט, וואו מען ער־ווארט פון אימיצען אז ער זאָל דאָס מויל עפענען ניט נאָר צום עסען — מוז ער דאָך לכל־הפחות עפּעס זאָגען. און איך מיין דערמיט ניט נאָר די אנוועזענדע, נאָר אויך די מיט אונז דאָ ניט פארהאַנדענע ברידער אונזערע אויף דעם קאָנטינענט און אין אַנ־דערע וועלט־טיילען, וועלכע וועלען לעזען אין די צייטונגען אויף אַלע שפּראַכען דעם באַריכט פון אונזער היינטיגער אונטערהאַלטונג — און איך גלויב אז אַלע שטעלען די זעלבע פראַגע: „וואָס הערט זיך עפּעס נייעס?"

מיין לעצטע רייזע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דער זעהר עהרענפולער און גוטער קבלת־פּנים, וואָס איך האָב דאָרט געקראָ־גען באַרעכטיגען געוויס צו אָט דער פראַגע.

איך וויל דאָרויף ענטפערן. עס וועט אייך ניט איבעריגענס וואונדערן, ווען איך וועל אייך, לויט דער אידישער מדה. אויף

אייער פראַגע ענטפערען מיט א פראַגע. ווען איהר אַבער, וואָס זייט אנוועזענד, וועט מיין פרעגענדע תשובה הערען און ווען די, וואָס זייַנען ווייט פון דאַנען, וועלכע זי לעזען, וועט זיך אפשר פאַר אייך אנטפּלעקען די אידישע פראַגע אין איהר גאַנצער גרויס און עלענד.

מיין פראַגע, מיין אידישע פראַגע, ד י אידישע פראַגע לויטעט: זייט איהר בּאַרייט זיך ארויסצואווייזען דאַנקבּאַר פאַר א היסטאַרישער הילף, וואָס מען בּריינגט אייך? זייט איהר בּאַרייט דערפּ צו העלפען, וואָס וויל אייך העלפען? ווי גרויס, ווי שנעל אין אייער בּאַרייטשאַפט? גראַדע די פּראַקטישע, די רעכנער, די צעהלער און וועגער קאָנען זיך אָם־וועניגסטען וואונדערן, ווען די פראַגע ווערט אויף אזא אופ'ן פאַרמולירט: Do, ut des (איך גיב, כדי אויך דו זאָלסט געבּען), איין האַנט ווערט פון דער אַנדערער געוואַשען — ווען דו ווילסט נעמען, מוזטו אויך געבּען.

ווי איהר זעהט, רייד איך פון געלט, כאָטש איך בּין קיינמאָל קיין סוחר ניט געווען און וועל עס קיינמאָל ניט ווערען. איך רייד פון געלט, און דאָס איז אפשר מיין איינציגע אַנטשולדיגונג, וואָס איך רייד פון פיעל געלט. ווייל מיט א פּאָר גראָשען וועט מען אָט די זאַך ניט קאָנען דורכפיהרען. ווי עס ווייזט אויס שטויסען מיר זיך דאָ אָן אויף איין שוועריגקייט, ווייל מיר האָבען געגען אונז די זאַטע איראָניע פון די לייט, וועלכע ווייסען וועגען קיין אַנדערער זאַך ניט, ווי נאָר ציגזען און צינז־ציינזען. און איך דערמאָן זיך דערבּיי אָן א וויציגער בּאַמערקונג פון א בּאַנקיר, וועלכער האָט מיר איין מאָל געזאָגט: „ווען איהר שלאָגט פּאָר צו סוחרים א געשעפט וואָס האָט א ביי־געשמאַק פון מאָראַל אָדער אידעען — וועט איהר זיך תמיד אַנשטויסען אויף דעם גרעסטען מיסטרויען!“

אפשר האָט ער רעכט. אפשר איז דאָס מאָראַלישע א שלעכטע רעקאָמענדאַציע פאַר מענשען, וועלכע האָבען עס ניט. אָבער אויב דאָס געלט וועט ניט קאָנען געפונען ווערען ביי די אויבערשטע — וועלען עס די אונטערשטע צושטעלען. און דערפאַר רייד איך

וועגען דעם דאָ, איבער אַט דעם גאַסט־פריינדליכען טיש צום פענס־טער ארויס.

מיר גזעגענען זיך אין דער נאָהענטער צייט אין כמעט צוויי מיליאָן פונט. אויב איהר דערמאָנט זיך, איז דאָס געווען די סומע, וואָס מיינע פריינד און איך האָבען פאָרלאַנגט ביי דער שאַפונג פון דעם פינאַנציעלען אינסטרומענט פון אונזער באַוועגונג, דעם „אידישען קאָלאָניאַל־טראַסט" אין לאָנדאָן. דער רעזולטאַט איז דאַמאָלסט ניט געווען ווי מען האָט דערוואַרט, כאָטש עס איז אריינ־געקומען גענוג געלט, כדי צו מאַכען מעגליך די עפענונג פון דעם „אידישען קאָלאָנאַל טראַסט". אויב דאָס אידישע פאָלק וועט זיך צוהערען צו מיין היינטיגען אויפרוף און וועט מוסיף זיין צו דעם וואָס דער „אידישער קאָלאָניאַל טראַסט" האָט שוין אין זיין קאַסע, נאָך נאָך אַנדערטהאַלב מיליאָן פונט — וועלען מיר קאָנען אָנגעהן מיט אונזער ארבייט.

די לאַגע ברענגט מיט זיך, אז איך מוז ריידען פון געלט און נעמליך ווי פון דער וויכטיגסטער זאַך אין דעם אויגענבליק. אָבער אין אַט דעם קרייז פון פילאָזאָפען און קינסטלער, דיכטער און געלערטע וועט עס מיר ערלויבט זיין אַנצואווייזען מיט א פּאָר ווער־טער אויף די באַהאַלטענע און טיפסטע גרונדען פון דער נייער אידישער באַוועגונג.

כדי ארויסצוגעמען דעם אייזען פון דעם שויס פון דער ערד, האָט מען זיך אויך געגוויטיגט אין גאָלד. האָט עס דען ניט געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך ווי עס וואָלט געווען א טעאָרעטישער אויס־בייט? אייזען, א זאַך אָהן ווערט, געוויס ניט קיין איידעלער מע־טאַל! דער מענש אָבער האָט זיין ארבייט און זיינע געדאַנקען פאַר דעם אוועקגעגעבען און גיט נאָר א קוק: דער שלעכטער מע־טאַל ענדערט זיין געשטאַלט, פאַרוואַנדעלט זיך אין רעלסען און פאַרצווייגט זיך אַלס א באַנד פון לאַנד צו לאַנד, עס פאַרוואַנ־דעלט זיך אין ווערקצייג, אין מאַשינען זיילען און פאַרקער־מיטעל. עס וואַרפט זיך אריבער אַלס א בריק איבער'ן ים און ניט קוקענדיג

אויף זיין שוועקייט טראגט עס זיך אלס א שיף איבער דעם נע־בעלדיגען ים צו נייע און אלטע ברעגעס.

אין אונזערע טעג האנדעלט זיך ניט מעהר וועגען דעם צו דערציהען קריגערישע מכבי׳ער. — ניין, ער האנדעלט זיך וועגען מכבי׳ער פאר ארבייט, פאר גייסטיגער און קערפערליכער ארבייט.

און דערפאר וואג איך צו גלויבען, אז אויך די צווישען אייך, מיינע הערן, וואס זיינען לכתחילה ניט געווען מיט אונז — וועלען זיך נאך אנשליסען אן אונזערע רייהען. ווייל דאס ציל צו וועל־כען מיר שטרעבען איז די ערפילונג פון די העכסטע באשטימונגען פון אונזער פאלק.

# פינפטע קאָנגרעס-רעדע

(געהאלטען אין באזעל דעם 26טען דעצעמבער, 1901)

געערטע קאָנגרעס־מיטגלידער!

מיר פארזאמלען זיך היי־יאָהר צום פינפטען מאָל—צום פערטען מאָל אין באזעל — וואו מען קוקט אויף אונזער באוועגונג מיט אַ פריינדליכקייט, פאר וועלכע מיר זיינען אמת דאנקבאר. עס מעג אויך געזאָגט ווערען, אז דער אלטער כבוד פון דער שטאָט איז נאָך מעהר געוואקסען דורך איהר גאסטפריינדשאפט צו א באוועגונג, וועלכע וויל פארגרינגערען גרויסע נויטען.

פון דעם וואָס איז אונז שווער געווען איז א טייל שוין האלב אוועק, א טייל שוין האלב דערגרייכט. אבער פאר אלעם לאָזט מיך באגריסען איין זאך: וואָס מיר טרעפען זיך ווידער אין טריישאפט און וואָס די יאָהרען האָבען ניט אָפגעקילט אונזער באגייסטערונג פאַר א שעהנעם ציל. דער טויט האָט ביי אונז אוועקגענומען מעהר ווי איין גוטען מאַן. אלטקייט, שלאפקייט אָדער פּראָפּעסיאָנעלע פליכטען האָבען פיעל מענשען צוריקגעהאלטען, אבער אויך זיי זיינען מיט אונז אין גייסט. די וואָס וואוינען אין אנדערע וועלט־טיילען האָבען ניט געקאָנט לייכט רייזען אין דער צייט פון יאָהר, אבער אויך אזעלכע זיינען געקומען, און נייע מיטארבייטער זיינען אונז צוגעקומען אין א היבשער צאָהל, און ניט בלויז אידען! די העלפערס וואָס קומען צו אונז פון אַנדערע גלויבענס און נאציאָנען זיינען פון די בעסטע און איידעלסטע, און איך זאָג דאָס ניט אין דער פארבלענדונג פון א פּאַרטיימאַן. איך

ערלויב מיר צו ברייננגען די ווערטער, וועלכע דער ענגלישער דיכ־טער האל קעין האט קירצליך געזאגט אויף א פארזאמלונג אין לאנ־דאן: „ווען איך וואלט אליין געווען א איד, וואלט איך שטארק שטאלצירט דערמיט — איך וואלט געווען שטאלץ צו געהערען צו אן אלטער ראסע, וועלכע האט ארויסגעבראכט אייניגע פון די גרעס־טע מענשען; שטאלץ אויף א נאציאן, וועלכע האט נאך אלץ א שטארקען חלק אין די וועלט־ענינים, הגם זי האט ניט קיין טראן, קיין קעניג, קיין סאלדאטען און אפילו ניט קיין שפאן אייגען ערד; שטאלץ אויף א ליטעראטור. וועלכע איז אין דעם תנ"ך דערגאנגען צו אזא געהויבענקייט, וואס איז ניט דערגרייכט געווארען אין קיין אנדער מייסטערווערק פון מענשליכען גייסט; איך וואלט שטאלץ געווען אויף דער געלעגענהייט זיך צו באטייליגען אין א באוועגונג, וואס וויל אויפהויבען פאלעסטינא פון אן ארימען וויסטען צושטאנד צו א לאנד פון פרוכטבארקייט און שפע; אבער שטאלצער ווי אלץ וואלט איך געווען אויף די גרויסע מעגליכקייט וואס ליגט איצט פאר די אידען צו ארבייטען פאר די ארימע און געדריקטע פון זייער פאלק, צו פארווירקליכען די געוואלטיגע רעליגיעזע האפ־פענונג, וואס האט זיי אויפגעהאלטען דורך דריי טויזענד גרויזא־מע יאהר!"

אזוי רעדט א קריסט! אבער די שפראך, וועלכע גיט איהם כבוד, וואלט ניט געפאסט פאר אונז. מיר דארפען דערפילען איינ־פאך א מאראלישען חוב. די שוואכע האבען א רעכט אויף די הילף פון די שטארקערע. ווי אזוי מיר שטעלען זיך פאר די הילף, דאס איז דערקלערט געווארען אויף די פריהעריגע קאנגרעסען, און אויך דער קאנגרעס וועט האפענטליך פארשפרייטען אויפקלערונג איבער אונזערע וואונשען און די געזעצליכקייט פון אונזער ארבייט. די אידענפראגע קאן געלייזט ווערען נאר פון די אידען אליין. דאס איז אונזער מיינונג.

אט פון דעם גרונד־געדאנק קומט שוין ממילא ארויס וואס ווייטער איז. מיר האבען זיך דארום אפגעקעהרט פון די פריהער־

דינגע מעטאָדען. מיר האָבען ניט פּרובירט באַווייזען דורך זידלע־רייען, אַז מיר זיינען פיינערע מענשען. מיר האָבען אויך ניט גע־האַלטען קיין פּאַרעווע דרשות וועגען דער באַלדיגער פאַרברידערונג פון אַלע מענשען. מיר ווילען אויך ניט טראָגען קיין אנדער נאַ־ציאָנאַליטעט אַלס מאַסקע. און, ענדליך, מיר צילען זיך ניט איי־בערצוקעהרען די וועלט. דאָס אַלץ איז ניט אונזער זאַך. מיר גלויבען גיכער, אַז די מיטלען אויף צו לייזען די אידענפראַגע גע־פינען זיך אין דער עקסיסטירענדער אָרדנונג פון געזעץ און געזעל־שאַפט.

פון מענשען וואָס נעהמען זיך אונטער צו לייזען א גרויסע פראַגע קאָן מען פאַרלאַנגען א גענינגענדע ערנסטקייט ווי אויך ישוב הדעת ביים באַרעכענען די עקסיסטירענדע פאַרהעלטענישען. אַט די פאַרהעלטענישען זיינען טרויעריג, אָבער מיט קינות אַליין וועט עס ניט געהן פון אָרט. ווען מיר וועלען זיך אַרויסווייזען פעהיג אַנצוגעהן מיט אַרבייט, דאַן וועלען מיר זיכער האָבען די מיטהילף פון ערליכע מענשען. סימנים דאַרויף זיינען דאָ גענוג. יעדער אומפּאַרטייאישער מוז אויך איינזעהן, אַז מיר שלאָגען פאָר א גרינדליכע לייזונג. היינט איז דער אידישער פּראָלעטאַריאַט ניט נאָר דער אָרימסטער און אומגליקליכסטער, נאָר אויך דער אומ־רוהיגסטער און צום מייסטען שטערענדער. מחנות־ווייז האָלט ער אין איין וואַנדערען, פון איין עלענד אין אַנדערען, און ווי גרויס מוז זיין דער ערשטער עלענד, ווען זיי איז ניחה אזא פאַרצווייפעלטע וואַנדערונג אום אויפצוזוכען א נייעם עלענד. צו געפינען פאַר אָט דעם פּראָלעטאַריאַט אַן אָרט און אַרבייט, דאָס אַליין וואָלט שוין געווען א הויכע אויפגאַבע, אָפּגעזעהן פון אַלע נאַציאָ־נאַלע אָדער רעליגיעזע טעמים. איהר ווייסט אַז שוין פאַר אונז האָבען אייניגע זיך געפּרואווט נעהמען צו דער אויפגאַבע, מיט א גוטער כונה, אויך מיט גרויסע מאַטעריעלע מיטלען. איהר ווייסט אָבער אויך, אַז די פּראָבעס זיינען דורכגעפאַלען. פאַרוואָס? ווייל יענע זיינען אַרויס פון א פאַלשען פּרינציפּ. זיי האָבען געמיינט,

אז קודם כל קומט דאָס געלט. ניין! אין אָנפאַנג איז די אידעע. פאַר געלט באַקומט מען משרתים, א פאָלק לאָזט זיך אַזוי ניט הויבען. נאָר א אידעע קאָן דאָס אויפטאָן. זי האָט עס אויפגעטאָן.

ווען מיר קריטיקירען פריהערדיגע פּראָבעס, מוזען מיר אָבער זיך אָפּהיטען פון גאוה. אונזער פאַרהעלטעניש צו די פריהערדיגע ציוניסטען איז באמת ווי פון מענשען, וואָס ווילען אַריינברייננגען מאָדערנע פאַרבעסערונגען אויף אַן אַלטע אומטויגליכע מאַשין. בכבוד׳יג איז די אַלטע מאַשין, דאָך — זי געהערט אין מוזעאום אריין. מיר וואָלטען ניט אַזוי שאַרף באַטאָנט אונזער קאָנטראַסט, שוין דערפאַר אליין, וואָס דער כבוד פון יענע ערשטע און אַזוי נאָהענטע צו אונז איז אונז ליעב און טייער, ווען מען וואָלט ניט אויסגענוצט די שוואַכע רעזולטאַטען פון זייערע פּראָבעס אלס ארגומענט ועגען אונז. די פילאַנטראָפּישע קאָלאָניזאַציע איז צוזאַמענגעבראָכען, די נאַציאָנאַלע וועט געלינגען.

אויב מען זאָל אונז פרעגען, וואָס וועלען מיר אָנהויבען טאָן מיט די זיך באַזעצענדע, וועלען מיר ניט בלייבען אין פאַרלעגענהייט. מיר ווילען זיי מאַכען פאַר אמת׳ע, צום באָדען צוגעבונדענע לאַנד־באַזיצער. זיי זאָלען לעבען אויף דעם באָדען, פון דעם באָדען, ניט ארויסקוקען פאַר׳דאגה׳ט אויף דעם מאַרק־פּרייז ווי קראַפּטלאָזע מאַרק־מענשען. אויפ׳ן מאַרק זאָלען זיי קומען נאָר מיט די פּראָדוקטען וואָס זיי וועלען האָבען מעהר ווי פאַר זייער אייגען געברויך. יעדע קאָלאָניע זאָל זיך אליין פאַרוואַלטען אלס פּראָדוקטיווע פּויערים־גענאָסענשאַפט, אויף די יסודות וואָס מיר האָבען שוין היינט געלערנט פון ערפאַרונג און וויסענשאַפט. אויף די יסודות וועלען מיר מוזען אָנהויבען, ווען מיר וועלען מיט גאָטס הילף קריגען די עפענטליך־רעכטליכע גאַראַנטיעס לויט אונזער פּראָגראַם. אַזוי לאָזט זיך לייגען דער פונדאַמענט פאַר דעם רוהיגען לעבען, נאָך וועלכען עס בענקט אַזוי הערצליך דאָס לאַנג ארומגעהעצטע אידיש פאָלק.

וואָס דאָ וועט אויפשטעהן אויף דעם ברייטען שטאַרקען אונ־טערגעבוי פון א האַרעפּאַשנע לאַנדווירטשאַפטליכע באַפעלקערונג, וואָס פאַר א נייַ־מאָדנער באַקוועמער בנין, דאָס וועט אָפּהענגען פון'ם פאָלק אַליין, נאָכדעם ווי מיר וועלען האָבען פאַרשאַפט איהם די מעגליכקייט צו שמידען זיין אייגען גליק. אַלע כחות פון איר־דענטום וועלען דאַרט האָבען וואָס צו טאָן, די ניט געלערנטע אַזוי גוט ווי די העכסט געבילדעטע. עס וועט מעהר ניט נויטיג זיין אויסצושליסען אידישע קינדער פון די שולען, ווי עס פּאַסירט היינט אין מאַנכע ערטער. און זאָל עס דערמאָנט ווערען, אַלס א צוג וואָס מאַכט אפשר ניט קיין אומ־כבוד די אידען, אז זיי שפּירען די באַשרענקונג אין די עפענטליכע שולען ווי די גרעסטע פון אַלע איצטיגע אכזריות'ן. פון אַנדערע נגישות וועלען מיר בעסער ניט ריידען, ווייל אונזער קאָנגרעס דאַרף ניט ווערען א נייער כותל מערבי פאַר געבראָכענע הערצער. ניט וויינען זאָלען מיר, נאָר שאַ־פען, און שאַפען וואָס מעהר ווייל די ביז־איצטיגע פאַרטרעטער פון אידישע אינטערעסען האָבען זיך ארויסגעוויזען אומפעהיג עפּעס אויפצוטאָן. נדבות שענקען הייסט ניט העלפען. די נדבות זיינען ניט מעהר ווי א קייט וואָס פאַרבינדעט די רייכע לייַדיג־געהער מיט די אָרימע לייַדיג־געהער. די צוויי מינים זיינען אָבער ניט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק.

אין די לעצטע יאָהרען איז, אמת, צוגעקומען נאָך א מין כלומרשט'דיגע הילף: דאָס אריבערשיפען פון די ארויסגעוואָרצעל־טע אייראָפּעאישע אידען אין די נייע וועלט. אין אַנדערע ווער־טער: מען האָט אנטדעקט אמעריקא. לוידער איז די אנטדעקונג גע־קומען א ביסעל צו שפּעט. אמעריקא וויל מעהר ניט וויסען פון אָרימע איינוואַנדערער, גראַד אַזוי ווי ענגלאַנד. עס איז שוין אין אמעריקא אויך דאָ א גרויסער אידישער עלענד. אויך אין אמעריקא הויבט אָן קלאָר צו ווערען, אז די לייזונג, וועלכע מיר שלאָגען פאָר איז די ריכטיגע. א באַווייז דערפאַר איז די וואַק־סענדע צאָל פון ציוניסטישע פאַראיינען, וועלכע ציהען זיך אין א

לאַנגער קייט פונ׳ם סאַמע צפון אין צפון־אַמעריקאַ ביז׳ן סאַמע דרום אין דרום־אַמעריקאַ, פון קאַנאַדאַ ביז אַרגענטינאַ. נאָר אין געוויסע אידישע קרייזען אין מערב־אייראָפּאַ וויל מען בעסער אַלצ־דינג צוגעבען, נאָר ניט דעם אמת, אַז מיר האָבען רעכט.

אונזערע געגנער באַהויפּטען, אַז עס זיינען דאָ פּאָליטישע שטערונגען, וועלכע מען קאָן ניט אַריבערשפּאַנען, אָבער דאָס לאָזט זיך זאָגען אפילו וועגען דער קלענסטער שטערונג, ווען עס פעהלט דער חשק זי אַריבערצושפּאַנען. אין די לעצטע פינף יאָהר, באַ־טראַכטענדיג אַלע צייכענס מיט אַ רוהיגען בליק, האָבען מיר ניט געקאָנט מערקען, אַז די פעלקער און רעגירונגען זיינען געגען אונז. אומגעקעהרט, אויב דאָ און דאָרט האָבען זיך געהערט פריינדלי־כערע שטימען פאַר די אידען, האָט מען עס דעם ציוניזם צו פאַר־דאַנקען. און פון דער אַנדערער זייט דאַרפען אויך רעגירונגען און פעלקער דאַנקבאַר זיין דעם ציוניזם דערפאַר, וואָס מיט זיין לייזונג און שלום־זוכעריי ווייזט ער אָן אַן אויסוועג, דעם אויסוועג אויף וועלכען מען קאָן פאַרטיג ווערען מיט דער אידענפראַגע אָהן מיטעלאַלטערליכע אכזריות, און גאָר זעהר בשלום.

פאַר אַלעם מוזען מיר נאַטירליך פרעגען: וואָס דענקט מען אין טערקיי, וואָס דענקט וועגען אונז דער מאַכטהאָבענדער הערשער? אין מאַי פון דעם יאָהר האָב איך געהאַט די ערע עמפּפאַנגען צו ווערען אין אַ לענגערע אודיענץ פון זיין מאַיעסטעט דעם סולטאַן אַבדול האַמיד. די גוטסקייט און האַרצליכקייט פון דעם עמפּפאַנג האָט מיך אַנגעפילט מיט די בעסטע האָפנונגען. די ווערטער און דאָס פאַרהאַלטען זיך פון זיין מאַיעסטעט האָבען מיר געבראַכט די איבערציינגונג, אַז דאָס אידישע פאָלק האָט אין דעם רעגירענדען קאַליף אַ פריינד און באַשיצער. דער סולטאַן האָט מיך באַפאָל־מעכטיגט דאָס מיטצוטיילען עפענטליך. די אידען פון דער גאַנ־צער וועלט מעגען דאָס וויסען. זיי מעגען אויך פאַרשטעהן וועלכע אויסזיכטען עס ליגט אין דעם פאַקט, און זיי מעגען ענדליך זיין גרייט צו מעשים, דורך וועלכע זיי וועלען קאָנען זיך אַליין העלפען

און אויך מיטהעלפען אויפצובליהען פון דאָס נײַ די טערקישע מדינה.

געערטע קאָנגרעס־מיטגלידער!

מיר, אייערע שלוחים, זיינען פאַרטיג מיט אונזער ערשטער אַר־בייט. מיר זיינען געווען ווי די מעכאַניקער, וואָס האָבען געדאַרפט אויפשטעלען אַן עלעקטרי־פאַבריק. מיר האָבען געבויט די מאַ־שינען, וועלכע קאָנען די קראַפט פאַרוואַנדלען אין שטראָם; מיר האָבען אויך געלייגט די דראָטען צו פיהרען דעם שטראָם, אָפטמאָל אין אַזעלכע פּלעצער, וואָס פריהער האָט אויסגעוויזען, אַז מען קאָן צו זיי ניט צוקומען. דערמיט איז אונזער באַשיידען ווערק אָפּגעטאָן. היינט קאָנט איהר עס באַטראַכטען!

די הויפּטזאַך אין אונזער פאַבריק איז געווען דער קאָנגרעס, אַ פאַרטרעטונגס־קערפּער פאַר די צעשטרייטע אין גאַר דער וועלט, אַ אידישע בימה, וואָס איהר ווערט איז געוואַקסען פון יאָהר צו יאָהר, אַ דאַנק דעם ערנסט און די עהרליכע אָפּזיכטען פון די מע־נער וואָס זיינען דאָ געקומען צום וואָרט. פון דאַנען געהען שוין היינט ארויס סיגנאַל־ווערטער פאַר אַלע גלות־לענדער. אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער, אין נאָרד־ און זיד־אמעריקא, אין נאָרד־און זיד־אפריקא, ביז אין סיביר, אינדיען און אוסטראַליען, זיינען היינט פאַראַן ציוניסטישע פאַראיינען מיט דער באַזעלער פּראָג־ראַם. היי־יאָהר ווערט צום ערשטען מאָל אומעטום כמעט צו דער זעלבער צייט אָפּגעהאַלטען אַ דעמאָנסטראַציע: דער וועלט־ציונים־טען־טאָג! פיעל הונדערטע טויזענדע אידען נעהמען אַנטייל אין דעם.

דורך אונזערע פאַראיינען איז געקומען אין אידענטום אַן אומערוואַרטעט לעבען. די איינצעלנע אָנשטרענגונגען זיינען אומ־צעהליג און צוזאַמען שטעלען זיי מיט זיך פאַר עטוואָס מעכטיגעס. די גייסטיגע און מאָראַלישע ווירקונגען פון דעם ציוניזם זיינען שוין היינט זעהר באַדייטענד, דאָס קאָנען אפילו אונזערע געגנער ניט פאַרלייקענען. אונזער אידעע האָט שוין ארויסגערופען און באַ־

גייסטערט א גאנצע רייהע פון דיכטער, קינסטלער און געלערטע. און וואונדערבאר גענוג: ניט זיי אלע זיינען אידען, ווי מיר האבען שוין געזעהן. דאס באווייזט, אז מיר ברייגנען און זוכען אלגעמיין מענשליכעס. און אין אייניגע טונקעלע ווינקלען פון אונזערע ארימע פאלען שוין ליכט־שטראלען. אין פיעל ערטער ווערען געשאפען אנשטאלטען פאר פאלקסבילדונג. אין שול און אין שטוב וואקסט ווידער אן אידעאל פאר דער יוגענד. אין די אוניווערסיטעטען איז ביי די סטודענטען אריין א נייע נשמה. ארבייטער און געשעפט־אנגעשטעלטע קומען צוזאמען פאר געהויבענע דעבאטען. דערצו זארגט מען פאר די אויסבילדונג פון קערפער דורך אטלעטישע פאראיינען און פאר פריינדליכען פארקער דורך געזאנגפאראיינען. עס קומען אויף קאאפעראטיווען פאר געגענזייטיגע אונטערשטיצונג. דאס אלץ אונטער דעם ציוניסטישען צייכען. אבער מיר קאנען נאר איינארדנען די אנשטאלטען — דאס פאלק אליין מוז זיי ווייטער אויפהאלטען און דערנערען.

און דאס קאן פאר אלעם געזאגט ווערען וועגען דעם פינאנציעלען אינסטרומענט פון אונזער באוועגונג. די אידישע קאלאניאלבאנק אין לאנדאן איז שוין ארבייטספעהיג. די געגנער האבען אויף איהר אנדערצעהלט א סך שלעכטעס אין פאראויס. אבער דא זיינען ניט געווען קיינע רוחים פאר די גרינדער, קיינע פראצענטען פאר מיטהעלפער און קיין נוצען פאר די דירעקטארען, און די פארוואלטער האבען קיין אנדער צוועק ניט ווי צו היטען דאס קהל'שע פארמעגען פון אלע סכנות. מיר מוזען אויך אויף ווייטער אכטונג געבען, אז דאס פארמעגען זאל געהיט ווערען מיט דער גרעסטער עהרליכקייט, שפארזאם און בעסער צו ציטעריג איידער צו פריי. דער קאנגרעס האט די השגחה דורך זיינע פריי געוועהלטע פארשטעהער, און אין דעם ליגט דער ווערט פון דער באנק. וועגען דער פיהרונג מוז אפגעגעבען ווערען עפענטליך דין וחשבון. די מיטלען וואס דארפען דינען פאר די צוועקען פון פאלק קאנען ניט פארשפענדעט ווערען אויף עפעס אנדערש דורך די איינ־

פאַלען אָדער טעותים פון יחידים. דער פינאַנץ־אינסטיטוט מוז געפיהרט ווערען לויט די תקנות וואָס דער קאָנגרעס האָט געמאַכט אין פאָראויס און מיט ציטעריגער פּאָטערליכער געטריישאַפט. און איצט, ווען דאָס עקסיסטירט שוין, קאָנען מיר זיך אויך נעהמען צו דער אויספיהרונג פון'ם פלאַן, וועלכען אונזער אומשטערבליכער פריינד, דער הײדעלבערגער פּראָפעסאָר שאַפּירא, האָט פאָרגעלייגט פאַר דעם ערשטען קאָנגרעס: צו שאַפען דעם נאַציאָנאַל־פאָנד. דאָס געלט וועט דעפּאָנירט ווערען אין דער קאָלאָניאַל־באַנק אין לאָנדאָן. אין לויף פון אונזערע פאַרהאַנדלונגען וועט איהר זיך באַקאָנען מיט דעם נייען פּלאַן און וועגען איהם באַשליסען. דאָס פאָלק זאָל זיין ניט נאָר דער גרינדער, נאָר אויך דער אייביגער בעל־הבית איבער דעם תכלית־פאַרמעגען. דאָס וועט מאַכען אוממעגליך אז דער פאָנד זאָל פאַרוועגדעט ווערען הפקר'־דיג, ניט נאָך די אָפּזיכטען פון'ם גרינדער.

אַזוי קאָנען מיר אין אַ געוויסען זינען זאָגען, אַז מיט אונזער ערשטער אויפגאַבע זיינען מיר פאַרטיג. אין פיעל הינזיכטען זיינען די אינסטיטוציאָנען בלויז אַן אָנפאַנג און לאָזען זיך פאַרבעסערען, אבער זיי זיינען דאָ. דאָס אידישע פאָלק, אויב עס וועט וועלען, קאָן זיי אויסבויען, פאַרשטאַרקען און באַנוצען. מיר האָבען זיך באַמיהט אַלץ איינצואָרדנען אויף אַן אומפּערזענליכען אופן. נאָר אַזוינס קאָן האָבען אַ קיום. היינט איז ניטאָ ביי אונז קיינער וואָס מען זאָל אָהן איהם ניט קאָנען זיך באַגעהן. ווער פון אונז זאָל ניט פאַרשווינדען אָדער ארויספאַלען פון דער שורה, די זאַך וועט אָנגעהן ווייטער.

ווי שנעל אָדער ווי לאַנגזאַם עס וועלען קומען די ווירקונגען פאַר וועלכע מיר גרייטען זיך צו, דאָס קאָנען מיר ניט זאָגען באַשטימט. פון אונז הייננט דאָס ניט אָפּ. מיר האָבען נאָר געקאָנט אויפשטעלען די פאַבריק, די טרייבענדע קראַפט קאָנען מיר ניט צושטעלען. די קראַפט מוז געליפערט ווערען פון אידישען פאָלק — אויב עס וויל.

# דוימערלע און בוימערלע.

ארום דער שטאָט, וואו אצינד ליגען אויסגעלייגט ווילעס ווי סאַמע שלעסער אין גרינע גערטנער — האָבען אַמאָל דוימערלע און בוימערלע ברייטלאַך ארומשפּאצירט. דאַמאָלט — עס איז געווען מיט אַ יאָהר דרייסיג צוריק — זיינען דאָרט פעלדער געלעגען, וועלכע האָבען נאר געטראָגען דאס זיך ענדערענדע קלייד פון די פארשידענע צייטען פון יאָהר.

דוימערלע און בוימערלע — אייגענטליך האָבען זיי אנדערש געהייסען, אבער פאר אונזער דערצעהלונג וועט עס גענוגען, ווען מיר וועלען זיי רופען מיט דעם צונאָמען, וועלכען זיי האָבען גע־קראָגען, ווען זיי זיינען נאָך אינגלאַך געווען. נאָך אַ געוויסער צייט איז עס סיי־ווי־סיי גלייכגילטיג ווי אזוי זיי, אדער אויך ווי אזוי מיר האָבען געהייסען.

די יונגע חברה אין חדר זעהען אָפּט שוין דעם גאנצען מענשען פאָראויס, ווען זיי גיבען איינעם פון זייערע חברים אַ צונאָמען לויט זיינע איינענשאפטען. סוף־כל־סוף איז עס ניט קיין גרויסע קונסט צו אנטדעקען דעם אָקס אין אַ קאַלב. די שפּאַט־נעמען דוימערלע און בוימערלע האָבען איבריגענס ניט געהאט קיין זעהר טיפע באַ־דייטונג. דוימערלע איז געווען קורץ, קליין ווי דער גראָבער פינגער פון דער האַנט, און בוימערלע איז געווען מאגער, אויסגעצויגען, אַ שטעקען, וועלכער וויל ווערען אַ בוים. פון דער יוגענד־צייט פון די צוויי אינגלאַך שטאַמט די געשיכטע ווי אזוי זיי האָבען דעם

דאמאָלט נאָך גאַנץ טונקלען ערד־טייל אפריקא געוואָלט דורכ־רייזען. צוזאמען האָבען זיי געהאט צעהן גולדען. אָט דעם גרויסען רייזע־אוצר האָבען זיי צוטיילט אין צוויי גלייכע טיילען. פאַר איין העלפט האָבען זיי איינגעקויפט גלעזערנע פערל פון פארשידענע פאַרבען, ווייל יעדער איינער ווייסט דאך, אז ביי די ווילדע פעלקער קאָן מען דערפאַר אלעס קריגען. פאַר דער צווייטער העלפט האבען זיי ווארשט פאַר דער רייזע איינגעקויפט. די וואורשט — דאס איז געווען דוימערלע'ס גייסטיגעס אייגענטום; די גלעזערנע פער־לען — דאס האָט בוימערלע דורכגעפיהרט. פון איהם איז אויך דער גאַנצער פּלאן פאַר דער אנטדעקונגס־רייזע ארויסגעקומען. זיי זיינען אזוי לאַנג געגאַנגען ביז די וואורשט האָט זיך אויסגעלאָזט. דערנאָך האָבען זיי זיך געמוזט אומקערען און אריינכאַפּען די פּעטש פון זייערע פאָטערס. דוימערלע האָט א געקרענקטער געשוואָרען קיינמאָל מעהר ניט צו אונטערנעמען די אנטדעקונג פון אן ערד־טייל. בוימערלע וויעדער האָט א נדר געטאָן, דאָס נעקסטע מאָל נאָר פּערל מיטצונעמען, ווייל ביי אָט דער פּראָבע איז מען געווען צו־פיעל אָפּהענגיג פון דער וואורשט. מען מוז פון די ערפאַרונגען לערנען. איבעריגנעס איז דער לאַנגער בוימערלע אין זיינע שול־יאָהרען געווען פּיעל גליקליכער ווי דער קורצער דוימערלע, ווייל בוימערלע האָט זיך תמיד געפרייט דערוואַרטענדיג זיינע קאָניקו־לעס, דאָס הייסט אלזאָ גאַנצע צעהן חדשים. און נאָר אין די פּרייע וואָכען איז ער געווען זעהר שלעכט געשטימט, ווייל ער האָט גע־פיהלט די אָנקומענדע לעהרצייט רוקט זיך אויף איהם אָן ווי א שווערער יאָך. דוימערלע אָבער האָט שטענדיג געליטען פון דער בילדונג און האָט פאַר פרייד געטאַנצט, ווען די לעהר־טעג זיינען אונטערבראָכען געוואָרען.

שפּעטער האָבען זיי מערקווירדיגע פּאַסירונגען מיטגעמאַכט. וויינינגסטענס האָט דער קורצער געמיינט, אז זיינע ערלעבנישען טרעפען זיך דאָס ערשטע מאָל אויף דער וועלט. דאסזעלבע האָט דער לאַנגער געטראכט וועגען זיך. דוימערלע האָט אלס יונגער מאַן

זיך באקענט מיט א מיידעל וואס איז אראפ פונ׳ם גוטען וועג, ווייל זי האט אבער געהאט נדן, האט ער מיט איהר שנעל חתונה גע־האט. אט דער באשלוס איז ביי איהם פלוצלונג אנגענומען גע־ווארען נאך א בעראטונג מיט זיין פריינד. יענער האט זיך קאַ־טעגאריש ארויסגעזאגט געגען אזא חתונה. דוימערלע האט וועגען איהם אזא גרינגע מיינונג געהאט, אז ער האט פאר אומבאדינגט־קלוג געהאלטען אלץ, וואס דער ניט־פראקטישער האט אפגעראטען. אבער דוימערלע איז שפעטער א גרויסער בעל־חרטה געווען, און נאך זיין חתונה פלעגט ער זעהר אפט זיפצען: „אך, בוימערלע האט רעכט געהאט! אך, בוימערלע האט רעכט געהאט!“

און בוימערלע אליין האט פאר זיך ווירקליך געהאנדעלט, ווי זיין עצה איז געווען. ער האט זיך ניט געאיילט חתונה צו האבען מיט א שעהנער פופע אדער זעקעל געלט. ער האט גוט איבערלייגט און איבערגעטראכט, ווען די געלעגענהייט אדער דער נסיון האט אין זיין טיר אנגעקלאפט.

האט זיך געטראפען, אז איינמאל אין א פריהלינג־טאג זיינען זיי צוזאמען געגאנגען שפאצירען. בוימערלע האט פילאזאפירט — אט ווי עס איז שוין זיין געוואוינהייט געווען, און אנגערופען האט ער זיך צו זיין פונ׳ם הייראט׳ס־שיקזאל דערשלאגענעם פריינד ווי פאלגט: „א פרוי נעמט מען ניט נאר פאר די האניג־וואכען, נאר פאר אלע פאלגענדע טעג און נעכט פונ׳ם לעבען. דערפאר ווער עס וויל ריכטיג וועהלען, דער וועט נעהמען אין אכט ניט נאר דאס מיידעל, נאר אויך איהר מוטער.

דוימערלע האט אבער צופעליג אין יענעם טאג אין דער היים קיין פארדרוס ניט געהאט און ער איז אין א גוטער שטימונג געווען. ער האט דערפאר געענטפערט: „אויב אזוי, האב תיכף חתונה מיט דיין שוויגער־מוטער, אויב זי איז אן אלמנה.“

„מיין ליעבער“ — האט בוימערלע געלאסען געענטפערט — „יעדער איינער האט חתונה מיט זיין שוויגער־מוטער. ער באמערקט עס נאר ניט אין ערשטען אויגענבליק. געוויס, קאן עס מיט מיר

ניט פּאַסירען. איך האָב זיך צוגעוואוינט צו באַטראַכטען די מענ־
שען ניט נאָר, ווי זיי זיינען גראדע אצינד, נאָר אויך לויט זייער
קינפטיגער געשטאַלט.״

— „צום טייוועל!״ האָט דוימערלע אויסגעשריען; אבער עס
איז ניט געוועזן קלאָר, צו האָט זיך עס באַצויגען אויף דער קלוג־
שאַפט פון זיין פריינד, צי גאָר אויף דער פאַרבייגעהענדער ווײַ־
בעל, וועמען ער האָט שטאַרק נאָכגעווינקט.

— „געוויס״ — האָט בוימערלע פאַרטגעזעצט — „דאָס ביז
איך נאָר אזוי ווייט. איך גלויב, אז ס'איז זעלטען, אז א מענש
זאָל עס אזוי ווייט ברענגען. איך קאָן מיר די צוקונפט קלאָר פאַר־
שטעלען.״

„און אויב אפילו!״ — האָט דוימערלע אויסגערופען.

„אַ גוטער ברודער — דאָס איז זעהר פיעל! אין דעם אינגעל
זעה איך דעם מאַן, אין דעם מאַן — דעם זקן.״

„און וואָס האָסטו דערפון?״

בוימערלע האָט ניט תיכף די תשובה געפונען. „וואס איך האָב
דערפון? דו ווייסט דאָך — דו ווייסט דאָך, עס איז תמיד גוט, ווען
מען זעהט די זאַכען פאַראויס.„

„צוליעב וואס איז עס גוט?״ — האָט דער אנדערער גאַנץ
געלאַסען געפרעגט.

איצטער האָט שוין בוימערלע די זיגרייכע תשובה געהאַט:
„כדי מען זאָל אין א גרוב ניט אריינפאַלען, ווי עס האָט מיט איי־
נעם פון מיינע באַקאַנטע פּאַסירט, וועלכער וואַרפט זיך גערן אויף
די ערשטע אנטקעגען־קומענדע פאַרטיילען.״

דוימערלע האָט די אויגען אראָפּגעלאָזט און האָט א געער־
גערטער עפּעס ווייטער געמורמעלט. א ווײַלע שפּעטער האָט ער
אָנגעהויבען פון עפּעס אנדערש צו ריידען: „גלויבסטו ניט, אז עס
פיהלט זיך עפּעס דאָ אין די ענגע גאַסען?״

„געוויס פיהלט זיך״ — האָט בוימערלע פריינדליך באַשטע־

טיגט. „מיר שיינט, אז עס קומט דערפון וואס די לייט עפענען די פענסטער אין פריהלינג און די שלעכטע לופט שטראָמט ארויס פון די וואוינונגען אויף דער גאס. דאס זיינען די מענשען וואס ברייני גען ארויס אזוי פיעל גיפטיגע שטאָפּען איינער פאר דעם אנדערן."

„דאס איז ווידער איינע פון דיינע ערקלערונגען" — האָט דוימערלע געלאַכט.

אָבער דער לאַנגער איז שטעהן געבליבען און האָט מיט אויס־געשטאַרצטע אויגען אין די ווייטקייט געקוקט:

„קום, איך וויל דיר עפּעס צייגען."

גראדע איז דאַמאָלט אן אמניבוס־וואָגען נעבען זיי פאַרבייגע־פאָהרען. אויף א צייכען האָט דער קוטשער זיין מאָגערע שקאַפּע אָפּגעשטעלט. אין פאָדערשטען טייל פונ'ם וואָגען זיינען נאָך צוויי פון די זעקס פּלעצער ליידיג געווען. דוימערלע'ן איז אויסגעקומען צו זיצען נעבען א יונגער פרוי, וועמעס אנגענעמע קיילעכדיגע פי־גור ער האָט געקאָנט פיהלען ביי יעדען שטאַרקערן טרייסעל פונ'ם וואָגען. די מיידעל, וואָס איז געזעסען אנטקעגען איהם האָט געהאט לאַכענדע אויגען, גריבלאַך אין די באַקען און איהרע לאָקען האָבען פון אונטער איהר היטעל ארויסגעשטראַלט ווי גאָלדענע. אויגענבליקליך האָט ער מיט זיי א געשפּרעך פאַרפיהרט און זיין הארץ האָט זיך צווישעןביידע געוואַקעלט. די רייזע איז אויפ'ן גליקליכסטען אופן פאַראיבער.

„אָט אזוי, דא וועלען מיר אויסשטייגען" — האָט איהם זיין פריינדס שטים אויפגעוועקט.

דוימערלע האָט זיך געשעמט צו זאָגען, אז ער וואָלט נאָך אין וואָגען געהאט וואָס צו טאָן. א פאַרהייראַטער מאן! ער איז אַלזא מיט א זיפץ ארויסגעקראָכען און האָט זיין נשמה אריינ־געלייגט אין דעם אָפּשיד, וועלכער איז דורך א שמייכעל פון דער פרוי און דורך דאָס רויט ווערען פון דער מיידעל באשטעטיגט גע־וואָרען.

„די רייזע איז דיר מסתמא גאנץ לאנג פארגעקומען“ — האָט בוימערלע באַמערקט.

„קיין סימן ניט. און דיר?“

„א. איך לאנגווייל זיך קיינמאָל ניט. איך קאָנצענטריר מיינע באטראכטונגען אויף די מיט־רייזענדע.“

„ווי אזוי מיינסטו עס?“ — האָט דוימערלע געפרעגט אבי־סעל אומזיכער.

אָבער דער גרויסער באַאָבאכטער האָט ווי געוויינליך גאָרניט געזעהן. און ער האָט געענטפערט: „ווען איך געפין זיך מיט מעה־רערע מענשען צוזאמען, פּרואוו איך מיר פאַרשטעלען, וואס עס וועט מיט זיי געשעהן. איין זאך איז זיכער, און דארויף לאָזען זיך די שעהנסטע קאָמבינאַציעס בויען: אז זיי וועלען אלע שטאַר־בען. אין דרייסיג, פערציג, שפּעטסטענס פופציג יאָהר ארום — זייַנען זיי אונמער אלע אומשטענדען טויט. שטעל דיר פאַר: מיר זעקס, וועלכע זיינען ערשט צוזאמען אויפ׳ן וואַגען געזעסען. ווי ווייט וועלען מיר ליעגען איינער פון אנאנדער און וואו?“

„הער אויף“ — האָט דוימערלע אונטערבראָכען — „איך וואָלט שוין בעסער געפאָהרען ווייטער מיט די פרויענצימער, אייַדער פון דיר אזעלכע שרעק־ווערטער אויסצוהערען.“

„פייגלינג! פאַר מיר איז דער טויט א באגלייטער אין אלע שטונדען. ער פאַרניכטעט מיינע פריידען, אָבער ער מילדערט אויך מיינע שמערצען. דו קאָנסט איהם ניט אויסמיידען, עס איז אלזא בעסער, ווען דו געוואוינסט זיך צו צו איהם. זעה, אָט זיינען מיר פריהער געפאָהרען מיט א ליעבליך, יונג מיידעל...“

„ברודער־לעבען, דו האָסט זי אלזא אויך באַמערקט?“

„צו איך האָב זי באַמערקט? איך האָב זיך דערמיט אונטער־האַלטען, ווען איך האָב מיר איהר טויט־מאַסקע פאַרגעשטעלט. ווען זי זאָל היינט שטאַרבען, וואָלט זי געווען פון אידעאַלער שעהנקייט. איהרע געזיכט־צוגען זיינען אזוי ריין. שטעל זי דיר פאַר אין אָט דעם גראַציעזער יוגענד א פאַרגליווערטע. קיין סקולפּטאָר וואָלט

ניט געקאנט עפעס איידעלערס אויסהאקען, ווי דער בלייבער לייב וואלט געוועזן. אבער אזוי וואונדערפול וועט זי ניט ענדיגען. זי וועט פארדארבען אדער פעט ווערען. אין איהר לעצטע מאסקע וועט זי זיין העסליך..."

„געננג!" — האט דער אנדערער אויסגעשריען. „אויב דיך אמוזירט עס — מיך אמוזירט עס גארניט. האסטו מיך אהער ארויסגענארט, אום פאר מיר אזא שרעקענס־געשפענסט צו מאלען. קיינמאל קריגסטו מיך מעהר ניט."

„ניין, ניין." — האט איהם בוימערלע בארוהיגט — „ניט דאס איז מיין אפזיכט געוועזן... עפעס אנדערש. קוק דיך ארום! וואס באמערקסטו דא?"

„פעלדער" — האט דוימערלע געענטפערט.

"אחוץ דעם גארנישט?"

„אחוץ דעם גארנישט... א, יא דארט זיינען די לעצטע הייזער פון דער שטאט, און איך וואלט דא אליין ניט ארומגעגאנגען ווען עס ווערט פינסטער."

„נארישע אויגען! איך וויל דיר די צוקונפט ווייזען!"

„אבער, איך בעט דיך, ניט שרעקענדיגעס. איך פארטראג עס ניט!"

„זארג זיך ניט! איך וועל פארקעהרט דיר דאס לעבען ווייזען, וואו עס האלט אין בעסטער בליהונג. אין איניגע יאהר ארום וועלען דא די פיינסטע לייט וואוינען".

„כא, כא, כא, אויף די פעלדער? איך זעה נאך ניט די גע־צעלטען אויפגעשלאגען".

„ווער רעדט פון געצעלטען? דא וועלען שטעהן גרויסארטיגע הייזער, ארומגערינגעלט מיט גערטנער. דו אליין האסט אנגעוויזען, ווי שלעכט ס'האט זיך אין די ענגע גאסען געפיהלט. מענשען וואוינען דארט צו געדיכט. עס פאליובעט זיי ניט. זיי ווערען קראנק און שטארבען צו־פריה".

„הויבסט שוין ווידער אן?"

„ענטשולדיג. לאָמיר בעסער זאָגען: זיי לעבען ניט אַזוי גוט און אַזוי לאַנג, ווי זיי וואָלטען געקאָנט. פלאַנצען און חיות נויטיגען זיך אין לופט און ליכט. א מענש אויך. די שטאָט מוז זיך פארברייטערן. זי מוז. זי וועט. ווייסטו ווי אַזוי איך רוף אָט די ליידיגע פעלדער, אויף וועלכע עס וועט זיך ניט איין גרויסע געביידע ערהויבען? איך רוף זיי: די צוקונפט! דאָ וועט זיין פלאַץ פאר גליקליכערע מענשען, פון דער נאַטור פאַרמירירט. פון דער קונסט דערהויבען. דאָ וועט מען מאַכען די גרויסאַרטיגע שפּאַציר־פּלעצער און ביליג.“

„ביליג!“ האָט דער קליינער פאַר׳חלום׳ט געמורמעלט.

„יאָ, שפּאָט־ביליג. אין דער שטאָט מוז מען צוערשט א הויז אַראָפּרייסען, ווען מען וויל א נייע הויז בויען, און די פּלעצער זיינען דערפאַר שרעקליך טייער. דאָ אבער קאָסטען די פעלדער כמעט ווי גאָרניט. שטעל דיר פאָר, ווען מען וועט דאָ די אומגליקליכע איינוואוינער פון דער שטאָט פאר דעמזעלבען געלט אָדער ביליגער, פּראַכטפולע וואוינונגען פארשלאָגען — וועלען זיי דאָך ניט איבערשרעקען זיך פאר דעם שטיקעל וועג“.

„די רייזע אין אַמניבוס איז מעהר אַנגענעם“ האָט זיך דווימערלע דערמאָנט. א געדאַנק איז איהם דורכגעלאָפען צוהערענדיג זיך צו די פאַנטאַסטישע ווערטער פון זיין חבר. אָבער אלס פּראַקטישער מענש האָט ער אָט די השערות געוואָלט אויסרעכענען א פריהער אין גוטע, פעסטע, באַגרינדעטע ציפערן; ס׳האָט זיך אין איהם דערוואַכט דאָס אַלטע מיסטרויען פון דער אַפריקאַנישער רייזע, וועלכע איז אַזוי ווייט געגאַנגען ביז די וואָרשט האָט זיך אויסגעלאָזט. די אויסרעכנונגען האָבען געוויזען א גרויסען געווינס, און דערביי האָט זיך דווימערלע דערשראָקען: אפשר זיינען שוין אַנדערע ביטראַקעם אויף דעם גרויסאַרטיגען איינפאַל געפאַלען? כ׳ען וואָלט דערפאַר די זאַך אויגענבליקליך געדאַרפט אַפּטאָן. און דאָס האָבען זיי אויך באַלד אויפ׳ן אָרט געטאָן. דער פּויער, צו

וועמען די פעלדער האָבען באַלאַנגט, איז באַלד אויפגעזוכט געוואָרען. שנעל האָבען זיי מיט איהם אָנגעהויבען פאַרהאַנדלען. און האָבען איהם באַשטעלט פאר דעם נעקסטען טאָג אין שטאָט אריין אָפּצושליסען דעם קאָנטראַקט. דוימערלע האָט אַן אומרוהיגע נאַכט געהאַט: דער פויער קאָן נאָך אפשר חרטה האָבען. נײַן, ער איז געקומען, און מען האָט דעם מסחר אָפּגעשלאָסען.

ביז אהער איז די זאַך פאַרהעלטניסמעסיג שנעל געגאַנגען. די צוקונפט האָט צו זיי באַלאַנגט. דוימערלע און בוימערלע האָבען אין זייער באַגייסטערונג אלעס וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט אין דער פראַכטפולער אונטערנעמונג ארייננעלעגט. איצט האָט מען זיך געדאַרפט נעמען צו שאַפען די ווייטערדיגע מיטלען פאר דעם אויסבוי פון דעם געדאַנק און דערביי האָבען זיך די שוועריגקייטען אָנגעהויבען. דוימערלע איז ארומגעלאָפען און זיך באַמיהט שותפים צו געפינען. און דאָ איז ער שעהן ארייננעפאַלען. דאָס איז א משוגענער איינפאַל. קיינער וועט זיך ניט וועלען אַזוי ווייט פונ׳ם מיטעל־פונקט דערווייטערן. ער האָט זיך באַמיהט בוימערלע׳ס פייערליכע ערקלערונגען נאַכצומאַכען און ער האָט פאַנטאַזירט וועגען דעם, ווי גראַנדיעז די צוקונפט וועט אויסקוקען. די פראַקטישע לייט האָבען איהם אויסגעלאַכט. ער איז אין זייער אכטונג געזונקען. און אין די אומזיסטיגע אָנשטרענגונגען איז ער שרעקליך אין כעס געוועזען אויף דעם נאַר וואָס האָט איהם פאַרפיהרט. בוימערלע האָט הויכמוטיג מיט די אַקסלען געצויגען: דאָס ניט פאַרשטעהן פון די מיטעל־מעסיגע באַווייזט גאָר ניט. ער האָט עס איהם באַוויזען מיט ביישפילען פון דער געשיכטע. דערמיט האָט ער זיין פאַרצווייפעלטען חבר אויף א ווײַלע באַרוהיגט ביז די טרייסטונגען האָבען זיך אָפּגענוצט. א צייט איז פאַרגאַנגען. זיי האָבען זייער פאַרמעגען מעהר ניט געזעהן. און דאָ האָט דוימערלע — אין א טרויעריגער שטונדע — געמאַכט דעם פאָרשלאַג, אַז זיי זאָלען זייער צוקונפט איבערקויקען.

ווידער זיינען זיי אין אַן עהנליך זיך טרייסלענדען וואָגען

ארויסגעפּאָרען. דאָס מאָל האָבען זיי קיין אנגענעמע רייזע־געזעלשאַפט ניט געהאַט. עס האָט גערעגענט. עס איז געווען הערבסט. ביי דוימערלע׳ן איז די נשמה שיעור ארויסגעפאַלען, יאָ, עס איז אַזוי ווייט געווען. פּשוט אוממעגליך. די צוקונפט האָט זיך ווידער פאַרוואַנדעלט אין ליידיגע ניט באַארבייטע פעלדער. און ניט איין הייסער שטרייט האָט צווישען די פריינד אויסגעבראָכען. דוימערלע האָט דעם אנדערען אזוי לאַנג געמוטשעט, ביז יענער האָט איינגעוויליגט די צוקונפט ווידער אמאָל איבערצוהאָקען. דאָס האָט מען נאָר מיט א גרויסען פאַרלוסט געקאָנט דורכפיהרען. זיי האָבען דעם פויער אויפגעזוכט און ער האָט זיך געלאָזט איבעררייידען אום די פעלדער פאַר העלפט פון דעם פריהערדיגען פּרייז צוריק צונעמען. בוימערלע אָבער האָט זיך ערגיץ אין א זייט א קליין שטיקעל לאַנד צוריקגעלאָזט, און דאָרט האָט ער פאַר זיך אַ קליין הויז געוואָלט אויפבויען, ווייל ער האָט כסדר אין דער צוקונפט געגלויבט. ער האָט אויך אנגעהויבען עס צו בויען.

ווען עס איז פאַרטיג געוואָרען, האָט ער זיך אהין איבערגעקליבען און דאָרט אין דער איינזאַמקייט געוואוינט. צווישען איהם און דער שטאָט זיינען די פעלדער געלעגען, וועלכע האָבען נאָר דאָס זיך ענדערענדע קלייד פון די פאַרשידענע צייטען אין יאָהר געטראָגען. ווען מען האָט ביי דוימערלען וועגען איהם זיך נאָכגעפרעגט, האָט ער געענטפערט: פאַלשטענדיג געבראָכען. זיי האָבען זיך פיעל יאָהרען ניט געזעהן. דערווייל האָט זיך אם נעקסטען זומער אם ענדע פון דער שטאָט א נייער משוגענער באַוויזען. וועלכער האָט א גאָרטען פאַרפלאַנצט און אין איהם די ערשטע ווילע אויפגעשטעלט. אַט דעם ביישפּיעל האָט יאָהרענלאַנג קיינער ניט נאָכגעפאָלגט און עס האָט אויסגעזעהן לעבערליך. שפּעטערצו איז א צווייטער געקומען. באַלד נאָכדעם האָט זיך באַוויזען א גאַנצע גרופּע קאָלאָניסטען. און ווייל זיי זיינען איינינגע געווען האָט שוין די זאַך ניט אויסגעזעהן מעהר אַזוי ווילד. די מער־

הייט זאָגט אונז תמיד, וואָס עס איז קלוג, און וואָס ניט. דער סוף האָט זיך אויסגעלאָזט, אז די זיינען געווען די קליגסטע, וועל־כע האָבען די ענגע גאַסען פאַרלאָזט, כדי אין דער גרינער פריוהייט צו לעבען. און פאַמעליך האָט עטוואָס וואונדערבאַרעס פּאַסירט. א פּנים, אז די לעצטע הייזער האָבען זיך אין באַוועגונג געזעצט, ווייל דער פרייער פּלאַץ צווישען בוימערלע׳ס הויז און דער שטאָט איז אַלץ שמאָלער געוואָרען. עס האָט אויסגעזעהן גלייך ווי די ברעגעס וואָלטען פאַרשוואונדען, און א פאַרפלייצונג האָט זיך גע־האַלטען אין דערנענטערן.

און ווען זיי זיינען שוין נאָהענט געווען, אַזוי נאָהענט, אז בוימערלע׳ס אָרים הייזעל איז שוין געשטאַנען אויף א גאַס, וועל־כע האָט זיך געהאַלטען אין בויען — האָט איהם איינמאָל איבער־ראַשט דער וויזיט פון א ווייס־האָריגען קאַרליק. דאָס איז געווען דער אויסגערעכענטער, דער פּראַקטישער, דער וועלכער האָט חרטה געהאַט. דאָס מאָל האָט איהם נאַטירליך אויף עפּעס אַנדערש באַנג געטאָן. ער האָט זיך אָבער דאָך געוויצעלט וועגען די אַלטע צייטען און די פריהערדיגע טעותים. — „זאָג מיר נאָר, כ׳בעט דיך" — האָט ער זיך ענדליך אָנגערופען — „וואו זיינען אונזערע פעל־דער געלעגען? איך דערמאָן זיך ניט מעהר. דו ווייסט עס מסתמא. דו ביזט דאָך דאָ געבליבען און האָסט געוואָרט אויף דער שטאָט. וועלכע שטיק האָט אונז געהערט? האָט זיך עס ניט אָנגעהויבען פון דאָרט, וואו עס שטעהט איצט דער ראָקאָקאָ־פּאַלאַץ ביז אריבער צו דער רויטער ווילע? זאָג מיר כ׳בעט דיך — וואו ליגט אצינד די צוקונפט?"

און דער בעל־הבית האָט איהם צוגעפיהרט צו א פענסטער, וועלכעס איז אויף דער אַנדערער, פון דער שטאָט אָפּגעקערטער זייט געלעגען. וויט, וויט ביז צום האָריזאָנט, האָט מען געקאָנט זעהן נאָר לעדיגע פעלדער. בוימערלע האָט וויזענדיג אהין זיין האַנט אויסגעשטרעקט און געענטפערט: „דאָרט!"

4טען אַפּריל, 1902.

# הערצל פאַר דער לאָנדאָנער קאָמיסיע פאַר פרעמדע.

מאָנטאָג, דעם 10־טען יולי 1902 איז אין קאָנסטאַן־האָל וועסטמינסטער אָפּגעהאַלטען געוואָרען די 16־טע זיצונג פון דער קעניגליכער קאָמיסיע, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פון דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט צו שטודירען די פראַגע וועגען דער איינוואַנדערונג פון פרעמדע. דערוואַרטענדיג דר. הערצל'ס פאַרהער — היות ווי די זיצונגען זיינען געווען עפענטליך — איז דער זאַל געווען איבערפולט. מען האָט צווישען די אַנוועזענדע געקאַנט באַמערקען פיעל אידען פון איסטענד און אויך די באַקאַנטעסטע ציוניסטען איבער'ן לאַנד. איידער די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבען, האָט זיך דר. הערצל זעהר פריינדליך אונטערהאַלטען מיט די קאָמיסי־מיטגלידער — וועלכע זיינען אַלע אַנוועזענד געווען. די נעמען פון די קאָמיסיע־מיטגלידער זיינען: פּאַרזיצענדער — לאָרד דזשיימס אָוו הירפאָרד, קאַבינעט־מיטגליד; לאָרד ראָטשילד, מיטגליד פון לאָרד־הויז; מר. אַלפרעד ליטעלטאָן, מאַיאָר וו. ע. איוועגס־גאָרדאָן; מר. הענרי נאָרמאַן — פּאַרלאַמענט־מיטגלידער; סער קענעלם דיגבי און מר. וויליאַם וואַלענס.

דער ערשטער עקספּערט אויסגעהערט צו ווערען — איז דר. טעאָדאָר הערצל.

איידער דער פאַרהער האָט זיך אָנגעהויבען, האָט מר. נאָרמאַן גענומען דאָס וואָרט און האָט געזאָגט: „פונ'ם אָנהויב אָן איז עס אפילו באַשטימט געוואָרען, אז איך זאָל שטעלען פראַגען צו דר.

הערצל. איך גלויב אבער, אז עס וואלט געווען א געווינס אין צייט און אויך וואלט עס פאראיינפאכט די פראצעדור, ווען מען זאל פריהער פארלעזען די מיינונגס־ערקלערונג וואס דר. הערצל האט געמאכט."

תיכף נאך דער באמערקונג האט מאיאר גארדאן פארגע־לעזען דר. הערצל'ס פאלגענדע שריפטליכע מיינונגס־ערקלערונג:
פריהער מיט זיבען יאהר, ווען איך האב אין פאריז געלעבט, האט די לאגע פון דעם אידענטום געמאכט אויף מיר אזא איינדרוק, אז מיין אויפמערקזאמקייט איז צוגעצויגען געווארען צו דער אידענפרא־גע און כ'האב פארעפענטליכט א בארשורע אונטער דעם נאמען „דער אידענשטאט".

שוין פונ'ם אנהויב אן מוז איך באמערקען אז אין אנהויב האב איך ניט געדענקט צו פארעפענטליכען די בראשורע אדער אנטייל־צו־נעמען אין א פאליטישער באוועגונג. ווען איך האב אבער ארויסגעזאגט מיין מיינונג צו א געוויסער צאל פון איינפלוס־רייכע אידען און ווען איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אז זיי איגנארירען פאלשטענדיג די פון מיר שוין דאמאלט פאראויס־געזעהענע געפאר און אז זיי זעהען ניט דעם גרויסען, שווארצען וואלקען וואס ציהט זיך צוזאמען אויפ'ן אריענט — האב איך פאר־עפענטליכט מיין בראשורע, וועלכע האט ארויסגערופען די ציונים־טישע באוועגונג אין איהר איצטיגער פארם.

דער ערשטער ציוניסטען־קאנגרעס איז אפגעהאלטען געווארען אין באזעל, שווייץ, אין יאהר 1897. און איך בין דערוועלט גע־ווארען פאר זיין פרעזידענט. אויף אלע נאך איהם קומענדע קאנ־גרעסען בין איך געווארען פארטרויט מיט דעמזעלבען אמט. מיין שטעלונג אלס פיהרער פון דער ציוניסטישער באוועגונג ברענגט מיך אין ענגער בארירונג מיט אידען, וועלכע לעבען צוזייט אין אלע טיילען פון דער וועלט. און דערפאר זיינען מיר די פארהעלט־נישען אויף־ווי־וויט זיי בארירען דאס אידענטום אין אלגעמיין, און ספעציעל די לאגע אין די מזרח־לענדער פאלקאמען באקאנט.

איך באדויער וואָס איך מוז פעסטשטעלען, אז די לאַגע פון די אידען איז היינט־צו־טאָג נאָך פיעל ערגער ווי זי איז געווען פרי־הער מיט זיבען יאָהר, צו־דער־צייט, ווען איך האָב מיין בראָשורע פאַרעפענטליכט. שוין; ניט רעדענדיג וועגען אנדערע זאכען, וועט זיין גענוג ווען איך זאָג, אז דאמאָלט האָט נאָך ניט עקסיסטירט די ווירקליכע אדער פאָטענציאַנעלע נויטווענדיגקייט צו באַשטימען אין ענגלאַנד א קאָמיסיע פאַר איינוואנדערונג פון פרעמדע.

איך וואָלט זעהר ניט וועלען אז עס זאָל אויסגעטייטשט ווע־רען ווי א בארימעריי, ווען איך זאָג, אז איך האָב שוין דאמאָלט פאָראויסגעזעהן דאָס ארויפשווימען פון דער אידענפראַגע אויך אין דעם לאַנד. אין דער פון מיר אין יאָהר 1896 פאַרעפענטליכער בראָשורע „דער אידענשטאַט" — האָב איך געזאָגט פאָלגענדעס: „די אידענפראַגע באַשטעהט איבעראָל וואו אידען לעבען פאַר אין א גרעסערער צאָל, און דאָרט וואו זי עקסיסטירט ניט ווערט זי מיטגעשלעפט דורך די אהין איינגעוואנדערטע.

אין איבעראיינשטימונג מיט דעם נאַטור־געזעץ ציהען זיי זיך נאַטירליך נאָך יענע ערטער אין וועלכע זיי ווערען ניט פאַרפאָלגט. דאָרט אָבער ווערט די פאַרפאָלגונג ארויסגערופען גראדע דורך זייער אנוועזענהייט. אַט אזוי פאַרהאַלט עס זיך אין יעדען לאַנד, און עס וועט אזוי בלייבען אפילו אין יענע לענדער, וועלכע געניסען די העכסטע קולטור — און אפילו פראנקרייך איז ניט קיין אויסנאַם — ביז די אידענפראַגע וועט געפינען איהר לייזונג אויף א פּאָ־ליטישען באזיס. די אומגליקליכע אידען טראַגען איצט דעם אנ־טיסעמיטיזם אריבער אויך קיין ענגלאַנד, נאָכדעם ווי זיי האָבען איהם שוין אויך אין אמעריקא פאַרפלאַנצט."

דער פאַקט וואָס עס געפינט זיך איצט אין ענגלאַנד צום ערש־טען מאָל זייט קראָמוועל'ס צייטען א גרעסערע צאָל פון אונזער פאָלק —איז דער אמת'ער גרונט, וואָס האָט באוואוינען די איינ־בערופונג פון אַט דער קאָמיסיע. איך בין פעסט איבערצייגט, אז די וואָס לייקענען עס, פאַרטרעטען זייער מיינונג אין פול אויפ־

ריכטיגקייט. אָבער ווען זיי באַקלאָגען זיך אויף דער איינוואַנדערונג פון פרעמדע איז זיי די אמת'ע אורזאַך פון זייער באַקלאָגען זיך ניט באַקאַנט. זיי פיהלען דעם שמערץ און זיי ווייזען אַן אויף דעם אָרט, וואו עס טוט וועה — די אורזאַך אָבער מוז געזוכט ווערען אין א וועלט וואָס איז פאַר זיי גאַנץ אומבאַקאַנט.

איך האַלט עס אָבער פאַר מיין פליכט צו זאָגען, אַז שוין די איינפאַכע באַשטימונג פון אַט דער קאָמיסיע — האָט באַשאַפען א שוועריגקייט און ניט קיין קליינע דערצו, ווייל די קאָמיסיע וועט דאָך צום שלוס מוזען ענטוועדער רעקאָמענדירען א באַגרענעצענדע געזעצגעבונג אָדער איבערהויפּט גאָר נישט. אויב א באַגרענעצענדע געזעצגעבונג וועט ניט רעקאָמענדירט ווערען — וועט דער פאַקט אַליין וואָס די קאָמיסיע האָט איהרע זיצונגען אָפּגעהאַלטען ברייננ־גען מיט זיך דעם רעזולטאַט, אַז די איינוואַנדערונג נאָך ענגלאַנד וועט אָננעמען א פרישען צולויף. און אויב ווידער עס זאָל אָנגע־נומען ווערען פון פּאַרלאַמענט א באַגרענעצענדע געזעצגעבונג, מיט אַלע איהרע באַפעלען — דאַמאָלט זאָגט זיך ענגלאַנד אָפּ פון דעם גרויסען פּרינציפּ, צו גאַראַנטירען פאַר די בעדריקטע א פרייען צו־פלוכט־אָרט. און ביז אַצינד איז דאָך דער פּרינציפּ געוועזן ענג־לאַנד'ס שטאָלץ. איבעריגענס גלויב איך ניט אז דער פאַרזוך אויס־צושליסען די אָרימע, באַדריקטע אידען קאָן געלינגען. עס וועט דאַ־מאָלט באַוויזען זיין אַז ענגלאַנד איז פאַר דער איינוואַנדערונג א דורכאויס פאַסענדער פּלאַץ.

וואָס אַנבעלאַנגט דער פראַגע אין וואָס פאַר א שטאַט־באַצירק די לייט זאָלען וואוינען, אָדער צי עס עקסיסטירט ערגיץ־וואו א צו־שטאַרקע איינגשאַפט — איז אַזוי־ווייט ווי עס באַציהט זיך אויפ'ן מזרח פון לאָנדאָן, וויים איך ווייניג וואָס צו זאָגען, כאָטש איך באַטראַכט די פראַגען אַלס פאַרהעלטניסמעסיג גאַנץ וויכטיג. אַלעס וואָס איך וויים איז געבויט אויף די עדות פון יענע, וואָס האָבען פאַר דער קאָמיסיע זייערע מיינונגען ארויסגעזאָגט. און אַט די מיינונגען זייערע האָבען מיך איבערצייגט, אַז די אויבענדערמאָנ־

טע פראַגען וועגען לאָקאַלער וואוינונג אדער לאָקאַלער איינגשאפּט זיינען דאָס רוב פּאַסירונגען פון א צופאַל און אז די טרייבענדע קרעפטען זיינען דיזעלבע, וואָס ארבייטען אנדערשוואו געגען אונזער פאָלק און וועלכע איך האָב באַצייכענט אלס „די קרעפטען וואָס שפּרינגען ארויס פון ארבייטס־קנאה, פון געירשה'טען פאראורטייל און פון פאַרגעשטעלטער זעלבסט־פארטיידיגונג."

אָט די קרעפטען זיינען דאָ טעטיג און ווי זעהר מען מעג עס אויך פארדעקען — דער רוף צו באגרענעצען די איינוואנדערונג פון פרעמדע שטאַמט פון דעם וואָס עס איז פאראַן א גרעסערע צאָל אידען און פון דעם וואונש, אז זייער צאָל זאָל אויף א נאָך גרעסערן מאַסשטאַב ניט פארגרעסערט ווערען. איהר האָט דאָ געהאַט עדות, וועלכע האָבען אייך ערקלערט די אורזאַכען, פארוואָס די אידען פון מזרח־אייראָפּא זיינען געצוואונגען צו קומען אהער און קיין אמעריקא.

ערלויבט מיר די באהויפּטונג, אז דאָס זיינען אין קיין פאַל ניט הויפּטזעכליך מאַטעריעלע פּערספּעקטיוועז וואָס ציהען זיי אהער. גרעסטענטיילס זיינען דאָס מאָראַלישע זאַכען און נעמליך דער בייַנקענדיגער וואונש צו קומען אונטער פארהעלטעניסען וואָס זיינען אין איינקלאַנג מיט מענשליכע שטרעבונגען. דער וואונש צו געניסען פרייהייטען פון לעבען און געשעפט — איז א זאַך וועלכע דער איד פון מזרח־אייראָפּא הייבט ניט אָן צו קענען אונטער די איצטיגע פארהעלטעניסען.

עס איז ניט פאַר מיר צו אורטיילען, צי די איינוואנדערונג — פאַר זיך אליין — איז פאַר אָט דאָס לאַנד גוט אָדער שלעכט. אין בעסטען פאַל בין איך א פּארטייאישער עדות. עס קאָן זיין אז ווייל איינוואַנדערער באַזיצען געוויסע גוטע מדות אין א מערקליכער מאָס, ווי צום ביישפּיל — פלייס, מעסיגקייט, און שפּאָרזאַמקייט — זאָלען זיי גראַד דערפאַר זיין ווייניגער ווילקאָמען איידער, ווען זיי וואָלטען באַזיצען אָפּענע פעלערען. אויף וויפיעל מזרח־אייראָפּא קומט אין אנבאַטראַכט, וואָס איז פאַר דאָס גאַנצע אידענטום פון

דער גרעסטער וויכטיגקייט, ווייל עס נעמט אין זיך אריין אזא גרוי־סען טייל פון דעם אידישען פאלק — ווערט דארט די לאגע פון טאג צו טאג אלץ ערגער.

איך דארף נאר אנווייזען אויף רומעניען, ווי אויף א ביישפּיל, וואס ווארפט זיך אין די אויגען, וואס פאר'ע מעטאדען מען גע־ברויכט דארט, אום צו צווינגען די אידען אז זיי זאלען זייער היים פארלאזען. אפילו נאכדעם ווי זיי האבען געדינט אין דער ארמיי — בלייבען זיי פרעמדע אין לאנד פון זייער געבורט. זאל נאר די קאָ־מיסיע באגרייפען, אז די אידען זיינען פאטריאטיש מעהר פון אלע אנדערע פעלקער — יעדענפאלס ניט ווייניגער. און אט דער אומ־שטאנד פארגרעסערט נאך די טראגעדיע פון'ם שיקזאל.

דאס ווארט „עלענד" איז אין מיטעל־אלטערליכען דייטש פארטייטשט געווארען אלס אומגליק און אויך גלות, און שוין פון דאמאלט אן זיינען אט די אויסדרוקען פאר דאס אידענטום פון גליי־כער באדייטונג.

פון דעסטוועגען דארפט איהר ניט אננעמען, אז דער איך געהט אוועק פון דעם געבורטסלאנד, אין וועלכען זיין לאגע איז פאר איהם ניט־גינסטיג, און אז איהר דא אין ענגלאנד האט די פראגע ענדגילטיג פארענטפערט. פארקעהרט, איך מוז אט דאס לאנד באַ־גליקווינשען, דערפאר וואס עס האט אונטערנומען אן אונטערזוכונג אין א צייט, וואס וועט נאך מיין איבערצייגונג ווערן כמעט אלס דאס אנהויב־סטאדיום.

די גרעסערע צאהל פון אידען, וועלכע איך האב פריהער דער־מאנט, וועט זיך אונטער די איצטיגע אומשטענדען ווארשיינליך פארגרעסערן און טאקי דורך דער איינוואנדערונג, ווייל איך באַ־מערק, אז אפילו מר. ארנאלד ווהייט וויל ניט פּרובירען אויסצוי־שליסען איינוואנדערער, וועלכע זיינען די קרבנות פון פארפאלגונ־גען.

איך קאן ניט זאגען, אז איך בין ערשטוינט איבער דער פאר־

צווייפלונג, וואָס האָט ארומגענומען די אידישע געמיינדע אין ענג־לאַנד, שוין אין אָנפאַנג פון דער אידענפראַגע.

אין די צאָל־רייכע רעדען, וועלכע איך און אַנדערע פון מיינע געזינונגס־גענאָסען האָבען אין ענגלאַנד געהאַלטען — האָב איך די ענגלישע אידען מתרה געווען, אז זיי זאָלען ניט בלייבען ניט פאַרבערייט געגען א צושטאַנד, וואָס זיי האָבען געהאָפט, אז ער וועט קיינמאָל ניט אויפקומען. וואָס מיך וואונדערט איז די טיפ־קייט פון דער פאַרצווייפלונג און די גרויסקייט פון דער ניט־ער־וואַרטונג, א דאַנק וועלכע עס האָט געקאָנט געמאַכט ווערען דער ניט־איבריגענס קלוגער פאַרשלאַג פון לאָקאַלער פאַרטיילונג, אַלס א מיטעל געגען דעם איבעל, וואָס ציהט זיך צונויף מיט ריזען־טריט איבער די ענגלישע אידען, גענוי ווי עס איז שוין ערגעץ־אַנדערשוואו געווען דער פאַל.

מען קאָן באמת זאָגען, אז דער פאַרשלאַג איז איינגעוויקעלט אין יענעם פאַרשטעלטען גייסט וועלכען מען רופט „אידישע וואויל־טעטיגקייט.״ די אידישע וואוילטעטיגקייט אָבער באַזירט זיך נאָר אַלץ אויף די גרונט־זאַצען וועלכע האָבען געטויגט פאַר די פאַר־העלטענישען פון מיטעל־אַלטער. די פאַרענדערטע פאַרהעלטעני־שען פון דער נייער צייט זיינען איהר ווייט איבער דעם קאָפּ ארי־בערגעוואַקסען.

אין די אַלטע צייטען האָט די אידישע וואוילטעטיגקייט געהאַט דעם צוועק ארויסצוהעלפען די וואָס זיינען פון אָרט צו אָרט גע־פאָרען און וואָס זיינען דורך די פאַרפאָלגונגען פאַרוואַנדעלט גע־וואָרען אין בעטלער און צום גרעסטען טייל איז אפשר דער לייט־מאָטיוו געווען יענער אומשטאַנד, וואָס מען האָט ניט געוואוסט, ווי שנעל דער היינטיגער נדבות־געבער וועט אין מאָרגענדיגען בעט־לער פאַרוואַנדעלט ווערען.

אַלע אידען זיינען געווען, — ווען ניט פאַקטיש איז דאָך אָבער מעגליכע — ברידער אין אומגליק. אָבער צו יענע צייטען איז די שטרעקע וועלכע דער וואַנדערנדער איד האָט געדאַרפט דורכצומאַכען

געווען א פוס־רייזע פון אפשר נאָר איינינע מייל, און דערפאר האָט די איהם געגעבענע הילף געדאַרפט קלעקען נאָר פאר א קורצע שטרעקע. היינט אבער פאַסען זיך די פאַרקערס־מיטלען מיט דעם וואוילטעטיגען סיסטעם ניט מער צונויף, אזוי אז די לאָנדאָנער וואוילטעטער צום ביישפּיל מוזען זיך באַשעפטיגען מיט דעם וייטער־טראַנספּאָרטירען פון די אידען וועלכע אימיגרירען פון רוסלאנד נאָך אמעריקא, און דאָס אלטע סיסטעם האָט זיך אזוי וייט פאַרפלאָנטערט, אז עס קאָן זיך שוין ניט באַשעפטיגען מעהר נאָר מיט ארויסהעלפען אָט די לייט, נאָר דאָס געלט וואָס האָט געהאט דעם צוועק צו באפרייען די אידען פון זייער עלענדער לאגע, איז דערצו באַנוצט געווארען — זיי ווידער אין דערזעלבער לאגע צוריק־צו־שטויסען.

דאָס איז געווען בעצם דער פאַל מיט די אידען וואָס זיינען אנטלאָפען פון רומעניען, וואָס זיינען אין ענגלאַנד געקומען, און וועמעס איינציגער עמפּאַנג עס איז באַשטאַנען אין דעם הייל־מי־טעל: „צוריק, צוריק צום פאטערלאנד" — א פאטערלאנד צו וועלכען זיי געהן אלס פרעמדע צוריק ! !

דאָס איז עס, וואָס איך האָב געמיינט, ווען איך האָב געזאָגט, אז דאָס סיסטעם פון דער אידישער וואוילטעטיגקייט איז באַנקראָט. איהר איינציגער צוועק איז — אידען פון א שלעכטער לאַגע אין בעסערע פארהעלטענישען צו ברייננען; ווען זי איז אָבער געצוואונגען זיי פון בעסערע פארהעלטענישען אין א שלעכטערער לאַגע צו ברייננען איז עס א סמן, אז די מעטאָדע איז דורכגעפאַלען.

איצט קומט דער פאַרשלאַג פון דער אסימילאציע. די וואָס שטעלען אוועק די אסימילאַציע אלס א לייזונג פון דער אידענפראגע, מיינען דאָך ניט בלויז א מאַלפען אסימילאציע, וואָס דאָס וואָלט געמיינט א קנעכטישע און וואולגארע נאָכקרימונג. זיי מיינען וואר־שיינליך אסימילאציע אויפ'ן וועג פון אויסמישונג, כדי דער קליי־נער שטראָם פון אונזער ראַסע זאָל זיך מיט דעם ברייטען שטראָם

פון די פעלקער, צווישען וועלכע זי לעבט פארשמעלצען און פאר־
לירען. וואָס אנבאלאנגט דער אויסמישונג גיט עס צוויי שטאנד־
פונקטען, פון וועלכע די פראגע קאָן באטראכט ווערען. אפילו ווען
דער איך זאָל זיין דערצו גערייט — א זעהר ווייטע פאראויסזע־
צונג — ווי קען מען זיך פאָרשטעלען, אז די מענשען, וואָס ווילען
אונז אלס שכנים ניט דולדען, וועלען זיך מיט אונז אלס פאמיליען־
מיטגלידער פארבינדען. און ווען איך רייד פון דעם מיטעל אויס־
צומישען זיך, שטיץ איך זיך אויף דער פאָראויסזעצונג אז דאָס
מיטעל זאָל זיך אנטוויקלען צו אן אוניווערסאלער פאָליטיק און ניט
בלויז זיך באגרענעצען אויף איינצעלנע פאלען. איידער אָבער דאָס
מיטעל פון אויסמישונג ווערט פרובירט, מוז דער גאַנצער צושטאנד
פון די אידען אנדערש ווערען. ווענינגסטענס מוז מען זיי אין דער
גאַנצער וועלט באַטראכטען מיט אנדערע געפיהלען, איידער די
וואָס הערשען אצינד. — און אין דעם טאָג ווען די וועלט וועט דעם
אמת'ן ווערט פון די אידען אין אזא הויכען גראד אנערקענען —
וועט זי אויך אונזער ווערט אלס א באזונדער מהות פארשטעהן
און וועט אונז געבען דאָס רעכט צו עקסיסטירען אלס א באזונדער
פאָלק, געבענדיג אונז אונזער רעכטמעסיגע שטעלונג צווישען די
נאַציאָנען פון דער וועלט.

ענטוועדער מיר וואָלטען זיך אָנהויבען אויסמישען, איידער
די וועלט איז נאָך בארייט אונז צו עמפאנגען, און דורך דער פאר־
שארפונג פון די געפיהלען געגען אונזער ארייננטריט אין ניט־אידישע
קרייזען — וועלען מיר נאר אומגליק ארויסרופען; אדער מיר וואָל־
טען עס טאָן, ווען די וועלט וועט בארייט זיין אונז אויפצונעמען
— דאמאָלט אבער וואָלט דאפיר מעהר קיין גרונט ניט געווען, ווייל
דערמיט וואָלט נאָר פארניכטעט געווארען א פאָלק, וועלכעס די
וועלט האָט געלערנט צו אַכטען און צו דערקענען און עס וואָלט
געדארפט שטרעבען עס אויפצוהאַלטען. איך האָב די זאך דיס־
קוטירט, אננעמענדיג פאר אן אויגענבליק, אז אונזער פאָלק וואָלט
גענייגט געווען איינצוגעהן אויף אויסמישונגען. אָן קיין אנדער

זאך אבער האלט זיך די מערהייט פון אונזער פאלק ניט אזוי פעסט ווי אן די עמפינדונגען וועלכע זיינען צוזאמענגעבונדען מיט גע־מישטע חתונות. די אויסמישונג ווערט נאר דאמאלט ניט מיט געגנערשאפט באגעגענט — אפילו ניט פון די ארטאדאקסען — ווען די פערזאן, וואס געהט חתונה האבען מיט א אידען אדער אידענע געהט איבער צו אונז און ווערט א מיטגליד פון אונזער פאלק. עס פארבלייבט אלזא די לייזונג וועלכע איך האב אין מיין בראשורע „דער אידענשטאאט“ אנגעדייט. נאטירליך וואלט איך אצינד דאס וואס איך האב דאמאלט געשריבען ניט אין דיזעלבע ווערטער אדער אין דיזעלבע איינצעלנע פונקטען איבערגע'חזר'ט. דאמאלט איז נאך קיין קאנגרעס פון אידען ניט אפגעהאלטען געווארען. פון דאמאלסט אן אבער זיינען שוין פינף פארגעקומען. דאמאלט האב איך געשריבען ניט־קענענדיג דאס וואס איך האב פון דא־מאלט אן געלערנט דורך געשפרעכען מיט אידען. דאמאלט האב איך געשריבען ניט־פארנעמענדיג קיין וואסר ס'איז אפיציעלע שטע־לונג. דער פרינציפ אבער איז דערזעלבער געבליבען. די לייזונג פון דער אידענפראגע ליגט אין דער אנערקענונג פון די אידען אלס א פאלק, און דערמיט וואס זיי זאלען א רעכטליך־אנערקענטע היים געפינען, וואוהין די אידען וואלטען פון יענע טיילען פון דער וועלט, וואו זיי ווערען גערדיקט — גאנץ נאטירליך געוואנדערט, ווייל זיי וואלטען אהין אנגעקומען — גראדע דערפאר ווייל זיי זיינען אי־דען — אלס בירגער און ניט אלס פרעמדע.

אלס רעזולטאט דערפון וואלט דער עמיגראנטען־שטראם פון דעם לאנד און פון אמעריקא — וואו זיי ווערען א לאסט, אזוי־שנעל ווי זיי פארמערען זיך אין א מערקליכער צאל — אפגעווענ־דעט געווארען צו א לאנד, פאר וועמעס בעסטע אינטערעסען עס וואלט דורכדעם געדינט געווארען, ווען מען זאל דארט געפינען פלאץ פאר דער מעגליכסט גרעסטער צאל. ווען דארט זאל פאר די אידען אנערקענט ווערן זייער רעכטליכע פאזיציע אלס א פאלק — בין איך איבערצייגט, אז זיי וואלטען אנטוויקעלט א ספעציפיש־

אידישע קולטור, א נאציאנאלען כאראקטער און נאציאנאלע שטרע־
בונגען, וואס וואלט געפיהרט צו דער הערערונג פון דער גאנצער
מענשהייט.

עס איז אפשר ניט אם פלאץ, וואס איך ציה די אויפמערק־
זאמקייט פון דער קאמיסיע אויף א׳ צווייג פון א געגענשטאנד,
וועלכער ליגט אפשר גאנץ מחוץ פון דער איצטיגער אונטערזוכונג.
איך בין אבער פעסט איבערצייגט, אז דאס פראבלעם, וואס די
קאמיסיע איז בארופען צו אונטערזוכען און איהר מיינונג דארי־
בער ארויסצוזאגען — קאן ניט אנדערש געלייזט ווערען ווי נאר
אננעמענדיג דעם פרינציפ, אז דער אויסוואנדערונגס־שטראם וועל־
כער וועט ווייטער אנגעהן אהער פון מזרח־אייראפא אין א שטייי־
גענדען גראד מוז אפגעצוויגען ווערען אנדערש־וואו.

די אידען פון מזרח־אייראפא קאנען דארט, וואו זיי זיינען
איצינד — ניט בלייבען. וואו זאלען זיי זיך אהין־טאן? וויל מען
זיי דא ניט, טא מוז אן ארט געפונען ווערען, וואוהין זיי זאלען
קאנען עמיגרירען, א ניט ווערט געשאפען דאס פראבלעם, מיט וועל־
כען איהר זייט איצט באשעפטיגט. די פראבלעמען אנטשטעהען
אבער ניט, ווען מען געפינט א היים, וועלכע ווערט רעכטליך אנער־
קענט אלס אן אידישע. און איך אפעליר צו דער קאמיסיע — צו
זי קאן די לייזונג פון דער פראגע באאיינפלוסען צו ניט — ניט
צו פארפעהלען צו־ציהען די לייזונג אין באטראכט און איהר דעם
הויכען ווערט פון איהר אורטייל צו שענקען. וואס אנבאלאנגט
די אידען, צווייפעל איך ניט צו באהויפטען, אז די לייזונג איז
פראקטיש און דורכפיהרבאר. זי איז קודם כל אזא וואס ווערט
טאקי פון די אומגליקליכע אידען אליין באגריסט. די לייזונג וועט
באקומען זייער ערנסטע מיטווירקונג, ווייל זייער האפנונגס־לאזער
עלענד איז די אורזאך פון שטערונגען, מיט וועלכע זיי אליין און
אויך אט די קאמיסיע אצינד — מוזען זיך באשעפטיגען.

## פראגען געשטעלט פון מר. נאָרמאַן.

— מ ר. נ א ר מ א ן : איהר ווייסט, אז די קאָמיסיע באַטראכט די פראגע פון פרעמדען־איינוואנדערונג ניט נאר אלס אן אידישע פראַגע?

— ד ר. ה ע ר צ ל : געוויס. אָבער נאָכדעם, ווי איך האָב דאָס עדות־זאָגען אויפמערקזאם דורכגעלעזען, געפין איך, אז די קאָמיסיע באַשעפטיגט זיך הויפּטזעכליך מיט דער אידען־איינוואַנדערונג. וועגען דער איינוואנדערונג פון אנדערע נאַציאָנאַליטעטען האָט מען זעהר ווייניג גערעדט.

— מ ר. נ א ר מ א ן : מיין שטאַנדפּונקט איז דער, אז אייער אוועקשטעלען פון דער פראַגע וואָלט ביי איינעם וואס איז אַנדערש אינפאָרמירט ארויסגערופען דעם געדאנק, אז די גאנצע פראגע איז א פראגע פון אידען און קריסטען, אין א צייט ווען די קאָמיסיע באַהאנדעלט זי אלס אן עקאָנאָמישע פראגע. איך וויל עס פעסטשטעלען, אז מיר באַשעפטיגען זיך ניט נאָר מיט אידען, נאָר אויך מיט איטאַליענער און אַנדערע קלאסען פון איינוואנדערער, פּונקט אזוי גוט ווי מיר וואָלטען זיך באַשעפטיגט מיט כינעזער, ווען זיי זאָלען דאָ זיין.

— ד ר. ה ע ר צ ל : פון אייער שטרעבונג זיך צו אינפאָרמירען איבער אומשטענדען, זעה איך אז עס איז הויפּטזעכליך אן עקאָנאָמישע פראגע. היות ווי איהר באַשעפטיגט זיך מיט פרעמדע איינוואנדערער — פרעגט איהר: אויב די לייט באַזיצען גוטע אָדער שלעכטע מדות. איך זעה איין אז דאָס געשעהט ניט פון דעם מאָראַלישען שטאַנדפּונקט, נאר הויפּטזעכליך פונ'ם עקאָנאָמישען ,א נישט וואָלט איהר מעהר געוועזן גערעדט איבער געוויסע קלאסען פון איינוואנדערער, וועלכע זיינען צוזאמענגעפּרעסט אין פאַרשידענע פּונקטען פון לאָנדאָן, און וועלכע שטעהען אויף א טיפערער, מאָראַלישער שטופע, ווי די אידען. איך וויל גאר־ניט

זאָגען געגען אנדערע, אבער עס עקסיסטירען אזעלכע לייט, וועמעס מאָראַל עס איז ניט אזוי הויך ווי די מאָראַל פון די אידישע אר־בייטער אין דעם לאַנד. דאָס נאָכפאָרשען וועגען מדות צייגט מיר אז עס איז אן עקאָנאָמישע פראַגע. א קאָנקורענט וועלכער איז רייכער אין אייגענשאַפטען איז געפערליכער.

— מ ר. נ א ר מ א ן : קאָנט איהר אונז זאָגען אייער מיינונג וועגען דעם, צי די איינוואַנדערונג איז פאַר אונז גוט אדער שלעכט?

— ד ר. ה ע ר צ ל : איך בין קיין ענגלענדער ניט. ווען איך זאָל עס זיין וואָלט איך פלייסיגע, ניכטערע און שפּאָרזאַמע לייט געהאַלטען פאַר ווילקאָמענע איינוואַנדערער. ווען איך וואָלט געוועזען אן ענגלענדער וואָלט איך פּרובירט געפינען פאַר אָט די צור־שטרעמענדע קרעפטען דעם ריכטיגען אָרט און נאָך מיין מיינונג אויף אזא אופן פארשטאַרקט די קרעפטען פון׳ם לאַנד.

— מ ר. נ א ר מ א ן : איהר זאָגט, אז נאָך אייער מיינונג וועט די צאָל פון די איינוואַנדערנדע אידען נויטענדיגערווייזע באַ־דייטענד גרעסער ווערען?

— ד ר. ה ע ר צ ל : פּאָזיטיוו.

— מ ר. נ א ר מ א ן : איהר לייגט דאַ געוויכט אויף די מאָראַלישע קרעפטען, וועלכע ציהען צו די אידישע אימיגראַנטען; אבער איהר שיינט ניט צו באַמערקען דעם פאַקט, אז זיי ווערען צוגעצויגען דורך פּונקט אזוינע גרויסע מאַטעריעלע קרעפטען. דער פאַקט, וואָס זיי קומט דאָ אוים פיעל לייכטער אנטייל צו נעהמען אין דער קאָנקורענץ און צו מאַכען געלט ווירקט געוויס ניט וויי־נער ווי די מאָראַלישע קראַפט אום זיי אהער צו ברייננען.

ד ר. ה ע ר צ ל : אן אויסוואַנדערענדער איד לעבט אונטער באַדינגונגען, אין וועלכע ער איז ניט פעהיג פאָראויסצוזאָגען וואָס עס וועט זיין שפּעטער מיט צעהן יאָהר, נאָכדעם ווי ער וועט זיך האָבען ארויפגעדראַפּעט אויף א העכערער סאָציאַלער מדרגה און וועט מאַכען גרעסערע אונטערנעמונגען. אין אויגענבליק פון זיין

איינוואַנדערונג איז זיין איינציגער געדאַנק ניט מעהר צו ליידען קיין הונגער. איך גלויב אַז דאַ געהט אַן אַ פּיעל קלענערע איבער־לייגונג און נאַכדענקען — ווי איהר שטעלט זיך פאָר. ווי פון אַ נאַטור־קראַפט, גלייך ווי אַ וואַסער־שטראָם, וועלכער זוכט צו געפינען דעם פּלאַץ פון קלענסטען ווידערשטאַנד — אַזוי ווערט ער געטריבען פאָרווערטס.

מ ר. ג אַ ר מ אַ ן : די איינוואַנדערער דענקען אַלזאָ, ווען זיי קומען אין דעם לאַנד, אַז זיי וועלען דאָ וועניגער הונגער ליידען?

ד ר. ה ע ר צ ל : דאָס פיהרט אונז צו דער לאַגע פון די אידען אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּאַ. איהר האָט מיר דערווייזען די עהרע מיך איינצולאַדען, ווייל איהר ווילט דעם אמת הערען. זאָל עס מיר אַלזאָ ערלויבט זיין אויך איבער דעם פונקט מיין מיינונג ארויסצוזאָגען. ווען איהר ווילט די פראַגע פאַרשטעהן, דאַרפט איהר זי באַטראַכטען ניט בלויז פונ'ם שטאַנדפּונקט פון דעם איסטענד פון לאָנדאָן. איהר מוזט פּרובירען אנצונעהמען דעם מזרח־אייראָפּעאישען שטאַנדפּונקט. און אויב איך מעג אַ פראַגע פאַרכאַפּען, וועלכע וועט דאָך געוויס קומען, וואָלט איך מיר ערלויבט אַ פאַרגלייך: ווען איהר וועט אין אייער צימער באַמערקען אַ בלוט־טייך, וועט דער ערשטער און נאַטירליכער וואונש געוויס זיין — דאָס צימער צו רייניגען. וואָס אָבער איז די אורזאַך פונ'ם בלוט־טייך? די אורזאַך איז — אַ פאַרוואונדעטער מענש. צוערשט מוז מען דעם פאַרוואונדעטען העלפען און דערנאָך דאָס צימער רייניגען.

— מ ר. ג אַ ר מ אַ ן : צווישען די צוציהונגס־קרעפטען, וועלכע ברענגען אהער אָט די אימיגראַנטען, די מאָראַלישע קרעפטען פון וועלכע איהר האָט גערעדט און אויך די מאַטעריעלע — האָט איהר אויך באַצייכענט די אידישע וואוילטעטיגקייט אַלס אַ מאַגנעט, וואָס ציהט אהער צו די אידען.

— ד ר. ה ע ר צ ל: יאָ, זאָל עס מיר ערלויבט זיין צוצו־געבען אַז פון׳ם מענשליכען שטאַנדפּונקט בין איך זעהר דאַנקבאַר די גרויסע אידישע וואוילטעטיגקייטס־אַנשטאַלטען אין לאָנדאָן. די איינווענדונגען וועלכע איך מאַך שטאַמען פון פּאָליטישען שטאַנד־פּונקט. געווים זאָג איך ניט, אַז עס איז אַן אומרעכט אַ הונגעריגען מענשען אַ שטיקעל ברויט צו געבען.

— מ ר. נ אַ ר מ אַ ן: מיר אַלע שעצען אָפּ די פּראַכטפולע וואוילטעטיגקייטס־אַנשטאַלטען, אָבער די פראַגע איז אָפּט אַנט־שטאַנען פאַר דער קאָמיסיע, צי האָבען זיי ניט אַ פאַרבלענדענדע ווירקונג, נעמליך צו דינען אַלס אַ מאַגנעט פאַר די אָרימסטע.

ד ר. ה ע ר צ ל: אָט זעהט איהר אַליין אַרוים די שוועריג־קייט! די פאַרוואורפען געגען די אַנזעסיגע אידען וואָלטען פיעל גרעסער געווען, ווען זיי וואָלטען די וואוילטעטיגקייטס־אַנשטאַלטען ניט געווען געגרינדעט, ווען זיי וואָלטען זייערע אָרימע שטאַם־חברים איבערגעלאָזט אויף דער אַלגעמיינער וואוילטעטיגקייט — אָט זעהט איהר אַלזאָ די גאַנצע פאַרפּלאָנטערטקייט.

— מ ר. נ אַ ר מ אַ ן: איך דיסקוטיר ניט איבער די מאַ־ראַלישע געזיכטספּונקטען, נאָר איבער די עקאָנאָמישע ווירקונגען. אין אייער באַריכט רעדט איהר וועגען אַ צושטאַנד, וואָס וועט אויך אין דעם לאַנד אייינטרעטען אין פאַל אויב די איינוואַנדערונג וועט ווייטער אָנגעהן. וועלכען צושטאַנד מיינט איהר?

ד ר. ה ע ר צ ל: איך וויל ניט פּרובירען צו שפּילען די ראָלע פון אַ נביא. אָבער איך גלויב, אַז דיזעלבע נאַטורקרעפטען הערשען דאָ און אַנדערשוואו. אויב די צאָל פון די איינוואַנדערער וועט וואַקסען, דאַמאָלט וועט — אַזוי גלויב איך — אויך אין דעם לאַנד, וואו — איך בין גליקליך, וואָס איך קאָן עס זאָגען — עס עקסיסטירט איצט קיין אַנטיסעמיטיזם ניט — אַזעלכער אַנשטעהן. איך גלויב, מען קאָן עס בכלל קאָנסטאַטירען, אַז ענגלאַנד איז ניט קיין אַנטיסעמיטישע לאַנד, אָבער איך האָב זעהר מורא, עס קאָן עס אַמאָל נאָך ווערען. דאָס איז אָבער פון אַלגעמיינעם אינטע־

רעס, ווייל ענגלאנדס כאראקטער אלס א פריי לאנד איז ניט נאר אן ענגלישע פראגע, נאר א פראגע פון וועלט־אינטערעס.

— מ ר. נ א ר מ א ן : איהר באטראכט דערפאר, אז די מעגליכע אנשטעהונג פון אנטיסעמיטיזם אין דעם לאנד, — א זאך וואס יעדער וואלט טיף באדויערט — אלס איינע פון די געפארען וואס וועט אנטשטעהן פון א וויטערדיגער אומבאשרענקטער איינוואנדערונג?

— ד ר. ה ע ר צ ל : איך וואלט אויף דער פראגע וועגען באשריינקונג אדער ניט באשריינקונג ניט געוואלט ענטפערן. די באשרענקונג איז א סעפעראטע פראגע. איך האב בלויז מורא, אז די ניט אפגעווענדעטע איינוואנדערונג וועט אמאל ארויסרופען אן אנטי־אידישע שטרעמונג.

— מ ר. נ א ר מ א ן : דאס איז אויך געווען מיין שטאנדפונקט. וואס אנבאלאנגט ווידער די מיטלען איז דא — ווי איהר האט עס מסתמא באמערקט — פארגעשלאגען און פון אייניגע מענשען אונטערשטיצט געווארען, אז די פארשפרייטונג פון די אידישע איינוואנדערער און זייער פארטיילונג פון דעם איינציגען קליינעם צענטער אין מזרח לאנדאן — אין פארשידענע טיילען פון דעם פאראייניגטען קעניגרייך — וואלט געווען א מעגליכע און א צופעדאסטע לייזונג. איז עס ניט אויך אייער מיינונג?

— ד ר. ה ע ר צ ל : ניין! איך דערמאן זיך פון מיין יוריסטישער קאריערע וועגען דעם פארבאט וואס האט ביי אונז געהערשט צו ענדערן אימעצענס א וואוין־זיץ. איך וויים ניט, צי אזוי איהר רופט עס, ווייל איך גלויב אז איהר ווייסט איבערהויפט ניט פון קיין עהנליכען פארבאט.

— ד ע ר פ א ר ז י צ ע נ ד ע ר : ניין! דאס איז ניט קיין ענגלישע אידעע. גיכער איז עס א רוסישע אדער רעאקציאנערע. פארצושרייבען א מענשען — וואו ער זאל וואוינען — דאס איז עפעס א מין פאליציי־באפעל. מיר ווייסען ניט וועגען דעם, דאס ענגלישע געפיהל פארטראגט ניט אזא מין זאך.

— ד ר. ה ע ר צ ל : איך קאָן ניט באַגרייפען ווי אזוי אידען אליין קאָנען אזא פאָרשלאַג מאַכען.

— מ ר. נ אָ ר מ א ן : פּאַרטיילונג, ווי מיר האָבען עס פאַרשטאַנען, צילט איינפאַך, אז די צונויפפּרעסונג אויף איין אָרט זאָל אויפגעגעבען ווערען דורך דערמוטיגונג צו באַזעצען זיך אין אַנדערע געגענדען אָבער אין קיין פאַל ניט דורך צוואַנגס־מיטלען.

— ד ר. ה ע ר צ ל : איך גלויב, אז דאָס איז א שווער דורכפירבאַרע אידעע. איך וויל זיך אין די איינצעלהייטען ניט אריינלאָזען, ווייל איך האָף, אַז איהר וועט עס אליין איינזעהן.

— מ ר. נ אָ ר מ א ן : איהר זייט ביי דער מיינונג, אז בלויז נאָך א געוויסער צייט וועט דערזעלבער קראַנקהאַפטער צוש־טאַנד, וועלכער הערשט איצט הויפּטזעכליך אויף איין אָרט — זיך ארויסווייזען אויף פיעל ערטער.

— ד ר. ה ע ר צ ל : דאָס איז א געדאַנק וועלכער איז, ווי איך גלויב, ניט גענוג דורכגעטראַכט געוואָרען פון יענע, וואָס האָ־בען איהם פאָרגעשלאָגען. א מאַן וועמען זיי ראַקעמענדירען ערגיץ־וואו זיך צו באַזעצען, וועט גלויבען, אז זיי זיינען פאַרפּליכטעט איהם צו אונטערשטיצען. ער וועט זיי תמיד און שטענדיג זאָגען: איהר האָט מיר אן עצה געגעבען דאָ צו בלייבען; איהר מוזט מיר די מיטלען געבען מיין לעבען דאָ אויפצוהאַלטען.

— מ ר. נ אָ ר מ א ן : אלזאָ, איהר באַטראַכט דעם פאָר־שלאַג פאַר נאַריש.

— ד ר. ה ע ר צ ל : יאָ! אויב דאָס וואָרט איז פאַר מיר ניט צו האַרט.

— מ ר. נ אָ ר מ א ן : און די אסימילאַציע קאָן — ווי איך האָב אייך פאַרשטאַנען — אלס א מיטעל ניט ערוואַרטעט ווערען אויך איז זי פון'ם אידישען שטאַנדפּונקט ניט צו ווינשען?

— ד ר. ה ע ר צ ל : איך אליין בין אן אסימילירטער איך געוועזען און רייד פון ערפאַרונג. איך דיינק אז די אידען באַ־

זיצען א נאַטירליכע טענדענץ זיך צו אסימילירען. עס קומט דאַמאַלס א מאָמענט, ווען זיי זיינען אויפ'ן בעסטען וועג דערצו באַרייט, און פונקט אין דעם מאָמענט אנטשטעהט דער אנטיסעמיטיזם. די געשיכטע לערנט אונז אז די אידען האָבען קיינמאָל ניט געלעבט אונטער גליקליכערע באַדינגונגען ווי אין שפּאַניען פאַר דער אינקוויזיציע און אויסוואַנדערונג. זיי האָבען אלעס דערגרייכט, וואָס זיי האָבען געוואָלט, און האָבען אלעס געקאָנט האָבען, וואָס זיי האָבען געווינשט.

— מ ר. נ א ר מ א ן: דער פּרינציפּיעלער אונטערשיד צווישען אייער אנשויאונג און פון געוויסע אַנדערע איינפלוסרייכע אידען באַשטעהט אלזא אין דעם, וואָס זיי וואָלטען דעם פּראָצעס פון דער אסימילאַציע געוואָלט פאַרשנעלערן בעת איהר ווילט האָבען די אידישע נאַציאָנאַליטעט.

— ד ר. ה ע ר צ ל: איהר מוזט יעדען איינעם איבערלאָזען אליין צו באַשליסען: צו וויל ער זיך אסימילירען צי ניט. עס איז ניט ריכטיג צו באַאיינפלוסען די מענשען סיי דורך ארגומענטען, סיי דורך דעם, וואָס מען זאָל זיי מיט געוואַלט דערצו צווינגען.

— מ ר. נ א ר מ א ן: איהר אליין האָט צוגעגעבען, אז אַזוי שנעל ווי די אימיגראַנטען דערגרייכען א באַדייטענדע צאָל ווערען זיי א באַאומרוהיגונג און א לאַסט.

— ד ר. ה ע ר צ ל: עס ווירקען דערביי עקאָנאָמישע גרונדען, וואָס זיינען אַנאַליזירט און דערקלערט געוואָרען פון לייט וואָס קענען בעסער די פאַרהעלטענישען.

— מ ר. נ א ר מ א ן: נאָך אייער מיינונג פאַראורזאַכט אלזאָ אָט דאָס וואַקסען א „באַאומרוהיגונג און א לאַסט?“

— ד ר. ה ע ר צ ל: אָבער ניט ווייל דאָס זיינען אידען מיט באַזונדערע אידישע אייגענשאַפטען. אפשר דערמאָנט איהר זיך אז אין יאָהר 1892 אדער 1893 האָט אין פראַנקרייך די אַנוועזענהייט פון א געוויסער צאָל איטאַליענישע ארבייטער ארויסגע־

רופֿען געגען זיי ערנסטע אומרוהען. כאָטש דיביידע נאַציאָנאַלי־טעטען זיינען פֿארבונדען צווישען זיך דורך נאָהענטער ראַסען־פֿאַרוואַנדשאַפֿט. די אומרוהען אנשטעהען בלויז פֿון עקאָנאָמישע גרונדען.

וועגען דעם פּונקט איבערגעפּרעגט, זאָגט ד ר. ה ע ר צ ל ווייטער: עס איז אַ פֿאַקט אז די איינוואַנדערער, אַלס ביליגערע ארבייטער, רופֿען ארויס עקאָנאָמישע שוועריגקייטען. זיי קאָנען ביליגער ארבייטען, ווייל זיי קומען פֿון אומבאַשרייבליכע פֿאַרהעל־טעניסען. די לאַסט קאָן באַקעמפּט ווערען נאָר דורך דער אפּלענ־קונג פֿונ'ם שטראָם אויף אַזעלכע וועגען, וועלכע זאָלען אריינברענ־גען אַט די לייט ניט דורך צוואַנג נאָר אויף אַן אופֿן וואָס פּאַסט פֿאַר זיי — אין בעסערע לעבענס־פֿאַרהעלטעניסען. די פֿראַגע קאָן נאָר געלעזט ווערען ביי דער קוועלע פֿון דער איינוואַנדערונג. די מיטלען וועלכע ווערען פֿאָרגעשלאָגען צו פֿאַרהיטען אַ פֿאַרפּלייצונג — זיינען ניט גענוג. און ווען די לאָקאַלע פֿראַגע זאָל אָפּגעראַמט ווערען פֿון וועג, דאַמאָלט וואָלט נאָר דער סימפּטאָם געהיילט גע־וואָרען, אָבער ניט די קראַנקהייט. נאָר דאָס פֿאָלגענדע איז מעג־ליך: אָדער איהר ווילט שיצען די איינגעבאָרענע ארבייט, וועלכע טענה'ט, אז זי ווערט געשעדיגט, אָדער איהר שליסט די טויערן פֿאַר די עלענדסטע פֿון אַלע מענשען, וועלכע פֿאַרדינען דעם גרעס־טען רחמנות.

ד ע ר פּ אָ ר ז י צ ע נ ד ע ר: ווייל דער הער עקספּערט דאָס אַלטע לאַטייניסשע ווערטעל אָקצעפּטירען: „דו מוזט צום קוואַל געהן, ווען דו ווילסט דאָס טייכעל פֿאַרשטאָפּען“?

— ד ר. ה ע ר צ ל: ריכטיג!

— מ ר. נ א ר מ א ן: איהר האָט געזאָגט, אז דער פֿאַקט וואָס די קאָמיסיע האַלט אָפּ איהרע זיצונגען, מאַכט עס נויטווענ־דיג, אז עפּעס זאָל געשעהן?

— ד ר. ה ע ר צ ל: יאָ.

— מ ר. נ א ר מ א ן: נאכדעם ווי מיר האבען די זעלבסט־פארטיידיגונג אנגעהויבען — מוזען מיר ווייטער געהן?

— ד ר. ה ע ר צ ל: אין דער זעלבסט־פארטיידיגונג אדער אין דער הילף? און איך דענק אז די בעסטע זעלבסט־פארטיידיגונג און צו דערזעלבער צייט די בעסטע הילף וואלט געווען א גרויס־מוטיג און א גרויס־באטראכטעם מיטעל, וועלכעס איך וועל מיר ערלויבען פארצולייגען פאר אייער באטראכטונג.

— מ ר. נ א ר מ א ן: איהר זייט אלזא ביי דער מיינונג, אז דער פאקט, וואס די קאמיסיע איז באשטימט געווארען, איז א גרויסע התראה פון דעם לאנד צו די אימיגראנטען און אויב גארניט זאל געשעהן וועט זייער צאל וואקסען שנעלער ווי פריהער? און היות ווי מיר זיינען שוין באשטימט געווארען, איז עס נאך מעהר ווינשענסווערט עפעס צו טאן?

— ד ר. ה ע ר צ ל: געוויס!

— מ ר. נ א ר מ א ן: איהר דענקט אלזא, אז עס איז גוט געווען, וואס מיר זיינען באשטימט געווארען און איהר באגליקווינשט אונז דערצו?

— ד ר. ה ע ר צ ל: געוויס! ווייל אין אנדערע לענדער, צום ביישפיל אין פרייען אמעריקא, האבען זיי פשוט די טויערען צוגעשלאסען. און איך דיינק, אז עס איז פיין פון אייער זייט, וואס איהר באמיהט זיך צוערשט די לאגע צו פארשטעהן.

— מ ר. נ א ר מ א ן: איהר פארשטעהט אלזא, אז עס איז ניט פון מאנגעל אין סימפאטיע, ווען איך שטעל אייך ניט קיין פראגען פון פארשידענעם זארט. איך בין געווען אזוי קורץ ווי מעגליך און האב געשענקט מיין אויפמערקזאמקייט נאר צו די הויפט־פונקטען.

— ד ר. ה ע ר צ ל: געוויס!

# פראַגען פון מאיאָר גאָרדאָן.

מ א י א ר   ג א ר ד א ן : וואָס איז שייך די פארפאָלגונ־גען וואָלט איך געוואָלט, איהר זאָלט מיר דייטליך ערקלערען, וועלכער גרונט באשטעהט דערפאר צו באהויפטען, אז די אידען־איינוואנדערונג אין דעם לאַנד קומט הויפּטזעכליך דורך די פאר־פאָלגונגען.

— ד ר.  ה ע ר צ ל : עס זיינען ניט נאר פארפאָלגונגען, וועלכע פאראורזאכען די איינוואנדערונג. איך דענק אז דער מענש האָט א נאַטירליכע טענדענץ זיך צו האַלטען אויפ'ן באָדען, ווען ער האָט אזעלכען. עס גיט אויסנאַמען, דאס זיינען יונגע לייט. גליק־פּרובירער, סוחרים, וועלכע ווילען אנטדעקען אדער עפענען נייע וועלט־טיילען, אבער דער דורכשניט־מענש האָט ליבער די טענ־דענץ אין זיין היים צו בלייבען. איך קאָן ניט זאָגען, אז דאס איז בלויז די פארפאָלגונג וועלכע ברענגט אהער אלע איינוואנדערער, ווייל צווישען די וואס קומען אהער געפינען זיך אויך גליק־זוכער און יונגע־לייט וואָס ווילען זיך באקענען מיט דער וועלט, פּונקט אזוי ווי די יונגע ענגלענדער געהען קיין אינדיען, כינא און אַנדערע ערטער. אָבער איך גלויב, אז די פאמיליען־פּאַטערס, וועלכע קו־מען אהער, קומען נאר דאמאָלט, ווען זיי געפינען זיך אין א טיפער אונטערדריקונג. א מאן וואָס האָט א פאמיליע ענדערט ניט לייכט זיין וואוינאָרט.

— מ א י א ר  ג א ר ד א ן : זייט איהר ווען־עס־איז געווען אין דער רוסישער „טשערטא“ ?

— ד ר.  ה ע ר צ ל : ניין. אָבער איך ערהאלט פון יענע געגענדען אסך בריף, וועלכע גיבען מיר אלע נויטווענדיגע אינפאר־מאציעס.

— מ א י א ר  ג אָ ר א ד א ן : איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסען, וואס־פאר'ע פארפאָלגונגען עקסיסטירען אצינד ?

— ד ר. ה ע ר צ ל : עס איז אַן עקאָנאָמישער באַיקאַט. אויב דאָס איז א פארפאָלגונג — דאַמאָלט זיינען זיי פארפאָלגט. די פראגע האָט פארשידענע פאָרמען. אויף איין פּלאַץ ווערען זיי אדמיניסטראטיוו פארפאָלגט. אויף אַן אנדערן — מיט דער הילף פונ'ם געזעץ. מען זעהט לאָקאלע פארפאָלגונגען אין איין שטאַט; און אין דער אַנדערער זיינען די אַלגעמיינע לעבענס־באדינגונגען אומערטרעגליך, אבער איבעראל איז דער איד דער שעיר־לעזאזל, דער אינגעל, וועלכען מען שלאָגט. אין איין שעהנעם טאָג וויל ער עס לענגער ניט זיין און זוכט אַן אנדער שטיקעל פּלאַץ.

— מ א י א ר ג א ר ד א ן : ווייסט איהר דעם פאַקט, וואָס דער רוסיש־אידישער קאָמיטעט אָדער איהר פּרעזידענט מר. נ. ס. יאַזעף האָט קאָנסטאַטירט, אז ניט אין איין פאַל פון צעהן פון די וואָס דערלאַנגען א בקשה פאַר אונטערשטיצונג — באהויפּטען, אז זיי זיינען פארפאָלגט?

— ד ר. ה ע ר צ ל : עס גיט אויסברוכען פון פארפאָל־גונגען, וועלכע קומען פאָר נאָר זעלטען און דערביי עקסיסטירט אַ לאַנגע טאָג־טעגליכע אונטערדריקונג. א מאַן וועלכער ווייסט ניט, וואָס הייסט אזוינס זיין א פרייער מאַן זאָגט: „איך בין ניט פארפאָלגט," אזוי לאַנג ווי זיין קאָפּ איז נאָך ניט פארוואונדעט געוואָרען. ער פארשטעהט אונטער פארפאָלגונג דאָס, וואָס מיר וואָלטען פאַר עפּעס באמת שרעקליכעס באַטראַכט.

— מ א י א ר ג א ר ד א ן : מיינט איהר, אז דאָס זיינען עס די עקאָנאָמישע באדינגונגען אין די 16 פּראָווינצען, וואָס שטע־לען מיט זיך פאָר דעם תחום פון די אידען אין רוסלאַנד — וועלכע רופען אַרויס די אונטערדריקונג, אָדער איז עס א רעזולטאַט פון דער פארפאָלגונג, וואָס די אידען אין רוסלאַנד זיינען אין די 16 פּראָ־ווינצען קאָנצענטרירט?

— ד ר. ה ע ר צ ל : די רוסישע אידען לעבען אין אַ צו־שטאַנד פון שרעקליכען עלענד. דערצו קומט נאָך דער פאַקט, וואָס זיי קאָנען זייער לאַנגע ניט פארבעסערן, וויל עס איז זיי ניט ער־

ליבט אין אַן אַנדער שטאָט צו געהן, וואו זיי וואָלטען געקאָנט געפינען אַרבייט. אויסערדעם לעבט דער איד אין אַן אייביגען שרעק.

— מ א י א ר ג אַ ר ד אַ ן : איך גלויב, אַז אַן אַנדער אורזאַך ברייננגט זיי אַהער. איך געפין, אַז עס באַשטעהט אַ טענ־דענץ ־ זייערע קרובים און באַקאַנטע אַהער צו ברייננגען.

— ד ר. ה ע ר צ ל : אויב איהר האָט אַ פריינד און איהר וועט קומען אונטער אַ בעסערען קלימאַט און בעסערע באַדינגונ־גען — וועט איהר איהם שרייבען: „מיין פריינד, איך בין דאַ גליקליכער, ווי איך בין נעכטען געווען.“ צי מען קאָן דאָס רופען „אַהער־ברייננגען“ — ווייס איך ניט. איבעריגענס האָבען מיר היינט־צו־טאָג צייטונגען, און אַלע די לייט לייענען זייערע צייט־טונגען, און זיי ווייסען וועלכע לעבענס־באַדינגונגען עס עקסיסטי־רען דאַ.

מ א י א ר ג אַ ר ד אַ ן : איהר זאָגט, אַז צוריקצושיקען די לייט אין זייער לאַנד וואָלט געווען אַ פאַרפאָלגונג?

— ד ר. ה ע ר צ ל : עס וואָלט געווען גרויזאַם.

— מ א י א ר ג אַ ר ד אַ ן : איהר קאָנסטאַטירט אין אייער אויסזאַגע, אַז אַ באַדייטענדע צאָהל איז דורך די אידישע גע־מיינדען צוריקגעשיקט געוואָרען.

ד ר. ה ע ר צ ל : איך גלויב ניט, אַז דאָס איז געשעהן פון מוטוויליגער גרויזאַמקייט. זיי זיינען געווען גענצליך ניט פאַר־בעדייט. זיי האָבען ניט געגלויבט אין דעם וואָס האָט אויף דעם ערשטען ציוניסטען־קאָנגרעס אין יאָהר 1897 פאַסירט. מיר האָ־בען פון רומעניען אַליין ערהאַלטען 5258 פעטיציעס פון 37,043 מענשען, וועלכע האָבען צו אונז נאָך הילף אַפעלירט, ווייל זיי האָבען זיך געפונען אין דער גרעסטער נויט. דאָס איז געווען אין 1897. ערשט אין יאָהר 1900 האָט זיך די אויסוואַנדערונג פון די נויטליידענדע און הונגעריגע אָנגעהויבען. דער רוף נאָך הילף

איז אלזא אלט געווען דריי יאהר, ווען זיי האבען זיך אין באוועגונג געזעצט. די צדקה חברות פון די אידישע קהלות האבען יענעם רוף ניט גענוג ערנסט גענומען. זיי זיינען געווען פאלשטענדיג אומפארבערייט. זיי זיינען געווען פארבלענדעט.

— מאיאר גארדאן: האט איהר א וואס־עס־איז באווייז דערפאר, אז מיר האבען דא אן אנטי־אידישע שטימונג אדער שטרעמונג?

דר. הערצל: איך האב עס ארויסגענומען פון די עדות, וואס זיינען פאר דער קאמיסיע געמאכט געווארען.

— מאיאר גארדאן: וואלט איהר א באשרענקונג אין דער צאהל אנגערופען א פארפאלגונג?

— דר. הערצל: עס הייננגט אפ פון'ם וועג, וואס איהר וועט איינשלאגען. עס איז א לאיאלע זעלבסטפארטיידיגונג ווען איהר באשיצט זיך אליין אויף א רעכטליכען און מענשען־פריינדליכען אופן.

— מאיאר גארדאן: האט עמיצער ווען עס איז געטראכט וועגען דעם צוריקציהען די מינדעסטע פריווילעגיעס, וואס די אידען אין ענגלאנד באזיצען?

— דר. הערצל: איך האב וועגען דעם גאר ניט געהערט.

— מאיאר גארדאן: צי איז דאס וואס מיר באטראכטען פאר נויטווענדיג, כדי אן אומבאשרענקטע אנזאמלונג פון דעם ארימסטען טייל פון אייער פאלק צו פארהינדערען — ניט פאלקאמען פאראיינבאר מיט דער גרעסטער פרייהייט פון די אידען?

— דר. הערצל: איך וואלט אין קיין זאך אלס הויפט־עדות געגען אידען ניט געוואלט אויפטרעטען.

— מאיאר גארדאן: די אידישע געמיינדע איז געזען די איינציגע, וואס האט באשרענקט. זי איז עס געווען, וואס

האָט אידען פון דעם לאַנד צוריקגעשיקט, פון בעסערע — אין ער־גערע באַדינגונגען. איהר וועט דאָך ניט וועלען באַהויפּטען, אז די אידישע געמיינדע איז ווי־עס־איז אנטיסעמיטיש?

— ד ר. ה ע ר צ ל: געוויסע זאַכען, וועלכע איהר קאָנט טאָן אָדער זאָגען צו מיטגלידער פון אייער אייגענער פאַמיליע, וואָלטען באַטראַכט געוואָרען פאַר א באַליידיגונג, ווען זיי זאָלען פון אנדערע געזאָגט אָדער געטאָן ווערען.

מאיאָר גאָרדאָן פיהרט דערנאָך אויס, אז די אנקעטע האָט זיך אָנגעהויבען בלויז וועגען די אידען און האָט זיך די גאַנצע צייט מיט זיי באַשעפטיגט, ווייל די מעהרצאָל פון די איינוואַנ־דערער זיינען אידען. דאָס הייסט אבער ניט, אז אויך די אנדערע אימיגראַנטען וואָלטען ניט אין באַטראַכט געצויגען געוואָרען. עס איז א פאַקט און עס מוז זיין א קוואַל פון אומצופרידענקייט, ווען אונזער פאָלק ווערט פון זיין היים פאַרטריבען דורך די וואָס קומען פון דער פרעמד, און מאַכען איהם קאָנקורענץ. א פאַרלאַנג צו באַ־שריינקען די איינוואַנדערונג וואָלט זיך פונקט אזוי אויפגעהויבען, ווען עס זאָל זיך דאָ צום ביישפּיעל באַוויזען א גרויסע צאָהל פון כינעזער. איהר באַטראַכט עס פון א ריין אידישען שטאַנדפּונקט; אָבער האָבען דען ענגלענדער ניט דיזעלבע פליכט לגבי אונ־זער אייגען פאָלק ווי לגבי די אָרימע אונטערדריקטע פון אנדערע לענדער?

— ד ר. ה ע ר צ ל: קיין צווייפעל ניט! אבער דאָס מאַכט די פראַגע אזוי פּיינליך. אַלע אנדערע פעלקער האָבען א היים, וואו־הין זיי קאָנען צוריק געהן. די אידען אבער האָבען קיין היים ניט.

— מ א י א ר  ג א ר ד א ן: אבער דאָס דעקט זיך אין א געוויסער מאָס דורך דעם פאַקט, וואָס איינציגע הונדערט אידען ווערען יעדען יאָהר דורך דאָס אידישע פאָלק אליין צוריקגעשיקט צו דער היים, וועלכע איז ניט קיין היים.

— ד ר. ה ע ר צ ל: עס איז נאָך מיין מיינונג געווען א גרויסער פעהלער פון דער אידישער געמיינדע אזוינס צו טאָן, און

איצט ווערט עס דורכדעם באצאהלט, וואס איהר, מאיאר גארדאן, אדער אן אנדערער דזשענטעלמאן קאן זאגען: אויב די אידישע געמיינדע האט עס געטאן — צי זאלען מיר עס ניט טאן?

— מאיאר גארדאן: אין אן אנדער טייל פון אייער אויסזאגע באהויפטעט איהר, אז די לייט קאנען אין די ערטער פון וועלכע זיי קומען ניט לעבען. איך באהויפטע, אז דער פאקט פון זייער צוריקשיקונג אהין באווייזט, אז עס גיט יא ערטער וואו זיי קאנען לעבען — ווייל זיי לעבען דאך דארט.

— דר. הערצל: עס זיינען פאראן פארשידענע אנ־שויאונגען וועגען די באדינגונגען אונטער וועלכע א מענש קאן לעבען.

— מאיאר גארדאן: אן אנדער פונקט, וועלכער הענגט דערמיט צוזאמען איז דער, וואס מעהרערע פון די לייט שלאגען פאר מען זאל זיי צוריקשיקען. ווי אזוי איז דאס פאראיינ־באר מיט דעם וואס איהר האט געזאגט, ווען א מענש פארלאנגט אהין צוריקגעשיקט צו ווערען, וואו ער ווערט פארפאלגט?

— דר. הערצל: געוויס זאג איך ניט, אז די אלע אידען זיינען מלאכים אדער דזשענטעלמענער. דאס ברייננגט אונז צו דער פראגע וועגען די שנארער. זיי קוקען זיך ארום, וואו עס איז פאראן א מילדערער, געזיכערטער ווינקעל און זיי מאכען די לוסט־רייזע אום דארט א שטיקעל צייט צו פארוויילען. וואס אנ־באלאנגט דעם שווארצען וואלקען, וואס ציהט זיך צונויף אויפ׳ן מזרח, וועגען וועלכען ער דערמאנט אין זיין אויסזאגע — זאגט דר. הערצל, אז די לאגע איז דארט איצט פיעל ערגער ווי אין דער צייט ווען ער האט זיין בראשורע געשריבען. אין גאליציען לעבען זיבען־הונ־דערט־טויזענט אידען אין א צושטאנד פון טיפען עלענד. די וואוינונגס־פארהעלטענישען זיינען דארט פיעל שרעקליכער איידער די ערגסטע אין איסטענד פון לאנדאן. אפט וואוינען און שלאפען דארט פיער פאמיליעס אין איין קליינעם צימער. די איינ־וואנדערונג פון אזעלכע לייט קיין ענגלאנד, וועלכע האבען די איי־

געגשאפּט עקאָנאָמיש ארויפצושטייגען, מעג פאר זייערע שכנים אומאנגענעהם זיין, אבער פאר דעם שטאט אלס א גאנצער קאָן עס נאָר זיין פון נוצען.

— מ א י א ר ג אָ ר ד אָ ן : גלויבט איהר, אז אין דעם לאנד איז אנטשטאנען אן אידען־פראגע?

— ד ר. ה ע ר צ ל : איך דיינק, אז די שווערינקייט איז פאראן, וויבאלד איהר זייט גענויטיגט זי צו דיסקוטירען.

— מ א י א ר ג אָ ר ד אָ ן : וואָס וועט לויט אייער פאר־אויסזעהן זיין דער רעזולטאט — ווען מען זאָל עס לאָזען געהען ווי עס איז?

— ד ר. ה ע ר צ ל : איך ליעב ניט צו זאָגען נביאות.

מ א י א ר ג אָ ר ד אָ ן : איהר באהויפּטעט, אז די פראגע איז ערשט אין איהר אָנפאַנגס־סטאדיום, און די טענדענץ באַ־שטעהט, אז אלץ מעהר און מעהר פון אייער פאָלק וועלען אין אונ־זער לאנד אָנקומען?

— ד ר. ה ע ר צ ל : יא, אזוי דיינק איך.

— מ אָ י א ר ג אָ ר ד אָ ן : אין הפוך צו די פיהרער פון איינצעלנע אידישע געמיינדען אין די פארשידענע לענדער — באַ־טראַכט איהר די גרויסע פראגע פונ'ם שטאַנדפּונקט פון דעם אי־דישען נאַציאָנאַליזם.

— ד ר. ה ע ר צ ל : גאנץ ריכטיג!

— מ אָ י א ר ג אָ ר ד אָ ן : און דאָס איז דער אונטער־שיד צווישען אייך און די אנדערע.

— ד ר. ה ע ר צ ל : יא.

— מ א י א ר ג אָ ר ד אָ ן : פארקניפּט — נאָך אייער מיינונג — דער אידישער נאַציאָנאַליזם יענע אידען, וועלכע האל־טען זיך אָן דיזעלבע מיינונגען ווי איהר?

ד ר. ה ע ר צ ל : אין וועלכען זינען?

— מ א י א ר  ג אָ ר ד אָ ן : ערגעבענקייט צו דער אידי־שער נאציאָן און צו דער אידישער אידעע.

— ד ר. ה ע ר צ ל : אומבאדינגט.

— ל אָ ר ד  ר אָ ט ש י ל ד : וואָלט עס ניט געווען אם בעסטען צו פרעגען דר. הערצל, וואָס זיינע אנזיכטען זיינען אי־בער אן אידישע נאציאָן?

מ א י א ר  ג אָ ר ד אָ ן : וואָלט איהר ניט קורץ געזאָגט. וואָס אייערע אנזיכטען זיינען וועגען אידישען נאציאָנאַליזם?

— ד ר. ה ע ר צ ל : איך וועל אייך געבען מיין דעפיני־ציע, וואָס אַזוינס עס איז אַ נאציאָן און איהר וועט דאָס אייגענ־שאַפטס־וואָרט „אידיש" קאָנען צוזעצען. אַ נאציאָן — נאָך מיין אנזיכט — איז אַ היסטאָרישע גרופּע פון מענשען פון אַ דערקענ־באַרען צוזאמענהאנג, וועלכע ווערען צוזאמען־געהאַלטען דורך אַ געמיינזאמען פיינט.

— מ א י א ר  ג אָ ר ד אָ ן : ווער וועט אין דעם פאַל זיין דער געמיינזאמער פיינט?

— ד ר. ה ע ר צ ל : דער אנטיסעמיטיזם.

— מ א י א ר  ג אָ ר ד אָ ן : האַלט איהר, אַז אונטער די אומשטאַנדען און ביי לייט וועלכע טיילען אָט די אנשויאונגען אין באַצוג צו אַן אידישער נאציאָן און זיינען דעם אידען־שטאַט פּאָ־ליטיש איבערגעבען — האַלט איהר, אַז אַ פאָלשטענדיגע אסימי־לאַציע מיט דער ענגלישער געזעלשאַפט דאָ איז מעגליך?

— ד ר. ה ע ר צ ל : געוויס! איך גלויב, אַז די אסימי־לאַציע איז ווירקליך מעגליך, כאָטש איך זאָג ניט, אַז זי איז ווינ־שענסווערט. איהר האָט דעם היסטאָרישען ביישפּיעל פון די הו־גענאָטען, וועלכע האָבען — דורכדעם וואָס די פּראָטעסטאַנטען זיי־נען אין פראנקרייך פאַרפאָלגט געוואָרען — אויסגעוואנדערט קיין דייטשלאַנד. און איהר האָט פיעל פאַמיליען מיט דייטשע נעמען — איך דערמאָן זיך נאָר אין דעם גענעראַל צורלינדען — וועלכע האָבען זיך אין פראנקרייך פאָלקאָמען אסימילירט.

— מ אַ י א ר  ג אַ ר ד אַ ן : איך דיינק, אַז מען קאָן ניט ציהען קיין פארגלייך צווישען די הוגענאָטען און אייער פאָלק. די הוגענאָטען זיינען געווען מענשען, וועלכע האָבען זיך דורך הייראַטען אויסגעמישט און דורך אָט די געמישטע חתונות זיינען זיי פון דער דייטשער באפעלקערונג וואָס האָט זיי ארומגערינגעלט אינגאנצען איינגעשלונגען געוואָרען. ביי די אידען איז עס ניט דער פאַל.

— ד ר. ה ע ר צ ל : אויב אַזוי, איז דערמיט באַוויזען, אַז די אידען ווילען ניט אינגאנצען אסימילירט ווערען.

— מ אַ י א ר  ג אַ ר ד אַ ן : גלויבט איהר, אַז די אונטערשטיצונג און גאסט־פריינדשאפט וועלכע ווערט פאר די אונטערדריקטע אידען פון רומעניען און רוסיש־פוילען ארויסגעוויזען — אנטהאלט א וואס'ר ס'איז קאָנקורענץ־געפאהר פאר די ארבייטענדע קלאסען אין ענגלאנד ?

— ד ר. ה ע ר צ ל : ניין, דאָס גלויב איך ניט. פארוואָס זאָל וואוילטעטיגקייט צו די אַנדערע ברייגגען שאדען ?

— מ אַ י א ר  ג אַ ר ד אַ ן : איהר גלויבט אויך ניט אין דעם מיטעל פון פארטיילונג ?

— ד ר. ה ע ר צ ל : ניין !

— מ אַ י א ר  ג אַ ר ד אַ ן : איהר גלויבט, אז די באַמיהונגען פון דעם אידישען „באָארד אָוו גארדיאנס" (אידישער וואוילטעטיגקייטס־אמט) און די באַמיהונגען פון דעם רוסישען קאָמיטעט דאָ — זיינען גאַנץ אומזיסט ?

— ד ר. ה ע ר צ ל : זיי זיינען ניט בכח די נויט גובר צו זיין.

— מ אַ י א ר  ג אַ ר ד א ן : האָט באַראָן הירש גרויסע הכנסות פאר דאָס אידישע פאָלק צוריקגעלאָזט ?

— ד ר. ה ע ר צ ל ; יאָ.

— מ אַ י א ר ג אָ ר ד אָ ן: האָבען אַט די אַנשטאַלטען דאָס אומגליק פארגרעסערט אָדער פארקלענערט?

— ד ר. ה ע ר צ ל: איך גלויב, אז זיי זיינען פאר דעם גאַנץ גלייכגילטיג.

— מ אַ י א ר ג אָ ר ד אָ ן: זיי האָבען סיי צו גוטען, סיי צו שלעכטען קיין עפעקט ניט געהאַט?

— ד ר. ה ע ר צ ל: קיין עפעקט. אין באַצוג צו דער אויסערגעוויינליכער פראגע זיינען זיי גאַרנישט, א טראָפּען אין ים. זיי זאָרגען העכסטענס פאַר שולען און פאַר אייניגע קליינע לאַנדווירטשאַפטליכע סטאַנציעס.

— מ אַ י א ר ג אָ ר ד אָ ן: טוען זיי ניט עפּעס גוטעס אָדער ווערט דאָס געלט פארשווענדעט?

— ד ר. ה ע ר צ ל: אַט, כמעט פארשוועֶנדעט.

— מ אַ י א ר ג אָ ר ד אָ ן: ווערט דאָס געלט פאַרברויכט, כדי א טייל פון די אידען נאָך ארגענטינא צו שיקען?

— ד ר. ה ע ר צ ל: יא.

— מ אַ י א ר ג אָ ר ד אָ ן: און א טייל אויך נאָך פּאַ־לעסטינא.

— ד ר. ה ע ר צ ל: ניין.

— מ אַ י א ר ג אָ ר ד אָ ן: איז פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג גאָר ניט געגעבען געוואָרען?

— ד ר. ה ע ר צ ל: אָ, ניין!

— מ אַ י א ר ג אָ ר ד אָ ן: איז דער פארזוך די אידען אין א פאַר זיי פארבאַרייטעטען לאַנד צו קאָלאָניזירען — דורכ־געפאַלען?

— ד ר. ה ע ר צ ל: עס איז א דורכפאַל, ווייל אַזעלכע זאַכען קאָן מען מיט געלט אַליין ניט מאַכען. כדי א גרויסע קאָ־לאָניזאַציע צו באַגרינדען, מוז מען האָבען א פאָהן און אַן אי־

דעע. זיי זיינען ניט געווען — דערפאר האָט קיין ערפאָלג ניט געקאָנט קומען.

— מ א י א ר ג אָ ר ד אָ ן : מען האָט מיר געזאָגט, אז די באראָן־הירש גרינדונגען האָבען גיכער די ווירקונג צו פארמעהרען די צאָהל פון די, וועלכע איהר רופט שנאָרער?

— ד ר. ה ע ר צ ל : איך גלויב, אז עס איז באמת אזוי. די לייט ווייסען, אז ס'איז דאָרט געלט פאראַן און זיי לאָזען זיך אהין.

— מ אָ י א ר ג אָ ר ד אָ ן : און זיי האָבען א וועג פאר דעם?

— ד ר. ה ע ר צ ל : געוויס! עס איז זעהר נאַטירליך. איך גלויב, אז עס איז ניט בלויז אידיש.

— מ א י א ר ג אָ ר ד אָ ן : איך בין מיט אייך איינפאר־שטאַנען. ווייסט איהר וועגען א דרוק, וועלכען מען האָט געמאכט אויף דער רוסישער רעגירונג כדי צו פארלייכטערען די עקסים־טענץ־באדינגונגען פון די אידען, וועלכע לעבען דאָרט?

— ד ר. ה ע ר צ ל : געוויס. עס עקסיסטירט אין דעם לאנד א שטרעבונג, וועלכע איהר רופט דאָ — עפענטליכע מיינונג, און וועלכע האָט פאר זיך אזא ציעל. פון די זייטען פון אלטער־טום אָן עקסיסטירט מעהר קיין ביישפּיל ניט פון העלאָטען, אבער די אידען אין רוסלאנד זיינען פאקטיש העלאָטען אָדער פאריער.

אויף אנדערע פארשידענע פראגען האלט דר. הערצל פאר גלייכער ניט צו ענטפערען, אזוי ווי דאָס קאָן אפשר פארשאפען אומאנגענעמליכקייטען פאר זיינע ברידער אין רוסלאנד.

נאָכדעם ווי מאיאר גארדאן אנטשולדיגט זיך פאר דעם עקס־פּערט פאר דעם פארמאטערענדען פארהער און דאנקט איהם פאר די באַרייטוויליגע ענטפערס, דערקלעהרט די קאָמיסיע א מיטטאָג־פּאוזע.

---

די נאַכמיטאָג־זיצונג הויבט זיך אָן מיט די

## פראַגען פון מר. וואַלענס.

מר. וואַלענס פרעגט דעם עקספּערט, וואָס ער פאַרשטעהט אונטער אסימילאציע?

— ד ר. ה ע ר צ ל: אונטער אסימילאציע פאַרשטעה איך ווערטליך, וואָס דאָס וואָרט באַדייט: אַזוי עהנליך צו ווערען, אַז מען זאָל זיך אין גאָר ניט אונטערשיידען.

— מ ר. ו ו א ל ע נ ס: פאָראויסגעזעצט, אַז די צו־שפּרייטונג וואָלט מעגליך געווען, וואָלט זי ניט געפיהרט צו דער אסימילאציע, ווי איהר פאַרשטעהט זי?

— ד ר. ה ע ר צ ל: ניין, די צושפּרייטונג דויערט שוין 1800 יאָהר. פריהער מיט 1800 יאָהר זיינען די אידען צושפּרייט געוואָרען און זיי זיינען ביז היינט ניט אסימילירט.

— מ ר. ו ו א ל ע נ ס: די פראַגע, באַטראַכט פון אַן ענגלישען שטאַנדפּונקט, און פאַראויסגעזעצט אַז די פרעמדע וואָל־טען זיך אַליין ניט קאָנצענטרירט אין איין דיסטריקט נאָר זיי וואָלטען זיך איבער דאָס גאַנצע לאַנד צושפּרייט — גלויבט איהר, אַז אויך דאַמאָלט וואָלט די פראַגע וועגען דער איינוואַנדערונג פון פרעמדע אנטשטאַנען?

— ד ר. ה ע ר צ ל: איך קאָן עס מיר זעהר לייכט פאַר־שטעלען.

— מ ר. ו ו א ל ע נ ס: און איהר גלויבט, אַז אויסער אין איהר אורשפּרונג גיט עס קיין מעגליכקייט ניט די פראַגע ביי־צוקומען?

— ד ר. ה ע ר צ ל: יא, איך גלויב אַזוי.

— מ ר. ו ו א ל ע נ ס: איך בין ניט גאַנץ קלאָר וואָס איהר מיינט, ווען איהר זאָגט: „דער שטראָם פון דער איינוואַנ־

דערונג אין דעם לאנד זאל אין זיין קוואל אָן א זייט אָפּגעווענדעט ווערען." האָט איהר אין זינען א באזונדערן פּלאַן?

— ד ר. ה ע ר צ ל : געוויס!

— מ ר. ו ו א ל ע נ ס : וואָלט איהר איהם ניט באשרייבען?

— ד ר. ה ע ר צ ל : איך וואָלט פאַרגעצויגען דעם פּלאַן דאָ בלויז אין זיינע אַלגעמיינע שטריכען פארצולייגען, און איך וואָלט גליקליך געווען, ווען איך זאָל קאָנען אַלע איינצעלהייטען מיטטיילען דעם פּאַרזיצענדען פּריוואַט, און ווען ער ווערט עס האַלטען פאר ווערט, וועט ער די איבעריגע הערן דערמיט באקאַנט מאַכען.

— מ ר. ו ו א ל ע נ ס : און אין וועלכער ריכטונג געהט דער פּלאַן?

— ד ר. ה ע ר צ ל : דער פּלאַן צילט צו שאפען א צענטער פון גענוג שטאַרקער אנציהונגס־קראַפט, אזוי אז די אידען וואָלטען אַהין געגאַנגען.

אויף א פראגע פון מר. וואלענס ענטפערט דר. הערצל, אז די באשרענקענדע געזעצען וועלכע הערשען איצט אין אמעריקא, קאָן מען לייכט פאַרמיידען, און נעמליך די סומע וועלכע יעדער איינוואנדערער מוז ווייזען, איידער מען לאָזט איהם אריין, קאָן לייכט געבאָרגט ווערען און נאָך דער לאנדונג צוריקגעגעבען ווערען.

---

## פראגען פון סער קענעלם דיגבי.

— ס ע ר ק. ד י ג ב י : פון אייער שטאַנדפּונקט גיט איהר ניט צו — ניט אז מען זאָל די אידען אויסשליסען פון די לענדער צו וועלכע זיי אימיגרירען אצינד און ניט וואָס עס איז אַנדערע באגרענעצענדע מיטלען?

— ד ר. ה ע ר צ ל : ניין, עס עקסיסטירען געגענדען, וואָס

האבען א שלעכטען נאמען — זיי קאנען עהנליכעס טאן. געגענדען, וועלכע ליעגען ניט אזא געוויכט אויפצוהאלטען זייער אלטע באַרימטקייט און זייער אידען־פרייהייט, ווי ענגלאנד טוט עס. אזעלכע געגענדען מעגען אזא מן זאך טאן.

— סער ק. דיגבי: ווען אייערע אידעען זאלען זיין ערפאלגרייך און זיך פארווירקליכען — וואלט דאס דאך ניט אפּגעהאלטען די אידען ערגיץ־אנדערשוואו צו געהן. איך גלויב ניט, אז איהר זאלט דאס דערווארטען?

— דר. הערצל: איך דענק, אז עס וועט ניט נאר די איינוואנדערונגס־באוועגונג אויפהאלטען, נאר אויך אהין ברייגנען אלע יענע, וואס פיהלען אליין, אדער וועלכע מען מאכט פיהלען, אז זיי זיינען ערגיץ־אנדערשוואו ניט געווינשט, אז זיי ווערען באַטראכט פאר איבערפליסיג.

— סיר ק. דיגבי: איהר גלויבט אלזא, אז די רעליגיעזע אידעע, פונקט ווי זייער מאטעריעלער נוצען — וועלען זיי אהין ציהען?

— דר. הערצל: א גאנצע מענגע פון נוצען.

— סער ק. דיגבי: כאטש אייער אידעע וואלט דורך דעם געמאכט פארטשריטע, זייט איהר פונדעסטוועגען געגען דעם, אז אנדערע נאציאנען זאלען אויסשליסען די אידען פון זייערע לענדער? איהר באטראכט דאס ניט פאר א נויטווענדיגע שטופּע אין דער פראפּאגאנדירונג פון אייער אידעע?

— דר. הערצל: ניין. איך וואלט גיכער פארגעצויגען צו זיין א בעל־חלומות און בעסער זעהן, ווי די פאקטען וועלען עס ניט באווייזען, אז איך האב געהאט דעם ריכטיגען פאר־אויסבליק.

— סער ק. דיגבי: ערווארט איהר אן אמת'ע געפאר פון א דערוואכען פון דעם אנטיסעמיטיזם אין א לאנד ווי אונזערע?

— דר. הערצל: ס'איז פאראן א פראנצויזיש ווער־

טעל, וועלכעס לויטעט: „די חיה איז זעהר שלעכט, זי פארטייי־
דיגט זיך, ווען מען אטאקירט זי" — ווען די אידען וועלען אנגע־
גריפען ווערען — וועלען זיי זיך פארטיידיגען און איהר וועט האָ־
בען אינערליכע אומרוהען.

— ס ע ר ק. ד י ג ב י: דערוואַרט איהר אַן ערנסטע
געפאר פאר די אידען, ווען זיי ווערען אַנגעגריפען?

— ד ר. ה ע ר צ ל: צום באדויערן קען איך אנטיסעמי־
טישע לענדער.

— ס י ר ק. ד י ג ב י: איהר האָט ביז אהער קיין באַ־
וויז ניט געבראַכט, אז אין דעם לאנד האלט אן אנטיסעמיטישע
שטרעמונג אין אויפקומען.

— ד ר. ה ע ר צ ל: איך דערמאָן זיך אַז דער צייט, איי־
דער דער אנטיסעמיטיזם איז אין פראנקרייך ארויפגעשווימען. איך
האָב דאָרט געלעבט אין דער צייט פון דער דרייפוס־אפערע. דאַ־
מאָלט האָט נאָך דאָרטען קיין אנטיסעמיטיזם ניט געגעבען. אבער
איצט האָט ער זיך שוין אהין אריינגעצויגען. איך גלויב ניט, אז
עס איז גוט פאר א לאנד צו האָבען אנטיסעמיטיזם, ניט פאר די
אידען, אבער אויך ניט פאר דאָס לאנד.

---

# פראַגען פון לאָרד ראָטשילד.

— ל אָ ר ד ר אָ ט ש י ל ד: איך וואָלט אייך געוואָלט
דערמאָנען אן אייניגע תשובות, וואס איהר האָט געגעבען צו מאיאר
גאָרדאָן. צי גלויבט איהר, דאָס עס איז מעגליך, אז א מענש זאָל
זיי אן אנהייננגער פון דר. הערצל און א ציוניסט — וואס דאָס זאָל
ניט באדייטען — און צו דערזעלבער צייט זאָל ער אויך זיין א
גוטער בירגער פון זיין היים, א גוטער ענגלענדער, אָדער אמע־
ריקאנער, אָדער עסטרייכער?

— ד ר. ה ע ר צ ל: איך בין אין דעם טיף איבערצייגט און איהר האט דעם באוויז דערפאר געהאט אין לעצטען קריג. עס איז מיר באקאנט, אז אין אייער ארמעע זיינען געווען צוויי ציוניסטישע פאראיינען.

— ל א ר ד ר א ט ש י ל ד: איך האב אייך די פראגע געשטעלט, וויל איך גלויב, אז איהר האט מאיאר גארדאן ניט פארשטאנען, כאטש איך גלויב, אז ער האט די פראגע אויף דעם זעלבען אופן געוואלט שטעלען, ווי איך האב עס געטאן. בלויז וואס ער איז געווען מעהר פאליטיש פון מיר. עס איז נעמליך דא, צום אנהויב פון די זיצונגען פון דער קאמיסיע, געזאגט געווארען, אז דער פאקט, וואס א מאן איז א ציוניסט — שטערט איהם צו זיין א גוטער בירגער פונ'ם לאנד, און עס מאכט אומבאדינגט נויט־ווענדיג איהם פון דעם לאנד אויסצושליסען. איך האב געהאלטען פאר נויטווענדיג אייך דאס צו זאגען, כדי איהר זאלט קאנען דער־קלערען דער קאמיסיע, ווי אזוי עס איז פאר א מענשען פאר־איינבאר צו האבען א מיטגעפיהל פאר זיינע פארפאלגטע ברידער אין רומעניען, און דאך צו זיין א גוטער בירגער פון זיין לאנד.

— ד ר. ה ע ר צ ל: דאס איז א רעטארישע פראגע.

— ל א ר ד ר א ט ש י ל ד: די קאמיסיע קאן אייך אלזא אין דעם זינען פארשטעהן, אז אידען אדער אידישע קערפערשאפ־טען טיילען אייערע אנזיכטען איבער דעם וואס איהר רופט ציו־ניזם, און דאך קאנען זיי זיין גוטע און ערגעבענע בירגער.

— ד ר. ה ע ר צ ל: געווים! און פיעל בעסערע ווי די, וואס זיינען ניט קיין ציוניסטען.

— פ א ר ז י צ ע נ ד ע ר ל א ר ד ד ז ש י י מ ס: וואלט איהר אונז, פריינדליכסט געגעבען אייער אנזיכט איבער דאסווארט „ציוניסט“?

— ל א ר ד ר א ט ש י ל ד: לארד דזשיימס און די קאמיסיע זיינען נייגעריג געוויז זיך צו דערוויסען, וואס איהר

מיינט, אָדער וואס איז געמיינט מיט דעם וואָרט „ציוניזם". צי פאַרשטעהט איהר דארונטער א געמיינזאמע באוועגונג כדי וויעדער אמאָל אויפצושטעלען אן אידישען שטאַט אין פאַלעסטינא, אָדער צי איז אונטער דעם וואָרט „ציוניזם" בלויז געמיינט א גרויסע שטרעבונג, וואסער ס'איז טייל פון דער וועלט איז גאנצען מיט אידען צו קאָלאָניזירען? האָב איך זיך קלאָר אויסגעדריקט?

— ד ר. ה ע ר צ ל : פאָלקאָמען קלאָר.

— ד ע ר פ אַ ר ז י צ ע נ ד ע ר : וואָלט איהר אונז ניט געזאָגט, וואָס עס איז אזוינס א ציוניסט?

— ד ר. ה ע ר צ ל : מיר האָבען אויף דעם ערשטען קאָנגרעס אין באזעל פאָרמולירט א פראגראם, וועלכעס האָט פעסטגעזעצט פאָלגענדען ציל: „די שאפונג פון א רעכטליך־געזיכערטער היים פאַר דאָס אידישע פאָלק אין פאַלעסטינא." דאָס איז דער פעסטער ציל. אבער עס קאָנען געבען מאָמענטען, ווען דירעקטע הילף, אָדער נאָך א טריט פאָרווערטס זיינען אומבאדינגט נויטווענדיג. און אזוי האַלטען זיך די ציוניסטען פאַרפּליכטעט — האַלטענדיג זיך תמיד פעסט ביי זייערע פּרינציפּען און זייער פּראָגראם — צו מאכען דעם פאַרזוך — אוואו נאָר עס איז נויטווענדיג — דעם הארטען גורל פון די אונטערדריקטע אידען דורך פּאַסענדע מיטלען צו דערלייכטערן.

— ל אָ ר ד ר אָ ט ש י ל ד : היות ווי מיר האַלטען ביי דער פראגע, וואָלט איך מיך דארויף געוואָלט אָפּשטעלען. איהר ווייסט אז פילאַנטראָפּען — ווענעס נעמען איך וויל ניט אנרופען — האָבען געמאכט דעם פאַרזוך צו גרינדען אידישע קאָלאָניעס אין פאַלעסטינא?

— ד ר. ה ע ר צ ל : זיי האָבען דערמיט קיין ערפאָלג ניט געהאַט.

— ל אָ ר ד ר אָ ט ש י ל ד : און די אַלע קאָלאָניעס זיינען ביז אצינד ניט געלונגען?

— ד ר. ה ע ר צ ל : יאָ,

— לאָרד ראָטשילד: עס גיט פארשידענע מיי־נונגען וועגען דעם, פארוואס זיי זיינען ניט געלונגען. די מעהרהייט אבער זאָגט, אז זיי האָבען דערפאר קיין ערפאָלג ניט געהאט, ווייל די טערקישע רעגירונג וויל עס ניט צולאָזען.

— דר. הערצל: איך ציה עס פאָר, איבער דער טער־קישער רעגירונג און איבער די פאַלעסטינער קאָלאָניעס איצט ניט צו ריידען. איך בעט אייער לארדשאַפט מיר איינינע אויגענבלי־קען פריוואט צו באוויליגען, און איך וועל אייך מיינע אנזיכטען דאריבער מיטיילען.

— לאָרד ראָטשילד: איהר זייט וועגען די פאר־פאָלגונגען פון די אידען אין פוילען און רוסלאנד אויסגעפרעגט געוואָרען. זייט איהר מיט די פארהעלטענישען אין פוילען און רוסלאנד ניט פערזענליך באקאנט?

— דר. הערצל: ניין. איך בין דערמיט פערזענליך ניט באקאנט. עס האלט דערמיט ווי מיט איינינע אנדערע פאקטען, צום ביישפיל, מיט די פאקטען, וועלכע איך קען, כאָטש איך בין דערביי ניט געווען אנוועזענד; איך קען די לאגע פון די אידען אין רוסלאנד פון פארטרויענסווערטע קוועלען.

— לאָרד ראָטשילד: קאָנט איהר דער קאָמיסיע זאָגען, וואָס עס געהט אצינד פאָר אין רומעניען?

— דר. הערצל: יאָ, איך קאָן עס.

— לאָרד ראָטשילד: וויפיעל אידען גיט עס אין רומעניען?

— דר. הערצל: נאָהענט צו א פערטעל מיליאָן.

— לאָרד ראָטשילד: זיינען זיי פארפליכטעט אין דער ארמעע צו דינען?

— דר. הערצל: יאָ.

— לאָרד ראָטשילד: וואָלט איהר דער קאָמיסיע ניט געזאָגט, וואָס פאר א ליידען די אידען האָבען אויסצושטעהן אין רומעניען, ווי אזוי זיי ווערען דאָרט פארפאָלגט און ווי אזוי

עס וועלען אויף זיי ווירקען די נייע געזעצען, וועלכע זיינען דאָרט אַנגענומען געוואָרען?

— ד ר. ה ע ר צ ל: צוערשט לײדען זיי אונטער דער אומבאשטימטקייט פון דעם מאָרגענדיגען טאָג. איך דיינק, אַז איינער פון די שווערסטע שאדענס, וואָס קאָן א מענשען פארשאַפען ווערען, איז ניט זיכער צו זיין, צי ער וועט מאָרגען פון זיין פּראָפעסיע, פון זיין הויז, פון אלע זיינע לעבענס־באדינגונגען ניט ארויסגעריסען ווערען. דערצו גיט עס דאָרט א געזעצליכער באַיקאָט און א ווירקליכער באיקאָט. דער ווירקליכער באיקאָט איז דערזעלבער ווי אין גאליציען און אנדערע לענדער, וואו ס'הערשט אנטיסעמיטיזם. מען זאָגט דאָרט: „קויפט ניט ביי אידען!“ און אין רומעניען איז א געזעצליכער באיקאָט געשאפען געוואָרען, אזוי ווי מען האָט אנגענומען א געזעץ, וועלכעס מען ווענדעט אָן געגען „פרעמדע“, סוחרים און בעלי־מלאכות. ווייל אין רומעניען ווערען דאָך אידען, וועמעס אורעלטערען עס האָבען שוין אין לאנד גע־וואוינט, און זיי אליין זיינען אין לאנד געבאָרען געוואָרען — אויך אלס פרעמדע באטראכט, און די ווערטער פרעמדע און איד — זיי־נען סינאנימס.

— ל א ר ד ר אָ ט ש י ל ד: קאָן א איד אין רומעניען ווערען אַן אדוואָקאט?

— ד ר. ה ע ר צ ל: איך קאָן צום ביישפּיל אן אדוואָ־קאַט, וועלכער איז פונ'ם לאנד ארויסגעטריבען געוואָרען, איך ווייס ניט פאר וועלכען גרונט.

— מ א י א ר ג אָ ר ד אָ ן: איז ער ארויסגעטריבען גע־וואָרען דערפאר ווייל ער איז א איד?

— ד ר. ה ע ר צ ל: וואָלט ער געווען א רומענער, וואָלט ער ניט געקאָנט אויסגעוויזען ווערען.

— ל א ר ד ר אָ ט ש י ל ד: מען מוז אלזאָ זיין א רומע־נער, אום צו קאָנען פּראקטיצירען וואס'ר ס'איז פּראָפעסיע, ניט אזוי?

— ד ר. ה ע ר צ ל: אום זי זיכער צו פראקטיצירען, מוז מען זיין א פולבארעכטיגטער בירגער.

— ל א ר ד ר א ט ש י ל ד: און דער פאקט וואס מען איז א איד, נעהמט אוועק די מעגליכקייט צו ווערען א רומענער?

— ד ר. ה ע ר צ ל: איהר ווייסט וואס עס שטעהט איז בערלינער אפמאך.

— ל א ר ד ר א ט ש י ל ד: דער בערלינער טראקטאט זעצט פעסט, אז די רומענער דארפען עס ענדערן.

— ד ר. ה ע ר צ ל: יעדע בקשה צו ווערען א בירגער, מוז דורכגעהן דורך דער אפשטימונג פונ'ם פארלאמענט; און פון א פערטעל מיליאן אידען זיינען נאר ארום 300 נאטוראליזירט געווארען.

— ל א ר ד ר א ט ש י ל ד: לאמיר אננעהמען, אז די רומענישע רעגירונג וואלט געצוואונגען געווארען די באשטימונגען פון דעם בערלינער אפמאך אויסצופיהרען און די אידען גלייך מיט די רומענער צו באהאנדלען — האבען זיי דארט אין רומעניען פלאץ פאר זיי?

— ד ר. ה ע ר צ ל: מיינט אייער לארדשאפט דאס בנוגע צום באדען?

— ל א ר ד ר א ט ש י ל ד: איך מיין וועגען אלץ צוזא־מען — וועגען באדען, ארמעע, האנדעל, מלאכה און פרייע פרא־פעסיעס.

— ד ר. ה ע ר צ ל: דאס איז א טעארעטישע זאך. איך קען לענדער, וואו די אידען האבען לויט'ן געזעץ פולע רעכטען, אבער אין דער פראקטיק האבען זיי עס ניט. אזוי וואלט עס גע־ווען ווען — וואס עס איז גאנץ אוממעגליך — די אייראפעאישע מעכטען זאלען פון אייגענעם אינטערעס זיך איינשטעלען ביי דער רומענישער רעגירונג לטובת די אידען. ווען איך וואלט געווען א רומענישער שטאטסמאן, וואלט איך די איינצעלנע אינטערוועני־

רענדע אנטיסעמיטישע לענדער אויפגעפאָדערט אליין מיט א גוטען ביישפיל אנצוהויבען. צוליעב דעם גרונט גלויב איך ניט אין אן אינטערווענציאָן. ווען אבער אזעלכע זאָל דאך געמאכט ווערען, וואָלט די באפעלקערונג אין דער פראקטיק געמאכט אומווירקזאם די געזעצליכע באשטימונג.

— לאָרד ראָטשילד: האסט דאָרט די באפעלקערונג די אידען?

— דר. הערצל: מען מוז אזוי גלויבען. ווייל זי שלאָגט זיי און זי הרג'עט זיי. דאָס זיינען סמנים פון א געוויסער פאראכטונג.

— לאָרד ראָטשילד: איז אפשר די לאגע פון גאנץ רומעניען אזוי שלעכט, אז דערפאר מוז ניט איינער פון לאנד אוועקגעהן?

— דר. הערצל: איך גלויב געוויס, אז אן אָרימער רומענער איז אן אָרימאַן.

---

## רעזומע פונ'ם פאָרזיצענדען לאָרד דזשיימס.

נאָכדעם ווי דאָס שטעלען פון די פראגען האָט זיך געענדיגט, האָט דער פאָרזיצענדער געזאָגט, אז ער האַלט עס פאר נויטיג דר. הערצל'ס אויסזאגע צו רעזומירען. דר. הערצל איז פאר דער קאָמיסיע געקומען באגייסטערט מיט דעם וואונש, אלעס צו טאָן, וואָס קאָן דינען פאר דעם נוצען און וואויל־זיין פון זיין פאָלק. אלס דער אדוואָקאט פון זיין ראסע, ניט אפשטעלענדיג זיך אויף די אינטערעסען פון דעם לאנד אליין — ווינשט דר. הערצל, אז עס זאָל ניט געמאכט ווערען קיין ענדערונג אין די עקסיסטירענדע געזעצען, קיין באשרענקונג זאָל ניט אנגענומען ווערען, און די הויך־האלטונג פון דער פאָלקאָמענער פרייהייט זאָל פאָרטגעזעצט ווער־

רען. ער ווינשט אויך, אז מען זאָל גיט מאכען וואס'ר ס'איז אונ־טערשיד צווישען די אידישע און אנדערע פרעמדע איינוואנדערער. לאָרד דזשיימס פיהרט ווייטער אויס, אז וואס אנבאלאנגט די וואוינונגס־פארהעלטעניסען, דעם פארגרעסערן זיך פון דער איינ־וואַנדערונג און ענגלישע פראגען מוזען די היימישע האָבען א בע־סערע קענטעניש ווי דער עקספערט, וועלכער האָט צוגעגעבען, אז די אינפאָרמאציעס אין דער ריכטונג האָט ער ארויסגענומען פון די עדות פאר דער קאָמיסיע. ענטפערענדיג אויף די פראגען פון לאָרד דזשיימס גיט דר. הערצל צו, אז פון דעם ענגלישען שטאנד־פונקט, וואלט עס נים געווען אוממענשליך, אָדער געגען וואס'ר ס'איז שטאנדפונקט פון וואוילטעטיגקייט, ווען די קאָמיסיע זאָל זעהן זיך געצוואונגען אין די אינטערעסען פונ'ם לאנד פארצושלאָ־גען א באשריינקונג פון דער איינוואנדערונג, ביז צו א געוויסען גראַד, לויט ווי זי האלט עס פאר צולעסיג. אָבער היות ווי מיר לעבען צום באדויערן ניט אין גן־עדן צייטען, מוז עס יעדען לאנד ערלויבט זיין, די גרענעצען פון זעלבסט־פארטיידיגונג צו באשטימען. לאָרד דזשיימס רעזומירט ווייטער, אז לויט דר. הערצל'ס אנזיכט וואָלט עס געווען מעהר ווירקזאם און עס וואלט פארהיט דאָס אויפקומען פון די פראָפעסיאָנס־בעטלער, ווען די וואוילטעטיגקייט וואלט דורכגעפיהרט געוואָרען ניט צוואווארפען, נאָר נאָך אן אלגעמיינעם פּלאן.

— ד ר. ה ע ר צ ל : די פילאנטראָפען אין דעם לאנד וואָלטען זיך געדארפט פאראייניגען און א פלאץ אויסגעפינען, וואו זיי וואָלטען די היימאטסלאָזע געקאָנט קאָלאָניזירען און זיי וואל־טען פון זיי געקאָנט מאכען ארבייטער אנשטאט בעטלער. עהנליכע אנזידלונגען זיינען דערפאר דורכגעפאלען, ווייל פאר באוועגונגען פון גרויסע פּאָלקסמאסען, איז געלט אליין ניט גענוג. זיי מוזען האָבען אן אידעאל, זיי מוזען קאָנען גלויבען אין זייער צוקונפט און דאמאָלט איז מען אימשטאנד ביי זיי צו געפינען די באגייס־טערונג פאר דער דענקבאר שווערסטער ארבייט. איך וויל אייך גע־

בען אביישפּיל: ארגענטינא האָט א זעהר גוטען באָדען, און די באַדינגונגען פאר לאַנדווירטשאַפט זיינען דאָרט באדייטענד בע־סערע ווי אין פּאַלעסטינא, אבער אין פּאַלעסטינא ארבייטען די איּ־דען מיט ענטוזיאזם און האָבען ערפאָלג. געוויס, ניט די קינסט־ליך געמאכטע קאָלאָניעס, נאָר די וואס זיינען געגרינדעט געוואָרען אויף דעם באזיס פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער אידעע, אויפ'ן סיסטעם פון זעלבסט־הילף.

— מ ר. א ל פ ר ע ד ל י ט ל ט א ן: זיינען זיי אין ארגענטינא דורכגעפאלען?

— ד ר. ה ע ר צ ל: זיי זיינען טיילווייז דורכגעפאלען; ווייל די קאָלאָניסטען דאָרט האָבען תמיד געהאָפט אויף דער אדמיניסטראציע, וועלכע פארזאָרגט זיי מיט אלעמען, ראמט זיי אלע שוועריגקייטען אָפּ פון דעם וועג און דענקט פאר זיי. זיי זיי־נען ניט זעלבסשטענדיג.

— מ ר. ל י ט ל ט א ן: איך האָב מיר פון א בוך פון לעוויס און ראסעל מיט דעם נאָמען „דער איד אין לאָנדאָן" ארויס־געשריבען א שטעל, וועלכע לויטעט: „עס מוז צוגעגעבען ווערען, אז דאָס וואקסען פון דעם אידישען נאַציאָנאַלען געפיהל איז אין פּו־לען איינקלאנג מיט די פאָרדערונגען פון אן ענגלישען בירגער. פאר קאזואיסטען מעג עס זיין א מערקווירדיגע פראגע, צי איז א קאָנפליקט צווישען די צוויי פארפליכטונגען ביי וואס'ר ס'איז געלעגענהייט דענקבאר? פאר די פראקטישע מענשען איז עס גע־נוג, אז אונזער אָנגענומען פאטערלאנד, וועמען מיר זיינען אזוי פיעל דאנק שולדיג, פארלאנגט פון אונז ניט צו זיין קיין שלעכ־טערע אידען, כדי בעסערע ענגלענדער צו ווערען. מיר ווילען דעם פאקט ניט פארלייקענען, אז אונזער בענקעניש איז געריכטעט נאָך דעם לאנד פון אונזערע פאטערס. און דאָס מיר גלויבען, אז דער זשעניע פון דער אידישער ראסע וואָלט זיך אם בעסטען אנטווי־קעלט אויף דעם אידישען באָדען. אבער די וואנדערונג נאָך פּאַלעס־

טינא וועט אפשר זיין א לאַנגער פּראָצעס. אין דער צייט וועלען אפשר עטליכע דורות מוזען אָפּשטאַרבען, און דאָס הייליגע לאַנד וועט אפשר קיינמאָל ניט קאָנען ווערען מעהר ווי דער צענטער פון אידישען לעבען. דערווייל איז אונזער היים דאָ, און מיר דאַרפען ארויסווייזען, אז מיר זיינען ווערט די גאַסטפריינדשאַפט, וועלכע מיר געניסען דאָ. די פאַרשידענע דאָך זיך ניט־ווידערשפּרעכענדע פאָדערונגען פון ענגלישער בירגערשאַפט און אידישער נאַציאָנאַליטעט — מעגען זיך זיין אן אויסנאַם. אבער אזוי איז עס געוועזען אין דער גאַנצער געשיכטע פון די אידען אין גלות.

— ד ר. ה ע ר צ ל : דאָס זיינען אויסגעצייכענטע ווערטער.

מר. נאָרמאַן שטעלט דעם עקספּערט נאָך עטליכע פראַגען אום פעסטצושטעלען, אז באַדייטענדע שוועריגקייטען זיינען צו איבערוועלטיגען, כדי אין די פאַראייניגטע שטאַטען אריינגעלאָזט צו ווערען.

— ד ר. ה ע ר צ ל : אָבער זיי ווערען דאָך באַוועלטיגט!

דער פּאָרזיצענדער לאָרד דזשיימס קאָנסטאַטירט, אז דאָס זיינען אלע פראַגען, וועלכע די קאָמיטע האָט דעם עקספּערט געהאַט צו שטעלען. יעדער איינצעלנער מיטגליד פון דער קאָמיסיע איז צוזאַמען מיט איהם, דעם פּאָרזיצענדען, דאַנקבאַר דעם עקספּערט דערפאַר וואָס ער איז געקומען, און אלע שאַצען די ענטפערס, וואָס ער האָט געגעבען.

נאָך דעם ווי דר. הערצל האָט זיך מיט יעדען מיטגליד פון דער קאָמיסיע מיט א האַנט־דרוק געזעגענט — האָט ער זיך צוריקגעצויגען.

## זעקסטע קאָנגרעס־רעדע.

(געהאַלטען אין באַזעל, 23 אויגוסט, 1903)

מיר פאַרזאַמלען זיך איצט צום זעקסטען ציוניסטען־קאָנגרעס אין דער גוטער שטאָט באַזעל, וועלכע איז שוין זעהר היימיש מיט אונזער דאַנקבאַרקייט. מיר פאַרזאַמלען זיך ווידער אין זאָרגען און האָפענונגען.

די לאַגע פון די אידען אין דער גאַנצער וועלט איז היינט גע־ וויס ניט בעסער ווי אין די יאָהרען פון די פריהערדיגע קאָנגרע־ סען. וואָס מיר האָבען געזאָגט פון דער בימה אין פריהערדיגע יאָהרען וועגען דער לאַגע פון אונזער פאָלק, דאָס גילט נאָך ביז אויף דער איצטיגער שעה. דאָ און דאָרט איז יאָ געקומען אַן ענ־ דערונג — אָבער ניט צום בעסערען. פיעל פון אונז האָבען גע־ מיינט אַז ערגער קאָן שוין ניט זיין. עס איז נאָך ערגער געוואָרען. ווי א פאַרפלייצונג איז געקומען דער עלענד איבער די אידען. אַלץ וואָס האָט געלעבט נידעריגער איז שוין פאַרפלייצט. ווען די וואָס וויאווינען אויף העכערע אָדער בעסער געשיצטע פּלעצער לייקענען דעם שוידערליכען פאַקט, טוט עס זייער שכל אָדער זייער הארץ גאָר קיין כבוד ניט אָן. אמת, דורך מודה זיין אין דעם פאַקט, אַז עס געהט די אידען אום׳רחמנות׳דיג שלעכט, ווערט נאָך ניט פיעל געוואונען. העכסטענס פיהרט דאָס צו באַרמהערציגע מעשים וועלכע זייענדיג באַזונדער גענומען פאַרדינען זיי געוויס געלויבט צו ווערען, אָבער ווען העכער באַטראַכט מיט א ברייטערען בליק, באַרדינען זיי געטאַדעלט צו ווערען, ווייל כאָטש עס איז באַוויזען,

אז זיי פיהרען ניט צו קיין תכלית, שטילען זיי דאך איין דעם גע־וויסען פון די וואס טראגען די געמיינזאמע אחריות. „נו, יא, מען טוט וואס מען קאן!“ — אזוי איז באקוועם צו ריידען. עס זיינען פיליייכט דא מענשען, וועלכע פיהלען זיך נישט'קשה'דיג זעלבסט־צופרידען ווען לעזענדיג אין דער מארגען־צייטונג וועגען א מיטעל־אלטערליכען פאגראם אויף אידען שיקען זיי דער צייטונג א קליי־ניגקע נדבה צום אנאנסירען. אבער אפילו דער וואס באשטייערט זיך עהרליך לויט זיין פארמעגען, האט מיט געלט אליין ניט געטאן נענוג. דאס געלט ברייננט ניט צוריק לעבען צו די טויטע, געזונט צו די פארקריפעלטע, עלטערען צו די יתומים. און ווי וויל מען מיט אזעלכע נדבות פארטרייבען דעם פחד פון די וואס הגם זיי זיינען ניט געטראפען געווארען אויף דעם אייגענעם לייב, מוזען אבער אין די זעלבע פארהעלטעניסען ווייטער לעבען? זיי זיינען עס נאך ניט איבערגעקומען.

מיר, ציוניסטען, געברויכען אייגענטליך די ארגומענטען זעהר ניט ווילענדיג. עס איז געגען אונזער געפיהל אויסצונוצען דעם אומגליק און יאמער פון עלענדסטע ברואים פאר אגיטאציע און פא־ליטישע צוועקען. אבער עס מוז דאך ארויסגעזאגט ווערען פון דער בימה מיט וועלכען שמערץ און וועלכען צארן מיר האבען גע־הערט וועגען די שרעקליכע פאסירונגען אין קישינעוו, און ווי גרויס עס איז אונזער צער וואס אידען לעבען אונטער אזעלכע באדינגונ־גען. ארימע, פאראומערטע לעבענס זיינען דארט פארמוטשעט געווארען צום טויט. מיר ווילען עהרען זייער אנדענקען, ווילען זאר־גען פאר זייערע יתומים און אלמנות, און דאן ווילען מיר ניט פארלירען אונזער צייט אויף נוצלאזע דעמאנסטראציעס, נאר מיט לעבעדיגען אינטערעס זיך אננעהמען פאר די לעבעדיגע.

ווארום איבער די בלוטיגע טעג פון דער בעסאראבער שטאט דארפען מיר ניט פארגעסען, אז עס איז פאראן מעהר ווי איין קי־שינעוו, און ניט נאר אין רוסלאנד. אומעטום וואו דער איד ווערט

געמוטשעט אין גוף אָדער נשמה, וואו זיין כבוד ווערט געקרענקט, זיין פאַרמעגען געשעדיגט, דערפאַר וואָס ער איז א איד, דאָרט איז קישינעוו. לאָמיר ראַטעווען די וואָס קאָנען נאָך געראַטעוועט ווערען.

מען טאָר עס לייגגער ניט פאַרציהען. ווער עס באַטראַכט נאָר די קלאָרע סימנים, מוז זעהן אַז די לאַגע איז געוואָרען ערגער, אמת מסוכן. מיר, ציוניסטען, האָבען פאָראויסגעזאָגט די סכנה זייט יאָהרען — און אַז זי איז געקומען, שטעהען מיר דאָך פול מיט צער.

אין די לעצטע צוויי צענדליג יאָהר פון נײַנצענטען יאָהרהונדערט האָט מען אין אידישע קהלה־קרייזען געגלויבט, אַז די אויסוואַנדערונג איז א רפואה, צו אַלץ. דאָס האָט געקאָנט מיטגעהן, אויב מען זאָל פאַרקוקען אַלע אַנדערע זאַכען — די צרות פון די וואַנדערער, די ביטערקייט פון דעם נייעם לעבען אין וועלכען זיי פאַלען אריין ניט צוגעגרייט, דעם נאַציאָנאַלען שאָדען פון ווערען צוזייט און צושפּרייט תמיד פון דאָס ניי, און אַזוי ווייטער, — דאָך האָט דאָס געקאָנט מיטגעהן נאָר אַזוי לאַנג ווי די לענדער פון איינוואַנדערונג האָבען זיך ניט געוועהרט געגען דעם שטראָם פון פאַרצווייפעלטע אביונים.

אַט דאָס איז די נייע עפּאָכע אין וועלכער מיר זיינען אריין. די איינוואַנדערונגס־לענדער הויבען אַן זיך צו וועהרען, הגם, אָדער דוקא ווייל די אידישע נויט אין מזרח־אייראָפּא האַלט אין שטייגען. און דאָך זיינען דאָס לענדער, וואָס צו צווייפלען אין זייער הויכער מענשליכקייט וואָלט געווען פּשוט נאַריש. די מדינות גלויבען, אַז זיי מוזען אַנהאַלטען זייער געוועהנליכע מענשליכקייט — איך זאָג דאָס ניט איראָניש — און באַהאַנדלען פּאָליטיש די אידישע פראַגע, וועלכע איז פאַר זיי די פראַגע פון אידישער איינוואַנדערונג. נאָר ביי אונז אידען האָבען נאָך אַנדערע מורא צו צוגעבען, אַז דאָס איז אַ פּאָליטישע פראַגע. די מורא, ווען מען פאַרשטעהט זי האָט, רופט אַרויס מעהר מיטלייד איידער כעס. דאָס איז א וויל־

דער פחד, וועלכער שטאמט נאך פון דעם ענגען אידישען געטא.

דערווייל געהען די זאכען פארווערטס. אין ענגלאנד, דער לעצטער רעטונגספלאץ וואס איז ביז איצט נאך גאנץ אפען, איז באשטימט געווארען א קעניגליכע קאמיסיע צו אונטערזוכען די איינוואנדערונג פון פרעמדע. פון פרעמדע, מען זאל ניט דארפען זאגען פון אידען. די אויספיהרונגען פונ'ם באריכט לאזען אבער ניט איבער קיין ספק, וועגען וועמעס איינוואנדערונג די קאמיסיע האט געדארפט זיך ארויסזאגען. מען זעהט בחוש, ווי דאס פרייע, ברייטהארציגע ענגלאנד האלט מלחמה מיט זיך אליין, ווי שווער זי צווינגט זיך צו א הארטער גזרה געגען ארימע מענשען, ווי זי פיהרט אן א ספעציעלע, געצויגענע חקירה ודרישה איידער זי באשליסט עפעס צו טאן. ווארום עס זיינען דאך דא אלטע פרינציפען, אזוי חשוב ווי פאהנען, — וועלכע קאנען ניט בלייבען אומבאשעדיגט, ווען ענגלאנד זאל אויפהערען זיין א פרייער מקום מקלט פאר אומשולדיג־אומגליקליכע. און גענוי דאסזעלבע לאזט זיך זאגען פון אמעריקא, וועלכע איז גרויס געווארען דערפאר וואס זי איז געוועזן א פרייער מקום־מקלט.

די רעגירונגען פון די לענדער וואס האבען צו טאן מיט אידישער וואנדערונג פארשטעהן אונזער זאך בעסער פון טאג צו טאג. אונזער לייזונג, וועלכע וויל פארהעלפען דאס אידישע פאלק צו אן אייגענער היים, איז אזוי צוגעפאסט צו אלעמענס אינטערעסען, אז זי מוז געלינגען. א לייכטע ארבייט איז עס געוויס ניט. פאראן שוועריגקייטען, וועלכע פארלאנגען אומגעוועהנליך פיעל געדולד און איבערגעבענקייט. אבער דאס אליין איז שוין א שטיק ערציהונג וואס מיר קריגען אונטערוועגס. עס טרעפען שווערע טעג, אין וועלכע עס צוקריכט פאר די אויגען וואס איז דערווארבען געווארען מיט גרויס מיה, און פאראן גלענצענדע התחלות וואס צופאלען זיך דערנאך. אזוי לאנג ווי א באוועגונג איז יונג און שוואך, מוזען די פיהרער איבערטראכטען, אז אזעלכע קלעפ אויף צוריק קאנען אפשוואכען די אנהענגער. און א חוץ דער אייגענער אנט־

טוישונג און מידקייט קומט נאָך די זאָרג װעגן פיהרען װייטער די ארבייט, װעגען שאַפען די מיטלען, װעגען דערהאַלטען די חברים.

אָבער גם זו לטובה. עס פארלירען זיך די, אין װעמען מען פאַרלירט גאָר ניט. זיי ציהען זיך צוריק, איינינע װייל זייער גאוה איז געקרענקט, אנדערע װייל זיי האָבען אין דער זאַך ניט געפונען זייער אייגענעם חשבון, נאָך אנדערע װייל זיי װילען נאָר דאָרט זיין װאו עס געהט מיט הצלחה, און נאָך און נאָך אנדערע צוליעב פֿאַרשידענע אנדערע טעמים. אָבער די װאָס בלייבען, זיי װערט די זאַך מיט יעדען קרבן אלץ מעהר טייער. מיט די קאָן מען געהן װייטער, און זיי מעג מען אויף אלץ דערצעהלען. אזוי האָבען מיר עס זיך פאַרגעשטעלט, װען מיר האָבען צוזאַמענגערופען דעם קאָנ־גרעס, און מיר האָבען געגלויבט, אז מיר װעלען גאָרניט האָבען װאָס צו מעלדען אויסער צוזאַמענגעבראָכענע פארהאנדלונגען און דאָס ניט געלינגען פון לאַנג צוגעגרייטע פּראָבעס. דערװייל איז עס געװאָרען אביסעל אנדערש.

זייט מיר זיינען דאָ געװען צוזאַמען צום פינפטען מאָל, האָב איך געהאַט די ערע צװיי מאָל גערופען צו װערען אין קאָנסטאָנ־טינאָפּאָל דורך זיין מאַיעסטעט דעם סולטאן. אָבערביידע מאָל, אין פעברואר װי אין אויגוסט 1902, האָבען די פארהאנדלונגען צו גאָר ניט געפיהרט. איך האָב זעלבסטפארשטענדליך ניט געקאָנט איינגעהן אויף קיין זאַך, װאָס שטימט ניט איין מיט אונזער באַ־זעלער פּראָגראַם, באַזונדערס האָבען ניט געקאָנט צופרידענגע־שטעלט װערען אונזערע נאַציאָנאַלע באַדירפענישען דורך א צװאַ־װאָרפענע, ניט פאַרבונדענע קאָלאָניזאַציע אין אלע פארשידענע טיילען פון דער טערקישער אימפּעריע. פון די טרחה'דיגע פאַר־האנדלונגען האָט זיך נאָר ארויסגעװיזען, אז זיין מאַיעסטעט דער סולטאן איז דעם אידישען פאָלק כסדר פריינדליך געזאָנען. דאָס איז געװיס באַפרידיגענד און פיעל װערט, אָבער פּראַקטיש קאָנען מיר דערמיט װייטער ניט געהן. אזוי װי די גוטע מחשבות פונ'ם

טערשער זיינען פאראן, און עס איז אויך קיין ספק ניטא וועגען די טובות וואס וואלטען דערפון ארויסגעקומען דער טערקישער מדינה, מוז די שטערונג געזוכט ווערען אין דער האלטונג פון די הויפטמעכטען וואס זיינען אינטערעסירט אין מזרח, נעמליך אין דער האלטונג פון רוסלאנד. ווארום פון דייטשלאנד'ס זייט האבען מיר געווים ניט וואס מורא צו האבען פאר א ווידערשטאנד, נאך דער אומפארגעסליכער אויפנאמע וואס דער דייטשער קייזער האט אונז ארויסגעוויזען. ווען איך האב געהאט די ערע אין יאהר 1898 עמפאנגען צו ווערען מיט א ציוניסטישער דעלעגאציע אין ירושלים, האט זיין מאיעסטעט פארזיכערט זיין פריינדשאפט פאר אונזער באוועגונג. א קייזערס ווארט דארף מען ניט דרעהען און ניט פלפול'ען. מען האט אויך ניט געדארפט מורא האבען פאר געגנערשאפט פון ענגלאנד. פאסירונגען, וועלכע איך וויל איצט מעלדען, באשטעטיגען עס.

נאכדעם ווי די לעצטע פארהאנדלונגען אין קאנסטאנטינאפאל זיינען געבליבען אהן ערפאלג, און זעהענדיג ווי די נויט וואקסט, האבען מיר געמוזט זוכען אנדערע וועגען. איך האב מיך דארום געשטעלט אין פארבינדונג מיט אייניגע מיטגלידער פון בירטישען קאבינעט און האב זיי פארגעלייגט א פארשלאג אונז צו באוויליגען א לאנד־קאנצעסיע פאר דעם סיני האלב־אינזעל, כדי מיר זאלען דארט גרינדען א ישוב פאר אונזער פאלק. די מיניסטארען, וועמען איך וויל אויסדריקען מיין ווארימסטען דאנק, אזוי גוט ווי די הויכע באאמטע פון דער בריטישער רעגירונג, וועלכע האבען צו זאגען אין דער אנגעלעגענהייט, האבען מיך אויפגענומען מיט דער גרעסטער פריינדליכקייט. מען האט מיר ערקלערט, אז אזוי ווי די געווינשטע טעריטאריע איז עגיפטיש, איז עס נויטיג צו פארהאנדלען דירעקט מיט דער עגיפטישער רעגירונג; דאך האט די ענגלישע רעגירונג מיר גרויסהארציג געגעבען איהר עמפעהלונג און האט אויסגעדריקט צו איהר פארטרעטער אין עגיפטען, לארד קראמער, איהר האפענונג אז ער און די ראטגעבער פון דעם קהעדיוו וועלען דעם

פּלאַן געבען זייער פריינדליכע באַטראַכטונג. די בריטישע רעגי־רונג האָט איבערגעלאָזען פאַר אונז צו שיקען, אלס א פּאַרבאַרייטונג, א קאָמיסיע פון פאַכלייט, וואָס זאָל אונטערזוכען ווי ווייט די שטרע־קע לאַנד פּאַסט זיך פאַר א ישוב און וואָס זיינען דאָרט די אויס־זיכטען פאַר קאָלאָניזאַציע. אונזער פאַרטרעטער, א. גרינבערג, איז ענדע אָקטאָבער אוועק נאָך עגיפּטען, באַזאָרגט מיט רעקאָמענ־דאַציעס פון ענגלישען אויסלענדישען מיניסטעריום צו דער עגיפּ־טישער רעגירונג, אום צו קריגען די הסכמה פון די דעה־האָבענדע עגיפּטישע באַאמטע ארויסצושיקען די קאָמיסיע און איהר צו אונ־טערשטיצען.

לאָרד קראָמער און דער עגיפּטישער אויסלענדישער מיניסטער האָבען איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען, און נאָך אייניגע פאַר־האַנדלונגען האָבען זיי מסכים געווען, אז די קאָמיסיע זאָל געשיקט ווערען. זיי האָבען אויך דערלויבט אז א פאַרטרעטער פון עגיפּ־טישען ביורא פאַר לאַנד־מעסטעריי זאָל זיך אַנשליסען אלס מיט־גליד פון דער קאָמיסיע. די קאָמיסיע איז באַלד געבילדעט געוואָרען און איז באַשטאַנען פון די הערן: אינזשיניר קעסלער, ארכיטעקט מאַרמאָרעק, קאָירנעל גאָלדסמידט, אינזשיניר סטיווענס, פּראָפעּ־סאָר לאָורענס, דר. ס. סאָסקין, דר. הלל יפה און דעם עגיפּטישען רעגירונגס־פאַרטרעטער מר. אמפּריים.

די קאָמיסיע איז געקומען אין עגיפּטען ענדע יאַנואַר, און אין אָנפאַנג פעברואַר איז זי ארויס נאָך דעם סיני־האַלבאינזעל. דער־ווייל האָט אונזער פאַרטרעטער, מר. גרינבערג, פאַרלאָזען ענגלאַנד און איז ווידער געפאָהרען נאָך עגיפּטען אום פּאַרצולייגען פאַר לאָרד קראָמער און דער עגיפּטישער רעגירונג דעם פּלאַן פון א טשאַרטער אויף דעם האלב־אינזעל סיני. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונ־גען האָט אונזער אונטערהאַנדלער דערהאַלטען א בריף פון דער עגיפּטישער רעגירונג, אז זי איז מסכים צום הויפּט־פּונקט פון דעם פאָרגעשלאָגענעם טשאַרטער. ער שרייבט פאַר אידישע זעלבסט־

פארוואלטונג פאר די לאנד־שטרעקע וועגען וועלכער עס האנדעלט זיך און גיט געמיינדע־רעכטען פאר דעם גאנצען באוויליגטען גע־ביט, אננעמענדיג, אז די ארויסגעשיקטע קאמיסיע וועט צושטעלען א גינסטיגען באריכט, וועלכער וועט איבערצייגען די רעגירונג, אז א ישוב אויף דעם האלב־אינזעל איז מעגליך.

אנפאנג מערץ איז די קאמיסיע צוריקגערייזט נאך עגיפטען און איך בין אליין אהין געפאהרען כדי זיך מיט איהר צו טרעפען. איך האב פארגעלייגט פאר לארד קראמער און דער עגיפטישער רע־גירונג פארשידענע פלענער, אזוי ווי איך האב אבער געמוזט פאה־רען צוריק נאך אייראפא, האב איך די ווייטערדיגע פארהאנדלונ־גען אנפערטרויט א מיטגליד פון דער ארויסגעשיקטער קאמיסיע.

עס זיינען ווידער געקומען פארצויגענע אונטערהאנדלונגען, וועלכע האבען אבער, ווי איך מוז מיטטיילען מיט באדויערען, זיך געענטדיגט דערמיט וואס די עגיפטישע רעגירונג האט דערקלערט, אז זי קאן זיך ווייטער ניט ארייגלאזען אין דעם ענין, ווייל דער רעפארט פון די פאכמענער ווייזט, אז עס איז אוממעגליך צו פאר־זארגען מיט געגוג וואסער די פלאכע פעלזינישע געגענד, און דער־פאר קאן מען אויך ניט דורכפיהרען קיין ישוב אין על־אריש אדער אין אן אנדער טייל פונ׳ם האלב־אינזעל. ווען די מיטגלידער פון דער בריטישער רעגירונג, מיט וועלכער איך בין פריהער געשטאנען אין פארבינדונג, האבען זיך דערוואוסט פון דער עצה וואס די עקספערטען האבען געגעבען דער עגיפטישער רעגירונג און פון דעם באשלוס וואס זי האט געפונען פאר נויטיג אנצונעמען, האבען זיי מיר תיכף אנגעבאטען אפצוגעבען אן אנדער שטיק לאנד פאר אי־דישע קאלאניזאציע אנשטאט דאס פריהערדיגע.

דאס נייע שטיק לאנד האט ניט דעם היסטארישען, פאעטיש־רעליגיעזען און ציוניסטישען ווערט, וואס עס וואלט געהאט אפילו דער סיני האלב־אינזעל. איך צווייפעל אבער ניט, אז דער קאנ־גרעס, אלס פארטרעטער פון דער אידישער מאסע, וועט אויך דעם נייעם אנבאט אויפנעמען מיט ווארעמסטער דאנקבארקייט. דער

פאַרשלאַג באדייט א זיך־זעלבסט־רעגירענדער אידישער ישוב אין מזרח־אפריקא מיט אידישער פאַרוואלטונג, אידישער לאָקאלער רע־גירונג און מיט אן אידישען אויבער־באאמטען בראש, דאס אלץ נאַטירליך אונטער דער אויבער־הערשאַפטליכער השגחה פון ענג־לאַנד. באטראַכטענדיג דעם אידישען צושטאַנד און די נויטיגקייט צו געפינען תיכף א מיטעל צו מאַכען די לאַגע ווי מעגליך בעסער, האָב איך זיך ניט געפיהלט בארעכטיגט, ווען דער פאַרשלאַג איז געמאַכט געוואָרען, צו טאָן עפּעס אַנדערש ווי צו קריגען די ערלויב־ניש פאַרצובריינגען דעם פאַרשלאַג פאַר'ן קאָנגרעס. כדי די זאַך זאָל פאַר אונז אַלע האָבען א גענוג ממש'דיגען אינטערעס, איז עס געווען נויטיג צו געבען דעם פאַרשלאַג א פאָרם וואָס זאָל זיך רע־כענען מיט די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען, וועלכע זיינען אונז אַלע־מען אַזוי טייער. אונזער פאַרטרעטער האָט דארום א שטיק צייט געפיהרט מיט די מיטגלידער פון בריטישען קאָבינעט און מיט די שעפס פון די ביוראָס גענויע פאַרהאַנדלונגען, וועלכע האָבען גענו־מען א גינסטיגען פאַרלויף.

איך וויל דעם קאָנגרעס ניט פאַרלויפען דעם וועג איבער דער פּאָליטיק וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג זאָל אננעהמען בנוגע צו די פאַרשלאַגען. אָבער הגם דאָס אידישע פאָלק קאָן זעלבסטפאַר־שטענדליך ניט האָבען קיין אַנדער ענד־ציעל ווי פּאַלעסטינא, און הגם אונזער בליק וועגען דאָס לאַנד פון אונזערע עלטערען איז און מוז בלייבען אומפאַרענדערט, וואָס עס זאָל זיך ניט אויסלאָזען פון דעם פאַרשלאַג, וועט דער קאָנגרעס דאָך איינזעהן וואָס פאַר א אומגעוועהנליכען שטוים פאַרווערטס אונזער באַוועגונג האָט באַ־קומען דורך די אונטערהאַנדלונגען מיט דער בריטישער רעגירונג. איך מעג זאָגען, אַז אונזערע אַנזיכטען בנוגע צו פּאַלעסטינא זיינען גאַנץ אָפען און אויספירליך דערקלערט געוואָרען צו די מיטגלידער פון בריטישען קאָבינעט און צו די הויכע רעגירונגס־באאמטע וואָס האָבען צו זאָגען אין דעם עניין. איך גלויב אַז דער קאָנגרעס וועט געפינען מיטלען ווי אויסצונוצען דעם אַנבאָט. דער אַנבאָט איז

אונז געמאכט געוואָרען אויף אזא אופן, וואָס מוז העלפען בעסער און גרינגער צו מאכען די לאַגע פונ'ם אידישען פאָלק. אָהן אַ מוז פאר אונז אויפצוגעבען וואָס ניט איז פון די גרויסע גרונד־פּרינצי־פּען אויף וועלכע אונזער באַוועגונג איז געגרינדעט.

מיר זעהט עס ניט אוים פּראַקטיש פאַרצולייגען פאַר'ן גאַנ־צען קאָנגרעס די פּרטים פון דעם פאָרשלאַג, אויף וועלכען איך וויל זעהר ערנסט ציהען אייער באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. מיר שיינט אַז עס איז ריכטיגער אייך צו בעטען, אַז איהר זאָלט וועהלען אַ קליינעם, ספּעציעלען קאָמיטעט, וואָס זאָל זיך אָפּגעבען מיט דעם גאַנצען ענין. וואָס עס זאָל ניט באַשלאָסען ווערען — אַזוי פיעל קאָן איך זיכער זאָגען, אַז מיר אַלע טראָגען גאָרניט אין הארצען אויסער אַ געפיהל פון טיפסטער דאַנקבאַרקייט פאַר די פּאָליטיש־קלוגע פריינדליכקייט וואָס גרויס־בריטאַניען האָט ארויסגעוויזען צום אידישען פאָלק דורך די פאַרהאַנדלונגען.

ציון איז עס געוויס ניט און קאָן עס קיינמאָל ניט ווערען. עס איז נאָר אַן אויסהילף אין קאָלאָניזאַציע. אָבער, מערקט אייך גוט, אויף אַ נאַציאָנאַלען און שטאַטליכען יסוד. אויף דעם סמך וועלען מיר אונזערע מאסען ניט געבען קיין צייכען זיך צו לאָזען אין וועג. עס איז און בלייבט בלויז אַ נויט־מיטעל וואָס זאָל ארויס־העלפען פון דער פאַרלאָרענקייט פון אַלע פילאַנטראָפּישע אונטער־נעמונגען און וואָס זאָל פאַרהיטען פון דעם שאַדען פון צערשטרייטע פאָלקס־טיילען.

אזוי האָבען די זאכען געהאַלטען, ווען עס איז געקומען די לעצ־טע ווענדונג, וועלכע איז ערשט אייניגע טעג אַלט, וועלכע מאַכט אָבער מעגליך אַ זעהר באַדייטענדע אַנטוויקלונג.

די גוט באַקאַנטע פּאַסירונגען האָבען עס געמאַכט פאַר נויטיג, אַז איך זאָל אין די אינטערעסען פון אידישען פאָלק פאָהרען נאָך רוסלאַנד. איך האָב געהאַט די אַנגעלייגטע געלעגענהייט צו פאַר־קעהרען מיט דער דאָרטיגער רעגירונג, און איך קאָן זאָגען, אַז איך

האָב געטראָפען א געוויסע צושטימונג צו די ציוניסטישע שטרע־בונגען, און האָב אויך געהערט ווערטער וועגען דעם גוטען ווילען צו טאָן פאר אונז עטוואס באשטימטעס. איך בין זיך איבריגענס מתודה, אז ביי דער געלעגענהייט בין איך ניט געווען בלויז א פאר־טיי־מענש — איהר וועט דערפאר אויף מיר קיין תרעומות ניט האָ־בען. איך האָב גערעדט ניט נאָר פאר די ציוניסטען, נאָר פאר אלע אידען אין רוסלאנד. איך האָב זיך באמיהט צו פועל'ן איינינע פארבעסערונגען אין זייער טרויעריגער לאגע, און האָב אויך דער־האַלטען די פארזיכערונג, אז אזעלכע דערלייכטערונגען וועלען אין גיכען באטראכט ווערען.

מעהר באדייטענד זיינען געווען די פארזיכערונגען, וועלכע איך איך האָב דערהאַלטען פאר דער ציוניסטישער באוועגונג. איך בין אין דער לאגע צו דערקלערען, אז די רוסישע רעגירונג וויל ניט לייגען קיינע שטערונגען אין וועג פון ציוניזם, אויב ער וועט ווי ביז איצט טראָגען א רוהיגען און געזעצליכען כאראקטער. ווייטער איז די רעגירונג גרייט מיטצוהעלפען ביים דעקען די נויטיגע געל־דער פאר אן עמיגראציע, וואס זאל געפירט ווערען פון אונז, ציונים־טען.

ענדליך, און דארויף דארף מען געוויס לייגען דאס גרעסטע געוויכט, איז די רוסישע רעגירונג גרייט צו אונטערשטיצען מיט איהר איינפלוס אונזערע באמיהונגען ביי זיין מאַיעסטעט דעם סול־טאַן וועגען קריגען פאלעסטינא.

יעדער קאָן איינזעהן ווי ווייט עס געהט די דערקלערונג, וועל־כע מיר איז דערלויבט איבערצוגעבען צום קאָנגרעס. אזא פאר־שפרעכען פון דער רוסישער רעגירונג איז א דיפלאָמאטישער גע־ווינס, וואס מען קאָן איהם ניט צו הויך אפשאצען. ניט נאָר איז באזייטיגט געוואָרען א געוואלטיגע שטערונג, נאָר עס איז אויף פלוצלונג צוגעקומען א מעכטיגע הילף. געוויס מוז מען פריהער אפוואַרטען איהרע ווירקונגען; מיר קאָנען אבער מיט אפגעפריש־

טען מוט און מיט גרעסערע אויסזיכטען ווי ווען עס איז פריהער ווייטער אנגעהן מיט אונזערע באמיהונגען פאר ארץ ישראל.

עס וועלען נאטירליך אויך איצט זיין מענשען, וואס וועלען ארויסזעהן נאר דאס ביטערע אין די פארטייען. די הילף פון די מעכטען, וועלען יענע לייט זאגען, איז ניט קיין פרעהליכער סימן, זיי ווילען פון אונז לויז ווערען אדער ווילען אונז ניט ארייגלאזען. גוט! אויב עס ליגט אין דעם אן עולה געגען אונזער פאלק, דאן וועלען מיר געבען דעם ענטפער דארויף אין דער צוקונפט' אין אונ־זער צוקונפט, אין אונזער לאנד! און דער ענטפער זאל באשטעהן אין הויבען העכער די מענשליכע אויפפיהרונג.